

# צום 80־יאָריקן געבורטסטאָג פון הערשל פּאָליאַנקער

די פײַערונג פון הערשל פּאָליאַנקערס 80־יאָריקן געבורטסטאָג איז אין קיִעוו, אינעם לאָקאַל פונעם רעפּובליקאַנישן שרײַבער־פאַרבאַנד, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יאָמטעוו פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. עפענענדיק דעם אָוונט, האָט דער באַוווּסטער אוקראַיִנישער דיכטער אבראם קאַצנעלסאָן אָפּגעמערקט די וויכטיקע ראָל, וואָס עס שפּילט דער יוביליאַר אין די שעפערישע קאָנטאַקטן צווישן די צוויי קולטורן און ליטעראַטורן „אויף דער ערד פון שעווטשענקאָ און שאָלעם־אַליכעמען". דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַרן ווערגעליס, וואָס איז געקומען קיין קיִעוו ספּעציעל צוליב די פײַערונגען, האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די באַדײַטונג פונעם הײַנטצײַטיקן פּעריאָד פון הערשל פּאָליאַנקערס שאַפונג אין דער ווידעראויפשטעלונג און אין דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער וואָרט־שאַפונג אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

אַ הויכע אָפּשאַצונג פון ה. פּאָליאַנקערס שאַפונג האָבן אין זייערע אַרויסטרעטונגען געגעבן דער סעקרעטאַר פון דער רעפּובליקאַנישע שרײַבער־פאַרוואַלטונג דמיטראָ פּאַוו־ליטשקאָ, דער פאָרזיצער פון דער רעפּובליקאַנישער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט איליא לעוויטאַס און די געסט פון פאַרשיידענע שטעט.

שלוימע בליינים

# סאָוועטיש
# היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאן פון שרײַבער־פאַרבאנד פון פססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע

יון





1991

# אינהאלט



■


**הויפּט־רעדאקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ. ביידער, ש. גאָרדאָן,

ט. גען, ב. מאָגילנער,

וו. מאָשטשענקאָ,

כ. מעלאמוד, ב. סאנדלער,

ה. פּאָליאנקער, ע. פּאגעל,

ג. עסטרײַך
**(פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר),**

י. שרײַבמאן

מ ו י ש ע   ג ע ר ש פ ע ל ד

# נישט אויסגעטראַכט

## 16. ניקאָלײַעוו

דעם גאַנצן זומער זײַנען אין לאַגער אַרומגעגאַן קלאַנגען, אַז די רויטע אַרמיי גייט פֿאָרויס און די דײַטשן גייען אָפּ צוריק. און וואָס מער זיי זײַנען געגאַן אָפּ צוריק, אַלץ מערער און מערער האָבן מיר זיך געשראָקן. דעריקערשט האָבן מיר מוירע געהאַט פֿאַר די עסעסאָווצעס. אין לאַגער איז געוואָרן שטאַרק שטרענג.

קאַלמען איז נאָך געזעסן לעבן ראַכלען, שטיל זיך געסוידעט באַ איר אויף דער לײַצע און נאָך אַפֿילע נישט געטראַכט אַהיים צו גיין צו זײַן פֿרוי. עס איז נאָך געווען פֿאַר האַלבער נאַכט, ווען עס האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין שטוב עטלעכע זשאַנדאַרן און ײִדישע פּאָליצײַען.

— אַלע מענער שוין אַרויסגיין!

באַהאַלטן זיך איז שוין געווען שפּעט, איך האָב נאָר אַראָפּגעשלעפּט די הויזן אויף זיך. מיט די שיך אין די הענט האָבן זיי מיך אַרויסגעטריבן אין דרויסן. קאַלמען איז גלײַך אַרויסגעגאַן און זיך אַוועקגעשטעלט אין דער קאָלאָנע, וואָס זיי האָבן שוין געהאַט צונויפֿגעטריבן פֿון אַנדערע שטיבער. איך שטעל זיך אַוועק לעבן קאַלמענען, בייג זיך אָן אָנצוטאָן די שיך, דערפֿיל איך אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע.

— וואָס בייגסטו זיך, דו ווילסט עפּשער אַנטלויפֿן?

איך גלײַך זיך קוים אויס און קוק זיך אַרום. עטלעכע זשאַנדאַרן היטן אונדז, און די איבעריקע לויפֿן פֿון איין שטוב אין דער צווייטער. מיט גוואַלדן און געשרייען טרײַבן זיי אַרויס אַלע מענער, — ווער ס'איז אָנגעטאָן, ווער ס'איז האַלב נאַקעט. די קאָלאָנע ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער.

אין קעלער פֿון דער זשאַנדאַרמעריע, וווּהין מע האָט אונדז אַרײַנגעפֿירט, האָבן מיר שוין געטראָפֿן ײִדן און צווישן זיי דערזע איך מײַן ברודער לייבן און גדאַליען. עס גלייבט זיך מיר נישט, עפּשער דערקען איך אים נישט, דעם גאַנצן זומער איז ער קימאַט נישט געווען אין לאַגער. איך מיט קאַלמענען גייען גלײַך צו צו אים.

— ווי קומסטו אַהער?

— איך בין פֿאַרנאַכט אָנגעקומען און זיך צוגעלייגט אַ ביסל אָפּרוען, באַ דיר אויף דער לײַצע, — זאָגט ער קאַלמענען, — איך האָב געוואַרט אויף דיר, זײַנען זיי פּונקט אַרײַן און מיך געפּאַקט.

— וואָס זאָל דאָס זײַן? אין דער צײַט נעמען זיי קיינמאָל נישט אויף קיין אַרבעט.

— וואָס עס זאָל נישט זײַן, וועל איך אַנטלויפֿן, — זאָגט גדאַליע, — אַבי עס וועט נאָר זײַן אַ מאָמענט.

---

פֿאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3 — 5, 1991.

אינדערפרי האָט מען אויסגערופן אייניקע פון דער קולטוס־געמיינדע, מוישעלע פּרי־מאַרס פריינט, און זיי אַפּגעלאָזט. אף זייער פּלאַץ האָט מען אָנגעבראַכט אויסגעמוטשעטע, אויסגעהונגערטע יידן, וואָס האָבן זיך קוים געהאַלטן אף די פיס. שפּעטער רופט מען אויס מייַן לייבן אויך. א זשאַנדאַר פירט אים אַרויס און אף זייַן אָרט ברענגט ער אַרייַן יאָסלען מיט א קליין בינטעלע אין דער האַנט.

— מוישע, — דערציילט ער מיר, — די מאַמע האָט באַצאָלט די פּאָליציייַען, מע זאָל אַרויסלאָזן לייבן, און מיך געשיקט אף זייַן אָרט. מע שיקט אַוועק ערגעץ אף אַרבעט. פון אַבאַדאָווקע האָט מען גענומען הונדערט צוואַנציק מענטשן.

— וועסטו דען קענען אַרבעטן? דו ביסט נאָך צו קליין.

— ווייַל איך בין נאָך א קליינער, וועט מען מיך עפּשער פון דאָרט אָפּלאָזן.

— און דו האָסט געוואָלט גיין?

— די פּאָליציייַען האָבן מיך גלייַך גענומען, איך האָב אפילע נישט באַוויזן עפּעס צו זאָגן.

— אַרויסגיין, אויסשטעלן זיך! — שרייַט איינער פון די זשאַנדאַרן, — גיכער, גיכער!

מיר גייען אַרויס פאַר דער זשאַנדאַרמעריע, שטעלן זיך אויס. אַרום אונדז שטייט א רינג פון זשאַנדאַרן. איינער פון זיי ציילט אונדז איבער.

פון יענער זייַט וועג הערן זיך קוילעס, געוויינען פון פרויען און קינדער, וואָס זייַנען געקומען זיך געזעגענען מיט אונדז פונווייַטנס. מע טרייַבט אונדז באַרג־אַרויף. פּלוצעם דערזע איך לעבן זיך עסטערן, זי האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך די זשאַנדאַרן און גיט מיר א בינטל מיט עסן, רוקט מיר אַרייַן אויך אין קעשענע א בינטעלע. די זשאַנדאַרן שטופּן זי אַוועק, זי פאַלט אום. אונדז טרייַבט מען ווייַטער. איך וויל זען, וואָס איז מיט איר.

— וואָס קוקסטו אף צוריק? — גיט מיר א זשאַנדאַר מיט דער גומענער קישקע איבערן קאָפּ.

יאָסל איז זייער איבערגעשראָקן, ער האַלט זיך אָן אין מיר, און מיר לויפן פּאָרויס דעם גאַנצן באַרג־אַרויף. ביז אין וואַלד אַרייַן האָבן זיי אונדז געטריבן לויפנדיק. פאַרן וואַלד האָבן זיי געהייסן זיך אויסשטעלן צו פיר אין א ריי, גיין גלייַך, נישט רעדן. איך דערמאָן זיך אין דעם בינטעלע, וואָס עסטער האָט מיר אַרייַנגעלייגט אין קעשענע, איך נעם עס אַרויס, ס'איז געלט. אַלע זיבעציק מאַרק האָט זי מיר אַוועקגעגעבן. דאָס גאַנצע, וואָס מיר האָבן געהאַט, זי האָט זיך אפילע נישט געלאָזט קיין איין מאַרק. פון וואָס וועלן זיי דאָרט לעבן? און וויאַזוי האָט זי זיך דורכגעשלאָגן דורך די זשאַנדאַרן? זיי האָבן זי דאָך געקענט דערהאַרגענען. אוי, ווי עס ווילט זיך בלייַבן לעבן! צוליב איר בלייַבן לעבן.

פאַרנאַכט זייַנען מיר אָנגעקומען קיין טשיטשעלניק, אין א סאַרייַ לעבן דער זשאַנ־דאַרמעריע האָבן מיר גענעכטיקט און אינדערפרי האָבן זיי אונדז געטריבן ווייַטער, קאַל־מען מיט גדאַליען זייַנען געגאַן אינאיינעם. אין אַלגאָפּאָל האָבן זיי פאַרקערעוועט אין א זייַט, אָבער עס איז זיי נישט געלונגען ווייַט אַוועק. די זשאַנדאַרן האָבן זיי געכאַפּט און שטאַרק געשלאָגן. קיין באַלטע זייַנען מיר אָנגעקומען שפּעט אין דער נאַכט. פון דער זשאַנדאַרמע־ריע האָט מען אונדז גלייַך אַוועקגעפירט צו דער באַן־סטאַנציע. אַן עשעלאָן האָט שוין גע־וואַרט אף אונדז. אין וואַגאָן האָט מען געקאָנט נאָר שטיין. ענג, איינער אַרייַנגערוקט אינעם אַנדערן זייַנען מיר אַזוי אָפּגעשטאַנען ביז אינדערפרי. אינדערפרי האָבן די זשאַנדאַרן אַרויס־גענומען עטלעכע מענטשן אין אַן אַנדער וואַגאָן.

— האָסט וואָס צו עסן, מוישע? — פרעגט מיך קאַלמען. פון בײדע מייַנע ווייַבער האָט איינע נישט געקענט צוברענגען עפּעס אף צו עסן.

איך צעבינד מייַן בינטל, דאָס שטיקל ברויט צעטייל איך אף פיר גלייַכע טיילן. מיר עסן אָפּ, דער צוג גייט שוין גאַנץ שנעל. מיר זעצן זיך אַוועק אפן דיל און הערן זיך צו צום רויש פון די רעדער. ווי זיי קלאַפּן אויס: „וווּהין פירט מען אונדז? וווּהין פירט מען אונדז?" יאָסל ווערט אַנשלאָפן זיצנדיק, אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט פונעם וואַגאָן. גדאַליע קוקט אף אים און פרעגט מיך:

— געלט האָסטו עפּעס, מוישע?

— זיבעציק מארק.

— גוט, נאָר איין זאך, — ער קוקט ווידער אף יאָסלען, — ווען יאָסל איז נישטאָ, זואָלסטו צוזאמען מיט אונדז אנטלאָפן.

— וועלן מיר אים אויך מיטנעמען, איך גיב אוועק אלעס.

— ניין, אים קאָנען מיר נישט מיטנעמען, — זאָגט גדאליע, — ער וועט נישט אויסהאלטן, קענען מיר אלע ארײַנפאלן.

איך ענטפער אים גאָרנישט. איך קוק אף יאָסלען, ווי ער ליגט אָנגעשפארט מיטן קאָפ בא די ברעטלעך און שאָקלט זיך אהין און צוריק. און דאָ קומט מיר אפן געדאנק דאָס, וואָס איך האָב אמאָל געלערנט אין כיידער, ווי יויסעפס ברידער האָבן ארײַנגעוואָרפן אין א גרוב מיט ווילדע כײַעס, אים אויסגעטאָן זײַן זײַדן העמדל, עס צעשטאָכן און געבראכט דעם פאָטער יאנקעוו: „א ווילדע כײַע האָט אים צעריסן". איך קוק אף יאָסלען, וואָס פאר א סימען זאָל איך ברענגען אונדזער פאָטער יאנקעוו? יאָסל גייט דאָך נישט אין קיין זײַדן העמדל, און וויאַזוי לאָזט מען אים איבער נאָך א קינד, בא די ווילדע כײַעס אין די צײַן?

— נו, וואָס זאָגסטו? איך ווארט אף אן ענטפער, — דערמאָנט מיר גדאליע.

— אָן יאָסלען גיי איך נישט אין ערגעץ, אויב פארפאלן ווערן, וועלן מירביידע צוזאמען.

גדאליע סוידעט זיך מיט קאלמענען, שפעטער פּרוווט ער אלע ברעטלעך פונעם פּאָל. ער זוכט אין אלע ווינקעלעך, עפשער וועט ער געפינען עפּעס א שטיקל אײַזן. גאָרנישט. זיי האָבן גוט אויסגערייניקט דעם וואגאָן. אין דרויסן ווערט פינצטער, אלע זײַנען אײַנגעשלאָפן זיצנדיק.

בא דער ניקאָלײַעווער בריק זײַנען געשטאנען פון איין זײַט בוג — די רומענער, און פון דער צווייטער — די דײַטשן. פון ביידע זײַטן זײַנען געווען לאגערן פאר ייִדן, וואָס מע האָט זיי אלע טאָג געפירט אף ארבעט צו דער בריק. פון יענער זײַט איז דער לאגער געווען אינעם דאָרף ווארוואריווקע, פון דער זײַט — אין טריכאטקע. אונדזער עשעלאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט בא א קליינער סטאנציע, ווו עס איז געווען אָנגעשריבן אף רומעניש טריכאטקע. די זשאנדארן האָבן אופגעריגלט די וואגאָנען און געהייסן ארויסגיין. פון יעדער וואגאָן האָט מען ארויסגעטראָגן ווו איינעם, ווו צוויי טויטע.

גלײַך פון די וואגאָנען האָט מען אונדז אוועקגעפירט צו דער בריק און געהייסן טראָגן שטיקער רעלסן, דרוקעס, שטיינער. זעקס ייִדן האָבן מיר געטראָגן א רעלס. ס'האָט אונדז אוזש אײַנגעבראָכן. אין דעם ראש און אין דעם טומל האָב איך פארלאָרן יאָסלען, ער האָט ערגעץ געטראָגן שטיינער. קאלמענען מיט גדאליען האָב איך אויך פארלאָרן, איך צערעד זיך מיט דעם ייִדן, וואָס גייט מיט מיר אין דער פּאָר, ער דערציילט מיר:

אלע צוויי־דרײַ טעג ברענגט מען אָן אן עשעלאָן ייִדן, און דאָ הארגעט מען זיי אויס. זיי גייען דורך, ווי דורך א פליישׂ־מאשינקע. די ארבעט איז שטארק שווער. עסן גיט מען א גלאָז טוכלע פּאפּשוי אפן גאנצן טאָג.

איך זוך מיט די אויגן יאָסלען, איך קוק אומעטום, נאָר ער איז ווי אין וואסער ארײַן. דער טומל אף דער בריק איז גרויס. די דײַטשן לויפן ארום מיט הינט און אײַלן אונדז אונטער. אייניקע רייצן אָן די הינט אף די ייִדן. זיי שטייען און קוועלן אָן, ווי דער ייִד ראנגלט זיך מיטן הונט. פאר אונדז האָבן אנדערע זעקס ייִדן אויך געטראָגן א רעלס, איינער פון זיי האָט ניט אויסגעהאלטן, אראָפּגעשלײַדערט פון זיך דעם רעלס און זיך ארײַנגעוואָרפן אין בוג. דער דײַטש, וואָס איז געגאן נאָך זיי, האָט אראָפּגעכאפּט דעם אווטאָמאט און אים נאָכגעשאָסן אין וואסער.

יאָ, עס איז א פליישׂ־מאשינקע. דער ייִד, וואָס כ'גיי מיט אים אין איין פּאָר, איז גערעכט.

— שנעלער, שנעלער! — שרײַען די דײַטשן.

— וואָס ברענט אזוי די הויט אף זיי? — פרעג איך בא מײַן פּאָר.

— זיי זײַנען זייער בייז, א גאנצן טאָג בויען זיי די בריק, בײַנאכט פליִען אָן די רוסן און באָמבארדירן. צעברעכן אלעס, וואָס מע האָט געמאכט פארן טאָג.

וויַזט אויס, דער פראָנט איז נישט וויַט, טראַכט איך בא זיך. פאַרנאַכט הערן מיר שריַען:

— אַלע, וואָס זיַנען היַנט אָנגעקומען, אויסשטעלן זיך באַזונדער.

עס שטעלן זיך אויס דריַ קאַלאָנעס, איינע פון וואַרוואַריווקע, די צווייטע — פון טרי־כאַטקע, און מיר — די, וואָס זיַנען היַנט אָנגעקומען.

יאָסל האָט מיך אָפּגעזוכט און שטעלט זיך אַוועק לעבן מיר. ער וויַזט מיר זיַנע הענט, וואָס זיַנען צעקלאַפּט פון די שטיינער, וואָס ער האָט געטראָגן. גדליע מיט קאַלמענען שטעלן זיך אויך אַוועק לעבן אונדז.

— פאָרויס גיין, — קאָמאַנדעווערט א רומענישער זשאַנדאַר.

— מיר וועלן זיַן דאָ, בא די רומענער, — זאָגט גדליע שטיל, — גוט, וואָס מיר זיַנען נישט אַריַנגעפאַלן צו די דיַטשן.

בא א טויער פון שטעכלדראָט פירט מען צוערשט אַריַן די ייִדן, וואָס זיַנען דאָ פון פריִער. אונדז ציילט מען איבער, מע גיט יעדן א גלאָז פּאַפּשוי־מעל און מע פירט אונדז אַריַן אין א לאַנגן באַראַק, וווּ עס ליגן עטלעכע קראַנקע ייִדן, וואָס האָבן שוין נישט גע־קענט זיך אופהייבן צו גיין אַף דער אַרבעט.

דער באַראַק איז אויך אַרומגענומען מיט שטעכלדראָט. אַרום אים דרייען זיך אַהין און צוריק צוויי זשאַנדאַרן. מיר זיַנען אַרויסגעגאַן מאַכן פיַער, קעדיי אָפּצוקאָכן דאָס ביסל פּאַפּשוי־מעל, וויַל ווי נאָר עס וועט פינצטער ווערן, טאָר מען שוין קיין פיַער נישט מאַכן. דאָס וואַסער האָט זיך נאָך גוט נישט אָנגעוואַרעמט, איז שוין געגאַן איינער מיט א גומע־נער קישקע אין האַנט און אַריַנגעטריבן צוריק אין באַראַק. מיר האָבן אויסגעמישט דאָס פּאַפּשוי־מעל אין וואַרעמען וואַסער און אַזוי געגעסן.

— ווער איז דער, וואָס שלאָגט אַזוי און טריַבט? — פרעג איך.

— אָ, איר ווייסט נאָך נישט. דאָס איז דער עלטסטער איבערן לאַגער — אייקעליס. א ייִד, וואָס איז נאָך ערגער, ווי די זשאַנדאַרן. אין לאַגער איז ער באַלעבאָס. באַנאַכט גייט ער צוזאַמען מיט די זשאַנדאַרן באַזוכן די ייִדן, צי זיי האָבן עפּעס געלט אָדער גאָלד. אַלעס נעמען זיי צו, אָדער זיי טוען אַזוינס, אַז מע מוז זיי אַליין אַוועקגעבן.

עס פאַלט צו די נאַכט, עס ווערט אַלץ טינקלער און טינקלער. אייקעליס טריַבט נאָך אַריַן א פּאָר ייִדן. אין לאַגער ווערט שטיל ווי אַף א בעסוילעם. מיר זעצן זיך אַראָפּ אַף דער ערד לעבן דער טיר. גדליע זעצט זיך אַראָפּ לעבן מיר.

— וואָס האָסטו דאָרט אין קעשענע עפּעס א לאַנגע זאַך?

איך נעם אַרויס פון דער קעשענע א שטיקל איַזן.

— טראַכסט עפּשער אַליין אַנטלויפן? — פרעגט מיך גדליע.

— פאַרוואָס אַליין? מיט יאָסלען.

— יאָסל איז נאָך אַזוי קליין און שוואַך.

— ער איז שוין נישט קליין און נישט שוואַך, אַז ער האָט געקענט אויסהאַלטן דעם היַנטיקן טאָג.

יאָסל הייבט אוף די הענט און קוקט אַף זיי אין דער פינצטער. ער האָט שוין אַזויפיל איבערגעלעבט, מער ווי אַנדערע גרויסע. ער וועט אויסהאַלטן.

— וויִאַזוי זשע טראַכסטו עס צו טאָן? עפּשער וועלן מיר אויך גיין מיט איַך. קאַלמען, גדליע און יאָסל בייגן זיך צו צו מיר.

— איך האָב אויסגעקוקט דעם גאַנצן לאַגער. די לענג פונעם פּלויט איז אַן ערעך א האַלבער קילאָמעטער. עס היטן אים צוויי זשאַנדאַרן. איינער פון דער זיַט, און דער אַנ־דערער פון יענער זיַט. די זשאַנדאַרן דרייען זיך אַהין און צוריק. אמיינסטן גייען זיי אַף דער מיט. ביז אין די עקן גייען זיי נישט צו. איך האָב די גאַנצע ציַט נאָכגעקוקט, ביז־וואַנען זיי גייען. אונדזער באַראַק שטייט נישט וויַט פונעם פּלויט. איך טראַכט: עס וועט גוט פינצטער ווערן, וועלן מיר שטיל אַרויסקריכן פונעם באַראַק און מיט דעם שטיקל איַזן, וועלן מיר, ליגנדיק אַף דער ערד, אויסגראָבן אין ווינקל, וווּ דער זשאַנדאַר קומט נישט צו, א גריבל אונטער די דראָטן דורכצוקריכן, איך האָב היַנט בא דער אַרבעט געהערט, אַז

באנאכט קומען די רוסישע אעראָפּלאַנען באָמבארדירן די בריק, פּונקט אין דער סומאטאָכע איז גוט צו אנטלויפן.

— און טאָמער דערהערט מען?

— איז אַלצייגס, פונדאנען קיין לעבעדיקער קערט זיך נישט אום קיינער. וועלן מיר פארשפּאָרן זיך צו מוטשען.

גדאַליע קוקט זיך איבער מיט קאַלמענען, איך קוק אף זיי ביידע, צי זיי לאַכן נישט פון מײַן פּלאַן.

— איז נאָך די נאכט טראַכסטו דאָס אָפּצוטאָן?

— נישט נאָר די נאכט, נאָר באַלד טאַקע, טראַכט איך, זיך נעמען גראָבן, אַז ביז די אעראָפּלאַנען וועלן קומען, זאָל שוין אַלץ זײַן גרייט. ווער ווייסט, וועמעס גורל וועט מאָרגן זײַן, צי וועט מאָרגן נאָך האָבן ווער צו אנטלויפן.

גדאַליע נעמט דאָס שטיקל אײַזן אין דער האַנט, באַקוקט עס פון אַלע זײַטן.

— און איך האָב געטראַכט ערשט מאָרגן געפינען, מיט וואָס איבערצושנײַדן דעם דראָט און גוט אויסקוקן דעם ארום פונעם לאַגער, נאָר מאָרגן קען טאַקע שוין זײַן שפּעט.

— גייט איר אויך?

— איך וועל שפּעטער דיך קומען בײַטן.

איך נעם איבער דאָס שטיקל אײַזן, לייג עס אַרײַן אין קעשענע, און אזוי, ליגנדיק, קריך איך ארויס פונעם באַראַק. עס איז שטאַרק פינצטער. א טויטע שטילקייט ארום, עס הערן זיך נאָר די טריט פונעם זשאַנדאַר. איך קריך אַוועק גאַנץ ווײַט אין ווינקל, בלײַב ליגן לעבן די דראָטן. איך האַלט אײַן דעם אָטעם. די טריט הערן זיך אַלץ ווײַטער און ווײַטער. כ׳נעם זיך גראָבן. עס גייט גאַנץ לײַכט. די ערד איז א זאַמדיקע. איך האָב נאָר אופגעגראָבן דעם אייבערשטן שיכט, האָב איך מיט די הוילע הענט ארויסגעשאַרט די זאַמד און זי צעשיט וואָס ווײַטער, עס זאָל נישט ווערן קיין בערגל. איך פּרוּוו מיט א האַלבן קערפּער דורכקריכן אזוי, כ׳זאָל דאָס דראָט נישט אָנרירן. עס געלינגט. איך נעם דאָס שטיקל אײַזן און קריך צוריק אין באַראַק.

— וואָס איז געשען? וואָס ביסטו שוין צוריק, האָסט עמעצן באַמערקט? — פרעגט גדאַליע.

— איך בין שוין געווען מיט א האַלבן קערפּער פון יענער זײַט. די גרוב איז שוין פאַרטיק, די ערד איז דאָ א זאַמדיקע.

— לאָמיר זיך צונויפרעדן, ווער ווען זאָל קריכן, — זאָגט גדאַליע, — זאָל קאַלמען צוערשט דורכקריכן און וואַרטן דאָ ניט ווײַט אף אונדז. דערנאָך וועסטו מיט יאָסלען דורכקריכן און צולעצט איך. אופהייבן זיך זאָל קיינער נישט, ביז איך וועל נישט קומען.

מיר בלײַבן זיצן שטיל און הערן זיך צו. די ייִדן ליגן אויסגעלייגט אף דער הוילער ערד, אייניקע שלאָפן, אייניקע קרעכצן שטיל פון דעם שווערן טאָג ארבעט.

— איר הערט? — זאָגט גדאַליע שטיל.

מיר האַלטן אײַן דעם אָטעם. יאָ, מע הערט פלִיִען אעראָפּלאַנען. אַלץ נעענטער און שטאַרקער. דאָס האַרץ הייבט אָן שטאַרק צו קלאַפּן, זיי פלִיִען, זיי דרייען זיך שוין איבער אונדז. עס שיסן שוין די זעניטקעס.

— קאַלמען, — זאָגט גדאַליע, — קריך.

קאַלמען קריכט ארויס. א קאַלטער שווייס באַגיסט מיך. און דאָ דערהערט זיך א שטאַרקער הילך פון אן אופרײַס, דער גאַנצער באַראַק ציטערט, ער וועקט אוף אַלעמען, נאָר קיינער הייבט זיך נישט אוף פונעם אָרט.

נאָך א פּאָר מינוט קריך איך ארויס, און יאָסל נאָך מיר. באַם פּלויט בלײַבן מיר ליגן. איך הער זיך צו ווו דער זשאַנדאַר איז. די זעניטקעס שיסן ווידער. די פּראָזשעקטאָרס באַלײַכטן א שטיק הימל, און באַלד ווערט נאָך פינצטערער.

— קריך, — זאָג איך יאָסלען, — דאָס דראָט ריר נישט אָן, עס קען זײַן מיט עלעקטרע.

יאָסל קוועטשט זיך צו צו דער ערד.

איך קריך נאָר דורך, הער איך שוין הינטער זיך גדאליען. מיר רוקן זיך נאָך עטלעכע מעטער אפן בויך. אלע פיר טרעטן מיר דערנאָך אריַין אין וואסער ביז העכער די קני. פון יענער זיַיט טיַיכל גייען מיר גיך. ווּהין ווייסן מיר נישט, נאָר וויַיטער, אלץ וויַיטער איבער די פעלדער, וויפל דער קויעך טראָגט, ביז מיר זיַינען ארויס אף א פעלד, ווּ עס זיַינען נאָך געשטאנען די שטעקנס פון סאָנישניק אָן די קעפּ. ווען מיר גייען אריַין צווישן די שטעקנס, הייבט שוין אָן צו טאָגן.

— דאָ קען מען זיך אָפּרוען, — זאָגט גדאליע. — גיין באטאָג איז געפערלעך, און מיר ווייסן דאָך נישט, ווּ מיר זיַינען. אז די זון וועט אופגיין, וועל איך וויסן, ווּהין צו גיין, נאָר ביז באנאכט גייען מיר אין ערגעץ נישט. און עפשער וועט איבערן טאָג זיך איַינגעבן צו דערוויסן, ווּ מיר זיַינען.

מיר זעצן זיך אראָפּ אף דער ערד, ווישן זיך אָפּ דעם שוויס, גדאליע לייגט זיך אני-דער און ווערט באלד אנשלאָפן.

— מוישע, ער כראָפּעט, — זאָגט יאָסל. — איך האָב מוירע, מע זאָל נישט דערהערן.

— ווער וועט דערהערן, ווער איז דען דאָ אפן פעלד? האָסט נישט מוירע געהאט דורכצוקריכן, האָסטו דאָ מוירע?

יאָסל קליַיבט צונויף קערלעך פון סאָנישניק, וואָס האָבן זיך אָפּגעשיט, און קנאקט זיי געשמאק. קאלמען שלאָפט שוין אויך. איך זיץ לעבן יאָסלען און הער זיך צו צו יעדן שאָרך. פונדערוויַיטנס הערט מען פאָרן מאשינען. וויַיזט אויס, ערגעץ גייט דאָ דורך א וועג.

נאָך א שטיק ציַיט, די זון איז שוין געווען הויך, כאפּט זיך אוף גדאליע.

— נו, וואָס הערט זיך?

— עס פאָרן די גאנצע ציַיט מאשינען.

קאלמען הייבט זיך אויך אוף.

— זיצט איר דאָ, — זאָגט גדאליע, — און איך גיי ארויס צום וועג. איך מוז זיך דערוויסן, ווּ מיר זיַינען.

איך מיט קאלמענען ווארטן אָנגעשטרענגט אף גדאליען. פון יעדער שאָרך גיט א זעץ אין הארצן. נאָר אָט הערט מען, ווי די שטעקנס ברעכן זיך.

איך הייב זיך א ביסל אוף. עס איז נישט איינער, צוויי מענטשן גייען גליַיך אהער. ווער ווייסט, ווער זיי זיַינען.

— איך בין עס, — זאָגט גדאליע נאָך פונוויַיטנס.

ער קומט צו נעענטער. מיט אים גייט אן אלטער פויער.

— איר זענט אנטלאָפן, — זאָגט דער אלטער, — זענט איר טאקע בראווע ליַיט. מיר ווייסן, וואָס עס טוט זיך בא דער בריק. מע פירט אהין אלע טאָג ייִדן, זיי פאלן דאָרט, ווי די פליגן, וויפל זענט איר דאָרט געווען?

— איין טאָג און א שטיקל נאכט.

— גוט האָבן די רוסן זיי געגעבן די נאכט. מיר האָבן געהערט אזש אהער.

— וואָס זשע, מיר זיַינען נאָך נאָענט פון דאָרט? — פרעג איך דערשראָקן.

— איר זענט גענוג אָפּגעלאָפן, אריבער צוואנציק קילאָמעטער, באנאכט הערן זיך שטארק באָמבעס. איר זענט מיסטאם גוט הונגעריק, און איך פלאפל. זיצט דאָ, איך זאָל איַיך קענען געפינען, איך וועל באלד ווידער קומען.

— גדאליע, — פרעג איך, — וואָס האָסטו זיך אזויפיל געזאמט, און ווער איז דער מענטש, ער זאָל נישט...

— וואָס זאָל ער נישט?.. איך וויים שוין גוט, מיט וועמען מע מעג רעדן. איך בין געלעגן זייער לאנג באם וועג און אלץ געקוקט, א סאך זיַינען דורכגעגאן, וואָס איך האָב מוירע געהאט זיי אָפּשטעלן, ער איז געגאן און געקוקט אף דעם פעלד, האָב איך זיך שטיל ארויסגערוקט און געבעטן בא אים צו פארייכערן.

— קום אריַין צוריק צווישן די שטעקנס, — זאָגט ער מיר און קוקט זיך ארום. ער

האָט געמיינט, איך בין אַ פּאַרטיזאַן, נאָר אַז ער האָט געזען, איך האָב נישט קיין געווער, פרעגט ער מיך: — ביסט אַ ייִד?

— יאָ, — זאָג איך, — איך בין אַנטלאָפן פונעם לאַגער, איך ווייס נישט, וווּ איך געפין זיך.

— דאָ, — זאָגט ער, — איז די גרענעץ צווישן ניקאָלײַעווער און אָדעסער געגנטן. — דערנאָך האָב איך אים געזאָגט, אַז איך בין נישט אַליין.

גדאַליע דערציילט, אַז אויפן וועג פאָרן אַ סאַך מאַשינען און מאָטאָציקלען מיט דײַטשן, זיי פאָרן אַלץ צום פראָנט, צוריק זעט מען אויך פאָרן קאַלאָנעס מיט מאַשינען, וואָס פירן ארויס דאָס ברויט און אַנדערע זאַכן פון דער אוקראַיִנע, דער וועג זידט ווידער אַזוי ווי אָנהייב מילכאָמע. דער פראָנט איז נישט ווײַט פונדאַנען.

— ער גייט, — כאַפּט זיך גדאַליע, — איך האָב אַנדערש ניט געטראַכט.

— איך האָב זיך פאַרהאַלטן אַף אַ סאַך. — זאָגט דער פויער, — עס איז נישט נאָענט צום דאָרף, און ביז די אַלטיטשקע האָט עפּעס געמאַכט, האָט געדויערט, — פאַרענטפערט ער זיך פאַר אונדז, — נעמט עסט, ביז ס'איז נאָך וואַרעם.

ער שטעלט אַנידער אַף דער ערד אַ טאָפּ קאַרטאָפל, אָפּגעזאָטענע מיט דער שאָלעכץ.

— אָט האָט איר זאַלץ, נעמט צו שטיקלעך ברויט, איך האָב געוואָלט וואָס גיכער, האָב איך נישט געלאָזט די קאַרטאָפל אָפּשיילן.

— אי קאַרטאָפל, אי ברויט איז צו אַ גרויסער לוקסוס פון אונדזערטוועגן.

— קאַרטאָפל וועלן מיר עסן, אָבער נישט אַלע, וואָס איר האָט געבראַכט, — זאָג איך, — דאָס ברויט און עטלעכע קאַרטאָפל וועלן מיר לאָזן אַפן וועג.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב מאַרקן, וויל איך אים באַצאָלן פאַר דעם עסנוואַרג.

— וואָס, — זאָגט ער, — באַליידיקט איר מיך? איך קען אפילו נישט לײַדן זייער געלט... נאָר קיין סאַך וועט עס שוין נישט געדויערן.

ביז אָפּדערנאַכט איז ער געזעסן מיט אונדז, דערציילט, וואָס די פאַשיסטן טוען אין די דערפער, וויִאַזוי די פאַרטיזאַנער קעמפן מיט זיי. ער האָט אונדז אויסגעמאָלט אַף דער ערד אַ פּלאַן, וויִאַזוי מיר דאַרפן גיין, אָנגעזאָגט, מיר זאָלן זיך האַלטן די גאַנצע צײַט אין דער זײַט פונעם צענטראַלן וועג. געזעגנט האָט ער זיך מיט יעדן באַ דער האַנט.

— דו ביסט דאָך נאָך אַ קינד, — זאָגט ער צו יאַסלען, ווען ער גיט אים די האַנט, — פון דיר האָבן זיי געוואָלט אַרבעט? גייט, קינדער, גייט, און זאָל זײַן מיט גליק.

ער איז לאַנג געשטאַנען און אונדז נאָכגעקוקט.

אַ גאַנצע נאַכט זײַנען מיר געגאַן, האַלטנדיק זיך באַ דער זײַט פונעם וועג, קעדיי נישט צו פאַרלירן דעם מאַרשרוט, פאַרטאָג האָבן מיר אויסגעזוכט אַ וועלדל און אין אַ געדיכט אָרט זיך געלייגט אָפּרוען.

אַף דעם פינפטן טאָג זײַנען מיר צוגעקומען צו באַלטע, אַרײַנגיין אין שטאָט האָבן מיר מוירע געהאַט און אויסמײַדן זי האָבן מיר נישט געוווּסט וויִאַזוי. מיר זײַנען געבליבן זיצן אין אַ טאָל, און גדאַליע גייט ווידער צום וועג. אין עטלעכע מינוט אַרום קערט ער זיך אום.

— קומט, קומט גיכער! הײַנט איז זונטיק. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער גייען קיין באַלטע אַפן יאַריד. מיר וועלן זיך אויסמישן מיט זיי און אויך אַרײַנגיין אין שטאָט. באַטאָג וועלן מיר איבערזײַן אין געטאָ. און באַנאַכט וועלן מיר זען, וואָס מיר האָבן צו טאָן.

אַפן וועג פרעגן מיר אַלץ אויס, וויִאַזוי דורכצוגיין די שטאָט, און וווּ דער מאַרק איז.

דער ערשטער ייִד, וועלכן מיר האָבן באַגעגנט, האָט אונדז געהייסן שוין זיך באַהאַלטן.

— די פּאָליצײַען וועלן אײַך כאַפּן, שיקט מען אײַך טייקעף אַוועק. מע דערקענט אַף אײַך, אַז איר זענט אָנגעקומענע.

— ווי זשע קען מען זיך אויסבאַהאַלטן ביז אָפּדערנאַכט?

— קומט מיט מיר. נאָר שוין! איך בין אַ באַלטער אַ געבוירענער, אַלע אומגליקן זײַנען דאָ דורכגעגאַן פאַר מײַנע אויגן. קומט, איך וועל אײַך אויסבאַהאַלטן און אַרויספירן

פון דער שטאָט. אין קעלער בא מיר וועט אײַך קיינער נישט געפינען. ער איז אזוי פאַר־מאסקירט, אז אפילע די פעטליוראַוּוצעס אין דער צײַט פון די פּאַגראָמען האָבן אונדז דאָ נישט געפונען. גיי וייס, אז דער קעלער וועט ווידער צוניץ קומען אויסצובאהאלטן אן אנדער דאָר ייִדן.

אפן פארטאלויטשעטן שטרוי אין דער פינצטער האָבן מיר זיך באלד אנידערגעלייגט. גדאליע איז גלײַך אנשלאָפן געוואָרן.

— ער כראָפּעט שוין, — זאָגט יאָסל ווידער.

— דאָ מעגסטו אויך שלאָפן, דאָ וועט אונדז אוואדע קיינער נישט הערן.

אין א פאָר שאָ ארום איז אריײַנגעקומען דער באלעבאָס.

— איר האָט עפּעס געלט, וועל איך אײַך קויפן עסן. אף דער גאס איז אומעגלעך זיך ארויסצוווײַזן. די זשאנדארן כאפּן יעדן יונגן מענטשן און פירן זיי אוועק צו דער סטאנציע.

איך גיב דעם באלעבאָס פינף מארק. ער קומט אינגיכן מיט א ברויט און עטלעכע ציבעלעס.

— דאָס האָב איך קוים געפונען. אין עטלעכע קריסטלעכע שטיבער געווען. מע וויל נאָר אויסבײַטן. פאר געלט וויל מען גאָרנישט פארקויפן.

גדאליע מיט קאלמענען כאפּן זיך אויף. מיר זײַנען אלע טאקע גוט הונגעריק און נע־מען זיך באלד צום עסן. דער באלעבאָס זעצט זיך אנידער לעבן אונדז אפן שטרוי.

— קינדער, — זאָגט ער, — איך בין שוין א ביסל דורכגעגאַן אין מײַן לעבן, אלץ האָב איך געזען נאָר נישט אזוינס, וואָס עס קומט איצטער פאָר. נאָר טראכט נישט, אז זיי וועלן אויסהארגענען אלע ייִדן. עמעס, א גרויסן טייל פון אונדז האָבן זיי אויסגעשאָסן, פון הונגער פארדאָרבן, זיך זדיקעוועט איבער אונדזערע קינדער...

בא דעם וואָרט, דערפיל איך אין דער פינצטער, אז דער ייִד וויינט.

— וואָס איז מיט אײַך?

— איך האָב קיינמאָל אף מײַן לעבן נישט געוויינט, און איצט, אז איך הייב נאָר אָן רעדן, שטיקן מיך די טרערן אין האלדז.

מיר פארגעסן אין ברויט מיט די ציבעלעס. דער ייִד ווישט אויס מיטן ארבל די אויגן און דערציילט:

— מײַן אײדעם איז אפן פראָנט, פון אים וייס איך גאָרנישט. איך מיט מײַן טאָכ־טער אוןביידע אייניקלעך האָבן נישט באוויזן זיך צו עוואקויִרן... ווי נאָר די דײַטשן זײַנען ארײַן אין שטאָט, האָבן עטלעכע פאשיסטן זיך ארײַנגעריסן צו אונדז אין שטוב. דערזען די צוויי אייניקלעך מײַנע, צוויי אויצרישע צורעס, די קלענערע פון דרײַצן יאָר, די על־טערע — נאָך קיין פופצן נישט אלט, האָבן זיי גענומען שלעפּן די קינדער אין דרויסן ארויס. מײַן טאָכטער האָט ארומגעכאפּט אירע קינדער, זיי צוגעהאלטן, נישט געלאָזט זיי שלעפּן, האָט איינער ארויסגעכאפּט דעם פיסטאָלעט און זי דערשאָסן. די אייניקלעך האָבן זיי ארויסגעשלעפּט אין גאָרטן. דאָ כויזעק געמאכט פון זיי און דערנאָך מיט די באגנעטן זיי דערשטאָכן. מיך האָט איינער געהאלטן אונטערן אווטאָמאט, איך זאָל נישט שרײַען. אלעס איז פאָרגעקומען פאר מײַנע אויגן. אז די פאשיסטן זײַנען אוועק, האָב איך באנאכט אויסגעגראָבן א גרוב אין ווינקל פונעם גאָרטן און דאָרט פארפלאנצט מײַן טאָכטער מיט ביידע אייניקלעך. פון דעמלט אָן גיי איך ארום איינער אליין מיט פארקריצטע ציין און וייס נישט, וואָס מיט מיר איז. אָט שטייען זיי איצט פאר מײַנע אויגן, אָט שלעפּן זיי די פאשיסטן ארויס אין דרויסן. איר הערט נישט? ער האָט אויסגעשאָסן, זי פאלט און לאָזט אָפּ די קינדער. איר הערט נישט מײַנע אייניקלעכס גוואלדן? זייער שטיל קרעכצן? איר זעט נישט א טײַך בלוט ארום זיי? און איך, איך אליין האָב נאָך געהאט קויעך, זיי מעקאַ־בער צו זײַן.

דער ייִד ווישט מיטן אנדערן ארבל אויס די אויגן, אין קעלער ווערט שטיל. קיינער פון אונדז וואָגט נישט ארויסצורעדן א וואָרט.

ס'האָט לאנג געדויערט ביז דער ייִד איז ווידער געקומען צו־זיך:

— איר האָט, דאכט זיך, מיך עפּעס געוואָלט פרעגן?

— יאָ, — זאָגט גדאַליע, — וויאַזוי קענען מיר זיך ארויסכאַפּן פונדאַנען?

— ביז דער בריק וועל איך אײַך צופירן. נאָר ערשט נאָך האַלבער נאַכט. פון דער בריק גייט א גלײַכע גאַס, די גאַנצע צײַט באַרג־אַרויף. פון ביידע זײַטן גאַס זײַנען אויסגעגראָבן צוויי טיפע קאַנאַוועס, די וואַסערן זאָלן אַפּלויפן. אָט אין די קאַנאַוועס וועט איר דאַרפן קריכן דעם גאַנצן באַרג־אַרויף. קריכן זאָלט איר פון דער לינקער זײַט, ווײַל אויף דער רעכטער זײַנען די קאַזאַרמעס. עס איז זייער א געפערלעכער שטיקל וועג, נאָר מע קען עס נישט אויסמײַדן. דערווײַל עסט אָפּ, שלאָפט אײַך אויס. איך וועל קומען אײַך רופן, ווען מע וועט דאַרפן גיין.

זייער לאַנג נאָך דעם ייִדנס ארויסגיין האָבן מיר זיך נישט געקענט נעמען עסן.

— איר ווייסט וואָס איך טראַכט? — זאָגט קאַלמען. — זאָל זײַן, אז עס וועט אונדז יאָ אײַנגעגעבן זיך ארויסצוגיין פון באַלטע, וווהין וועלן מיר גיין ווײַטער? אומקערן זיך קיין אָבאָדאָווקע איז דאָך אומעגלעך. די זשאַנדאַרן, די פּאָליצײַען וועלן אונדז דערזען, וועט גוט נישט זײַן...

— צוערשט לאָמיר זיך ארויסרײַסן פונדאַנען, — זאָג איך, — שוין גלײַכער געווען נישט ארײַנצוגיין אהער.

פאַרנאַכט איז דער ייִד ארײַנגעקומען.

— איצט קען איך א ביסל זיצן מיט אײַך. נאָך א טאָג אַוועק, די לעצטע צײַט פירן זיי זיך ווי פאַרן טויט, אזוי אַרבעט מיט זיי. די מאַשינען טראָגן זיך איבער דער שטאָט. זיי, די דײַטשן, מיין איך, לויפן ארום הין און צוריק מיט די הינט. הינט האָבן זיי אָן א צאָל. אין שטאָט איז אזא מאַרעשכוירע, אזש די גאַסן וויינען. נאָר איידער איך וועל אײַך ארויספירן, וויל איך עפּעס הערן וועגן אײַך. ווער זענט איר? איך דערקען אויף אײַערע פּנעמער, אז איר האָט נישט ווייניקער פון מיר איבערגעלעבט.

— די צײַט, וואָס מיר האָבן נאָך צו זײַן דאָ בא אײַך אין קעלער, — זאָג איך, — וועט נישט סטײַען אפילע צו דערציילן נאָר פון איין טאָג. אָבער ס'איז ניט אזוי שרעקלעך, ווי וואָס איר טראָגט אין אײַער האַרץ.

— יאָ, יאָ, קינדער, ווער קען דען פילן מײַן האַרץ? גאַנצע נעכט זיץ איך אָפּ בא זיי אפן קייווער, דאָס אָרט איז פאַרוואַקסן מיט גראָז, און ווען איך זאָל נישט צוגיין, ווײַזט זיך מיר אויס, אז די ערד הייבט זיך. צי דאָס ציטערן מיר די פיס? וואָס וועל איך זאָגן מײַן איידעם, דעם פאָטער, אז ער וועט זיך אומקערן פונעם פראָנט? איך, דער אַלטער נאַר, בין געבליבן... צו וואָס?

— וואָס הייסט צו וואָס? צוליב דעם, איר זאָלט טאָן דאָס, וואָס איר טוט.

— וואָס טו איך דען? איך וואָלט נאָר געוואָלט דערלעבן כאָטש איין טאָג צו זען זייער סאָף, די נעקאָמע. און אז מײַן איידעם וועט זיך אומקערן, זאָל איך אים איבערגעבן דאָס אָרט אין גאָרטן, זאָל ער וויסן, ווו זיי ליגן און וויאַזוי זיי זײַנען אומגעקומען. איך שטאַרק זיך, איך האַלט מיך אויף די פיס מיט אַלע קויכעס, נאָר צוליב דעם, אז ער זאָל וויסן. ווײַל טאָמער וועל איך שטאַרבן, וועט קיינער זיך נישט פאָרשטעלן, אז דאָרט אין ווינקל...

דער ייִד ווישט ווידער די אויגן מיטן אַרבל.

— נו, קינדער, קומט, עס דאַרף שוין זײַן האַלבע נאַכט. איך בין דורכגעגאַן דעם וועג, גוט אויסגעקוקט דורכוואַנען אײַך צו פירן. מירן גיין מיט די גערטנער, דורך די הינטערגעסלעך, איך וועל גיין פאָרויס, און איר צו צוויי גייט מיר נאָך שטיל.

דער ייִד טרעפט אין דער פינצטער דאָס טירל פונעם קעלער, מיר גייען ארויס אין גאָרטן. די פרישע לופט פון דער וואַרעמער אָסיענדיקער נאַכט שנײַדט אונדז דורך. עס כאַפּט דער קאָפּ פון שאַרפקײַט. דער הימל איז אויסגעשטערנט. ארום איז שטיל, עס הערט זיך נאָר פאַלן די בלעטלעך פון די ביימער.

דער ייִד פאָרעט זיך באַם טירל פונעם קעלער. פאַרלייגט עס אזוי, אז מע זאָל ווידער נישט דערקענען, צי עס איז דאָרט א קעלער.

— קומט, — זאָגט ער שטיל. ער פירט אונדז אריַין גאנץ טיף אין א ווינקל פון גאָרטן.

— אָט דאָ ליגן זיי, דאָ זיץ איך גאנצע נעכט.

מיר בלײַבן שטיין און קוקן אפן קליינעם בערגעלע ערד, וואָס איז שוין אינגאנצן פארוואקסן. באם ייִדן אף די באקן בליאסקען צוויי גרויסע טרערן, ווי צוויי שטערן. ער ווישט זיי נישט אָפּ.

— קומט, קינדער.

ער פירט אונדז דורך גערטנער, דורך הינטערגעסלעך. נאָך א שטיקל צײַט זײַנען מיר שוין בא א בריקל. ער בלײַבט שטיין, מיר קומען צו צו אים.

— קוקט אײַך גוט צו, — זאָגט ער, — די גאס איז א גלײַכע. פון דער רעכטער זײַט, דערמאָן איך אײַך ווידער, זײַנען קאזארמעס. קריכט אין דער קאנאווע ביז ארוף. דאָרט איז עק שטאָט. גייט און זײַט גליקלעך.

מיר גייען אריבער דאָס בריקל, איך קוק זיך אום. דער ייִד שטייט און ווישט זיך די אויגן.

איך האָב זיך נאָר אראָפּגעלייגט אין קאנאווע, קומט מיר אפן געדאנק, אז איך האָב נישט געפרעגט, ווי ער הייסט. איך בײַס זיך אזש די ליפּן פאר פארדראָס. מיר קריכן אפן בויך אין דער קאנאווע. דער בארג איז אפּאָנעם זייער א הויכער. עס ווײַזט זיך מיר אויס, אז ער האָט גאָר קיין עק נישט. וויפל עס האָט געדויערט דאָס ארופקריכן, ווייס איך נישט, נאָר אופהייבן זיך האָב איך שוין נישט געקענט.

— קומט גיכער, — זאָגט גדאליע, — ווײַל באלד איז טאָג, וואָס ווײַטער מיר וועלן אוועקגיין פונדאנען, וועט זײַן פאר אונדז גלײַכער.

און מיר לאָזן זיך גיין מיט די פעלדער, נישט ווײסנדיק וווּהין.

— שטייט, — זאָגט ווידער גדאליע, — עפּעס געפעלט מיר נישט, וווּ מיר זײַנען, איר זעט, דאָ איז געווען אַקאָפּעס. זיי זײַנען שוין פארוואקסן מיט גראָז. דאָ נאָענט דארף עפּעס זײַן, ווײַטער גיין טאָר מען נישט, זעצט זיך אוועק אין איינעם פון די אַקאָפּעס, און איך וועל גיין אויסקוקן דאָס אָרט.

דער הימל ווערט אלץ העלער, די שטערן טוקן זיך און ווערן פארלאָשן. בלויז א פּאָר אײַנגעשפּארטע שטערנדלעך פינקלען נאָך. פון איין זײַט ווערט דער הימל פּיִאָלעטעווע, דערנאָך רויטלעך, און עס באווײַזט זיך די זון. ווען גדאליע איז צוריק געקומען, איז שוין געווען גוט ליכטיק.

— איר ווייסט, וווּ מיר זײַנען? א צוויי הונדערט מעטער פונעם אעראָדראָם. איך האָב געזוכט, געוואָלט אויסקוקן א וועג אף אוועק פונדאנען, נאָר איצט איז שוין פארפאלן. קומט איבער אף אַן אנדער אָרט, וווּ עס איז מער פארוואקסן, און דאָרט וועלן מיר מוזן ליגן ביז עס וועט ווידער פינצטער ווערן.

אין דעם צווייטן אַקאָפּ, א ביסל א טיפערן און מער פארוואקסענעם, האָט גדאליע זיך גלײַך אויסגעצויגן אף דער נאסער ערד און באלד אנשלאָפן געוואָרן.

— ער כראָפּעט שוין ווידער, — צעלאכט זיך יאָסל.

נאָר ער הערט טייקעף אוף צו לאכן. נידעריק איבער אונדזערע קעפּ פליט דורך אַן אעראפּלאַן און זעצט זיך אפן אעראָדראָם. א קאלטער ציטער נעמט מיך דורך. מיר קוקן אלע דרײַ אף גדאליען, ווי ער שלאָפט אזוי רויִק.

— עס קאָן נאָך זײַן, אז ער זעט א גוטן כאָלעם, — זאָג איך, קעדיי אוועקצוטרײַבן די מוירע, וואָס מיר האָבן ערשט געפילט, צי האָט מען אונדז נישט באמערקט פונעם אעראָפּלאַן. נאָר נאָך א שטיקל צײַט זעען מיר, אז קיינער קומט נישט צו אונדז, ווערן מיר א ביסל מונטערער.

דער טאָג ציט זיך אָן אופהער, מיר ליגן אין אַקאָפּ און ציילן די אעראָפּלאנען, וואָס קומען אָן און פליִען אוועק, דרייענדיק זיך איבער אונדז, ווי גלײַך נאָר אונדז זוכן זיי, מיר טוליען זיך צו דער ערד, ביז זיי פליִען איבער. אז עס איז געוואָרן א ביסל שטילער, גיט קאלמען א טיפן זיפץ פונעם הארצן:

— וואָס טוט מען, מוישע? איך האָב געבראַכט מײַן ווײַב מיטן קינד, דו ווייסט דאָך די גאַנצע געשיכטע. ראָכל האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט, איך בין צו איר אויך צוגע־ווינט געוואָרן. איצט האָב איך אָף זיי ביידע ראַכמאָנעס. ביידע ווייסן אַלעס, זיי כאַוועִרן זיך, גייען איינע צו דער אַנדערער. וואָס זיי רעדן צווישן זיך, ווייס איך נישט, נאָר מיר איז זייער שווער. — ער טוט נאָכאַמאָל אַ טיפן זיפץ. איך גיב אַ גרינגן שמייכל.

— דו שמייכלסט, ווען דו זאָלסט וויסן, וויאַזוי מיר איז שווער זיך אומצוקערן.

— וווּהין זיך אומקערן? מיר האָבן נאָך נישט וווּהין זיך אומצוקערן. — און דאָ קומט מיר אָפּן געדאַנק, ווי עסטעטער ליגט אָפּן וועג, די זשאַנדאַרן שפּרינגען איבער איר אַריבער און טרײַבן אונדז מיט די נאַהײַקעס.

— איך וואָלט פאַרגעלייגט, — זאָגט קאַלמען, — מיר זאָלן גיין קיין בערשאַד, איך האָב דאָרט אַ ברודער, וועלן מיר דאָרטן קענען זײַן עטלעכע טעג.

איך דערמאָן זיך ייִדלען.

— דו זאָגסט בערשאַד, זאָל זײַן בערשאַד. איך האָב דאָרטן אויך אַ שוואָגער מיט אַ שוועגערן, וועלן מיר בא זיי קענען זײַן אַ פּאָר טעג.

— און מיר, — זאָגט גדליה, וואָס האָט זיך שוין פון לאַנג אָפּגעכאַפּט, — מיר איז אַלצײַנס וווּהין. איך בין אין דער פרעמד, וווּהין איך וויל צוגיין. ווי נאָר איך וועל אײַך ברענגען צו אײַערע, גיי איך מיר באַלד אַוועק. איך וועל דיר אויסזוכן דײַן שוועסטער, מוישע, איך וועל גיין ביז מאָגיליאָוו־פּאָדאָלסק און דאָרט, אין יענע לאַגערן, וועל איך פרעגן.

— אַ לאַנגער טאָג, — זאָגט יאָסל שטיל, — עס ווערט גאָרנישט נאַכט.

— דו שרעקסט זיך אַליין, איך כראָפּע דאָך נישט איצט, וואָס זשע האָסטו מוירע? — צעלאַכט זיך גדליה און הייבט אָן דערציילן, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אין פאַרשיידענע לאַגערן.

דער הונגער האָט זיך געלאָזט הערן, נאָר דאָס שטיקל פּאַרטריקנט ברויט, וואָס מיר האָבן געהאַט, האָבן מיר אַלע פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף עס האָבן אָפּן וועג.

וויאַזוי דער טאָג זאָל נישט זײַן לאַנג, דאָך קומט די נאַכט.

מיר זײַנען אַרויסגעקראָכן פונעם אָקאָפּ און געלאָזט זיך צום וועג, וואָס גדליה האָט אויסגעקוקט, און פאַרטאָג זײַנען מיר אָנגעקומען קיין אָלגאָפּאָל.

אָפּן געסל, וווּ עס האָבן געמעגט וווינען ייִדן, דערזע איך אַ בריטשקעווער.

— זאַלמען, איר זענט עס?

— יאָ, מוישע, האָסט מיך דערקענט?

— זאַלמען גרינבערג, וואָס טוט איר דאָ?

— אַפילע די פאַמיליע געדענקסטו. מע האָט אונדז פאַרפירט אַזש ביז אַהערצו. דאָ איז געווען דאָס זעלבע, וואָס אין אַלע לאַגערן, איצט וואַרטן מיר אָף דער יעשועס. און איר, פונוואַנען גייט איר און וווּהין גייט איר?

— מיר קומען פון ווײַט, און גיין ווילן מיר קיין בערשאַד.

— קיין בערשאַד? וואַרט, וואַרט! פון באַלטע האָט מען נעכטן געבראַכט אַ דרײַסיק שטאַרק קראַנקע בערשאַדער ייִדן. די געזינטערע האָט מען אַוועקגעשיקט אָף אַרבעט, און די, קוים וואָס זיי גייען, האָט דער זשאַנדאַר פון באַלטע איבערגעגעבן דעם זשאַנדאַר פון אָלגאָפּאָל, וואָס דאַרף זיי הײַנט אָפּפירן צוריק קיין בערשאַד.

— נו, איז וואָס?

— וואָס הייסט וואָס? איך קאָן מיך צונויפרעדן מיטן זשאַנדאַר, וואָס וועט זיי פירן, ער זאָל אײַך אויך מיטנעמען. צווישן זיי וועט אײַך קיינער נישט טשעפּען אָפּן וועג.

איך גיב אַ קוק צו גדליען, גדליה גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ: יאָ.

זאַלמען גייט אַוועק. עס געדויערט נישט קיין סאַך, און ער קערט זיך אום.

— איך האָב גערעדט מיט אים. ער וויל צען מאַרק פון אַ מענטשן, איר האָט געלט?

— יאָ. זאָל איך אײַך שוין געבן דאָס געלט?

— ניין, ער וועט עס נעמען בא אײַך אָפּן וועג. אַ קלוגער כאַבאַרניק, דאָ האָט ער מוירע פאַרן שעף. קומט שוין, זיי גייען באַלד אַוועק.

זאלמען פירט אונדז צו צו דער קאַלאַנע קראַנקע ייִדן. דער זשאַנדאַר ווײַזט מיט דער האַנט, מיר זאָלן זיך אויסשטעלן צווישן זיי. זאלמען לויפט אוועק, און ברענגט מיר צו א ברויט:
— נא, מוישע, אפּן וועג.

## 17. בערשאַד

פון גיין א גאַנצע נאַכט זײַנען מיר געווען געגוג מיד, און דאָ קומט אונדז אויס צו גיין גלײַך ווײַטער. מיר זײַנען נאָר ארויס פונעם שטעטל. איז איינער פון די צוויי זשאַנדאַרן, וועלכע זײַנען געגאַן פון פאָרנט, געבליבן א ביסל דערונטער, ביז ער האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט אונדז.
— בא וועמען איז דאָס געלט?
איך האָב עס שוין געהאַט צוגעגרייט פון פריִער, גיב איך עס אים.
— פערציק? זע, עס זאָל דאַרט גאָרנישט פעלן, ווײַל... — און ער ווײַזט מיר אפּן אווטאָמאַט.
— פערציק, — זאָג איך, — דאַרפסט נישט ציילן.
ער לייגט ארײַן דאָס געלט אין קעשענע און הייסט מיר בלײַבן דערונטער. אין האַרץ ווערט מיר קיל. וואָס נאָך וויל ער? די קאַלאַנע גייט פאָרויס, איך בלײַב מיט אים שטיין פון הינטן.
— הערסט, מע זשידאַנע, קיין בערשאַד וועלן מיר אײַך ארײַנפירן דורכן דאָרף פלאָרינע. טייקעף נאָכן בריקל פון יענער זײַט דאָרף איז שוין די געטאָ. איר זאָלט זיך שטעלן פון הינטן, און ווי נאָר מיר וועלן אריבערגיין דאָס בריקל, זאָלט איר באַלד זיך לאָזן אין א זײַט, און פון דאָרט, וווהין איר ווילט. האָסט געהערט, זשידאַנע? צוויי מאָל האָב איך פײַנט צו רעדן.
די קראַנקע ייִדן האָבן קוים געשלעפּט די פיס. מיר האָבן זיך אלעמאָל געמוזט אָפּשטעלן און וואַרטן אף די אַרונטערגעבליבענע.
פאַרנאַכט זײַנען מיר אָנגעקומען אין דאָרף פלאָרינע. די זשאַנדאַרן שטעלן אונדז אויס און ציילן איבער. עס פעלט איין ייִד. די זשאַנדאַרן ווערן בייז. דער, וואָס האָט גענומען בא מיר דאָס געלט, גייט צו צו אונדז.
— איינער פון אײַך וועט מוזן גיין אין זשאַנדאַרמעריע, אפּן אָרט פון דעם, וואָס איז אנטלאָפן. איך דאַרף איבערגעבן דרײַסיק ייִדן. ווער פון אײַך גייט?
— איך גיי, — זאָגט גדאַליע און שטעלט זיך איבער פון פאָרנט.
— און אײַך דרײַ זאָל איך טייקעף נישט זען.
מיר גייען אריבער דאָס בריקל. קאַלמען דרייט זיך אוועק אין א זײַט. ער איז שוין נישטאָ, איך מיט יאָסלען טוליען זיך אויך אָפּ פון דער קאַלאַנע און פאַרנעמען זיך אין עפּעס א געסל. איך דריי נאָך אויס דעם קאָפּ, קוק נאָך דער קאַלאַנע, עס איז מיר א ראַכמאָנעס אף גדאַליען. פּלוצעם דערהערן מיר הינטער אונדזערע פּלייצעס שרײַען:
— שטייט, שטייט, זשידאַנע.
היגע זשאַנדאַרן כאַפּן וועמען זיי באַגעגענען, ווײַזט אויס, אוועקצושיקן אף אַרבעט.
איך נעם אָן יאָסלען בא דער האַנט און מיר לאָזן זיך לויפן מיט אַלע קויכעס. די זשאַנדאַרן האָבן אפּאָנעם נישט געוואָלט איבערלאָזן יענע ייִדן, וואָס זיי האָבן שוין געכאַפּט, זיי זאָלן זיך נישט צעלויפן, האָבן זיי אונדז נאָר נאָכגעשריגן און געפײַפט. טיפער אין געסל דערזע איך א מענטשן שטיין אף דער טיר, ער מאַכט מיט דער האַנט צו אונדז, ווי איינער רעדט: — „גיכער אהער, אהער!"
מיר לויפן צו, ער לאָזט אונדז ארײַן אין שטוב און טייקעף מאַכט ער אוף א טירל פון עפּעס א גרוב.

— שפּרינגט אראָפּ, האָט קיין מוירע ניט... — און פאַרלייגט מיט עפּעס דאָס טירל.

מיר בלײַבן זיצן מיט יאָסלען אין גרוב און הערן זיך צו, וואָס עס טוט זיך פון אויבן.

— דאָ זײַנען ערגעץ ארײַן צוויי ייִדן. איר האָט נישט געזען וווּהין? — בייזערט זיך א זשאנדאר.

איך הער זײַנע שווערע טריט איבערן קאָפּ, הער, ווי ער סאָפּעט פונעם לויפן. ער זוכט אין שטוב, ער שעלט אין דער מאמען ארײַן און גייט ארויס מיט גאַרנישט.

אין שטוב בלײַבט שטיל, איך מיט יאָסלען הייבן אָן אָטעמען. דאָס טירל פון גרוב מאכט זיך אויף.

— מוישע, יאָסל, קומט ארויס.

— צאַליק, דו ביסט עס! — דערפריי איך זיך מיט מײַן לאנדסמאַן.

צאַליק צעלאכט זיך.

— איר האָט מיך נישט דערקענט. כ'האָב געזען אײַך לויפן נאָך פון עק גאס. א גאנצן טאָג כאפּן זיי אף ארבעט, מע שיקט אוועק קיין ניקאָלײַעוו.

— נו, און דו האָסט נישט מוירע?

— מיך האָבן זיי שוין פארבראקעוועט, דער לאגער האָט מיך געמאכט פאר אן אינ־וואליד. פונוואנען זענט איר אראָפּגעפאלן אהער? איר זענט דאָך אין אַבאַדאָווקער לאגער.

— מיר זײַנען אנטלאָפן פון ניקאָלײַעוו, קיין אַבאַדאָווקע האָבן מיר מוירע זיך אומ־צוקערן, האָבן מיר געוואָלט דאָ איבערזיצן עטלעכע טעג.

— יאָ, — שאָקלט צאַליק מיטן קאָפּ, — איר האָט געקענט ווידער ארײַן קיין ניקאָ־לײַעוו. די דריטע קאָלאָנע שיקט מען שוין אוועק פונדאנען, און קיינער האָט זיך נאָך נישט אומגעקערט. וויִאזוי האָט זיך עס אײַך אײַנגעגעבן צו אנטלויפן?..

— מיר האלטן נאָך אין לויפן. מיר זײַנען נאָר נישט דערלאָפן.

— באלד וועט זײַן דאָ דײַן ריווקע, — זאָגט כאנע, צאַליקס ווײַבל, — איך בין שוין געווען בא זיי און איבערגעגעבן, אז איר זענט דאָ. זי וואַרט, עס זאָל פינצטער ווערן, וועט זי אײַך איבערנעמען צו זיי.

ווען כאנע וואָלט מיר נישט געזאָגט, אז ריווקע דארף קומען, וואָלט איך זי נישט דערקענט, אזוי האָט זי זיך פאַרענדערט, ריווקע קוקט אויך לאנג אף אונדז און צעוויינט זיך.

— וואָס טוט מען מיט אײַך? ווּ באהאלט איך אײַך אויס? איר זעט, כאנע, מײַן שוואָגער איז געקומען צו מיר אין גאסט, ווייס איך נישט פאר פרייד, וווּהין אים אהינטאָן, אין וואָס פאר א גרוב אים פארוקן. נאָר קומט, ייִדל וועט זיך שוין געבן אן אייצע מיט אײַך.

צאַליק גייט ארויס אף דער גאס אויסקוקן, צי מע מעג גיין. אײַנגעבויגן אינצווייען, קעדיי אויסצוזען קלענער, דורך הינטערגעסלעך און ליקלעך, פירט אונדז ריווקע ארײַן צו זיך.

ייִדל און די איבעריקע שכיינים פון דער שטוב פרעגן אונדז אויס, וויִאזוי מיר זײַנען אנטלאָפן פון ניקאָלײַעוו און וואָס גאָר געקומען קיין בערשאד.

— וואָס טויג אײַך דאָס אויספרעגן, — רופט זיך אָן ריווקע, — גיט בעסער אן אייצע, ווּ זיי אויסבאהאלטן.

— איך וואָלט אײַך פארמאכט אין גרוב, וואָס מיר האָבן דאָ אונטער דער פּאָדלאָ־גע, — זאָגט ייִדל, — האָב איך מוירע, איר זאָלט נישט דערשטיקט ווערן. די גרוב איז אָן לופט און נאס. א שאָ קען מען אויסהאלטן, אָבער ווער ווייסט, וויפל עס וועט אײַך אויס־קומען צו ליגן דאָרט. איך טראכט, עפּשער בעטן אײַך באהאלטן אפן בוידעם. דאָרט איז דאָ א ווינקל, ווּ מע קען זיך ארונטערוקן אונטער די סטריכעס. איך וועל אײַך אײַנדעקן מיט שטרוי. איך גלייב, אז אהין וועלן זיי נישט קומען.

— זאָל זײַן אפן בוידעם, ווי דו פארשטייסט, — זאָג איך, — און וויִאזוי עס וועט שוין זײַן, וועט זײַן. איר האָט ווייניק אײַערע צאָרעס, האָבן מיר אײַך נאָך צוגעבראכט אונד־זערע...

איך דערצייל יִדלען וועגן גדאַליען און קאַלמענען.

— גדאַליע האָט געמוזט גיין אין זשאַנדאַרמעריע אַפּן אָרט פון א יִדן, וואָס איז אַנט־לאָפן אפן וועג, און דער אַנדערער, קאַלמען, האָט געוואָלט זיך דערשלאָגן צו זײַנעם א ברודער דאָ. ער האָט מיר דערציילט, אז זײַן ברודער וווינט די אַנדערע שטוב פונעם פראָמ־קאָמבינאַט[1], עס איז דאָס אייִנציקע פירשטאָקיקע הויז אין בערשאַד.

— איך ווייס, ווו עס איז, — זאָגט ריווקע, — דאָרט איז שוין גאָרנישט נישטאָ, עס שטייען נאָר די הוילע ווענט. איך וועל מאָרגן גיין זוכן אײַער קאַלמענען. דערווײַל, יִדל, פּאַרוק זיי ערגעץ, עס איז שוין נאָך האַלבער נאַכט.

מיר קריכן אַרויף אפן בוידעם. אין דער פינצטער רוקן מיר זיך אַרונטער גאַנץ טיף אינטער דער סטריכע. יִדל פאַרדעקט אונדז מיט שטרוי און צעשיט שטרוי איבערן בוידעם. פאַרטאָג וועקט מיך יאָסל:

— דו שלאָפסט, מוישע? דו הערסט ניט גאָרנישט? די זשאַנדאַרן לויפן שוין אף די גאַסן.

איך הער זיך צו. יאָ, זיי זײַנען לעבן דער שטוב. אָט מאַכן זיי אוף די טיר. גייען אַרײַן און שרײַען:

— מענער זײַנען דאָ? זאָלן זיי שוין אַרויסגיין.

איך רוק זיך נאָך טיפער אַרונטער אונטער דער סטריכע. יִדל רעדט מיט זיי, געוויס ווײַזט ער זיי דאָס פּאַפּירל, וואָס ער האָט, אז ער אַרבעט אין קולטוס־געמיינדע.

— מער קיין מענער איז נישטאָ אין שטוב?

— ניין, — זאָגט יִדל, — מע האָט זיי שוין אַוועקגענומען אף אַרבעט.

— און אפן בוידעם ווער איז דאָ?

— קיינער נישטאָ.

— קיינער זאָגסטו, מיר וועלן באַלד זען. ווו איז דער לייטער?

— מיר האָבן נישט קיין לייטער און צו וואָס דאַרפן מיר אים?

— ניין, — זאָגט איינער פון די זשאַנדאַרן, — מע מוז געבן א קוק אפן בוידעם.

איך הער, ווי זיי שלעפּן עפּעס א קאַסטן. איינער שטעלט זיך אוף, מאַכט אוף דאָס טירל פונעם בוידעם. און א שטאַרקע שײַן פון אן עלעקטרישער באַטאַרייקע באַלײַכט דעם גאַנצן בוידעם. ער זוכט מיט דער שײַן אין אַלע ווינקלען. מיטאַמאָל ווערט ווידער פינצטער. ער שפּרינגט אַראָפּ פונעם קאַסטן. זיי גייען אַוועק.

לאַנג זײַנען מיר נאָך געלעגן איבערגעשראָקן ביז מיר האָבן דערהערט יִדלס קאָל. ער עפנט דאָס בוידעם־טירל:

— קומט אַראָפּ אין שטוב. איצט וועלן זיי שוין נישט קומען. זיי זײַנען פאַרנומען מיט די יִדן, וואָס זיי האָבן שוין געפאַקט. קומט, וועט איר אָפּעסן. איך דאַרף גיין צו מײַן גיטער אַרבעט, און איר וואַרט דאָ, ביז ריווקע וועט צוריק קומען, זי איז געגאַן אָנפרעגן, ווו אײַער קאַלמען איז אהינגעקומען. און טאָמער וועט איר הערן, עס גייט עמעצער, קוקט — דאָ איז די גרוב, ניאָסעלע וועט אײַך פאַרמאַכן.

יִדל גייט אַוועק. מיר בלײַבן זיצן מיט אופגעשטעלטע אויערן ווי די האָזן, פון יעדער שאָרך גיט א קיל אין האַרצן.

— די מאַמע גייט, — זאָגט אונדז דאָס קינד שטיל, מיר זאָלן זיך נישט דערשרעקן.

— איך האָב זיך דערפרעגט צי אײַער קאַלמענען, — זאָגט אונדז אָן ריווקע, — מ׳איז אים אויך נאָכגעלאָפן. ער האָט באַוויזן צו באַהאַלטן זיך. מע קען אים דאָ גוט, ער פלעג קומען אָפט צום ברודער.

— ווו זשע איז ער איצטער?

— איצט איז ער אפן בוידעם פון דער פירשטאָקיקער געבײַדע. זײַן ברודער איז אויך דאָרט, און נאָך יִדן, איינער האָט זיך אַרופגעדראַפּעט, דערנאָך מיט שטריק אַרופגעשלעפּט אַנדערע. קאַלמען איז נאָר אָנגעקומען, האָבן זיי אים אַרופגעשלעפּט. ער האָט שוין דאָרט

[1] פראָמקאָמבינאַט — געווערבקאָמבינאַט (אוקר.).

גענעקטיקט, דאָרט איז נישט געפערלעך. עס איז זייער הויך, קיינער שטעלט זיך נישט פּאָר, אז דאָרט ליגן ייִדן באַהאַלטן. קאַלמענס שוועגערן האָט אים אַרופגעשריבן א בריוועלע, אז איר זענט דאָ. און ער האָט איבערגעגעבן א בריוועלע צו אײַך.

איך צעוויקל דאָס קוויטעלע.

„מוישע, יאָסל, — שרײַבט קאַלמען, — עס פרייט מיך זייער, וואָס איר זענט ווידער נישט אַרײַנגעפאַלן צו זיי. קומט איבער צו מיר, מיר וועלן אײַך אַרופשלעפּן. ווו איז גדאַליע? קאַלמען".

— וויאַזוי קענען מיר קומען אַהין, ריוועקע, עס איז ווײַט?

— עס איז נישט ווײַט, נאָר אַזוי גיין אויף דער גאַס טאָר מען נישט. איך וועל אײַך אָנטאָן א קליידל און אַרופוואַרפן א שאַל אויפן קאָפּ, איינציקווײַז וועל איך אײַך איבערפירן אַהין. דאָ האָב איך מוירע פאַר אײַך, געסט מײַנע.

ריוועקע טוט מיר אָן א קליידל מיט א שאַל, איך בייג זיך אײַן, ריוועקע נעמט מיך אונטער דער האַנט און פירט מיך, קאַלמענס שוועגערן האָט שוין געוואַרט אויף אונדז.

— גייט אַרײַן אין דער צעבראָכענער געבײַדע, גיט דרײַ קלאַפּ אין דער וואַנט.

פון אויבן לאָזט זיך אַראָפּ א שטריק מיט סאַמע קנופּן, פון א סאַך שטיקלעך צונויפגעבונדן. איך בינד זיך אַרום. שוין. איך פיל, ווי איך פאַרליר די ערד אונטער די פיס. איך הייב זיך אַלץ העכער. קלאַפּ זיך אָן אַלעמאָל אין דער וואַנט, קאַלמען בייגט זיך אַראָפּ פון אויבן, כאַפּט מיך אָן בײַ א האַנט און שלעפּט מיך אַרויף:

— דו ביסט שוין אונדזערער.

שפּעטער האָט ריוועקע געבראַכט יאָסלען, מיר האָבן אים אַרופגעשלעפּט.

די ייִדן פונעם בוידעם — גלײַך ווי זיי האָבן אונדז שוין געקענט פון לאַנג. קאַלמען האָט זיי שוין אַלעס דערציילט. אונדז איז געבליבן אויסצוהערן, וואָס מיט זיי איז געשען.

באַטאָג האָט ריוועקע געבראַכט עסן און עס אַרופגעשיקט מיטן שטריק. שפּעטער האָבן אַנדערע געבראַכט עסן זייערע מענער.

— הײַנט וועט שוין קיינער מער נישט קומען צו אונדז, — זאָגט קאַלמענס ברודער. — דאָ מעגט איר שלאָפן אָן מוירע. מיר זײַנען דאָ שוין עטלעכע טעג, פון זינט מע האָט אָנגעהויבן נעמען קיין ניקאָלײַעוו אויף אַרבעט.

מיר לייגן זיך נאָר אויס, הערן מיר — מע קלאַפּט.

— לאָזט אַראָפּ דעם שטריק.

קאַלמען בייגט זיך אָן צו זען, ווער עס איז דאָרט.

— גדאַליע! איר הערט, גדאַליע איז דאָ.

אַלע, ווי איינער, הייבן מיר זיך אויף. אַלע שלעפּן דעם שטריק. גדאַליע שטעלט זיך נאָר אַרויף אויפן בוידעם, גיט ער, ווי טאָמיד, א שמייכל, קוקט זיך אַרום, ווו ער געפינט זיך.

— איר לעבט דאָ ווי די גווירים, — זאָגט ער, — א גרויסער בוידעם מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, מיט א ליפט, ס'איז דאָ אפילע בעסער, ווי אין זשאַנדאַרמעריע.

איך ריר אים אָן. עס גלייבט זיך מיר נישט, אז ער איז שוין דאָ מיט אונדז.

— גדאַליע, דערצייל, וואָס איז דאָרט געווען מיט דיר.

ער גיט ווידער א שמייכל.

— נעכטן פאַרנאַכט, אז מע האָט אונדז געבראַכט אין זשאַנדאַרמעריע, איז דער לאַקאַטאָנענט נישט געווען, האָט מען אונדז אַרײַנגעפירט דערווײַל אין א קעלער און פאַרגעסן אין אונדז ביז הײַנט פאַרנאַכט. א גאַנצן טאָג זײַנען זיי געווען פאַרנומען מיט אוועקשיקן ייִדן אויף אַרבעט. פאַרנאַכט האָבן זיי זיך דערמאָנט אין אונדז, אַרויסגעפירט אויפן הויף, אויסגעשטעלט, אויסגערופן יעדן אויפן נאָמען. אז כ'האָב דערהערט א נאָמען, וואָס קיינער האָט זיך אַזוי גיך נישט אָנגערופן אויף אים, האָב איך א געשריי געטאָן: „איך!". כ'האָב זיך געמאַכט קרום, און צווישן אַלעמען האָט מען מיך אויך אָפּגעלאָזט. אויף דער גאַס האָט מען קיין מענטשן נישט געזען. ס'איז אָנגעפאַלן אויף מיר א פּאַכעד...

גדאַליע רײַסט פּלוצעם איבער די מײַסע:

— איך בין שטארק הונגעריק, איר ווייסט דאָך, אז קיין אָנבײַסן האָבן זיי דאָרט נישט פארגרייט פאר אונדז. גיט מיר עפּעס אָפּצועסן, וועל איך אײַך דערציילן ווײַטער.

— ברויט מיט וואסער איז נאָך געבליבן, קענסטו עסן.

גדאליע נעמט די טרוקענע שטיקלעך ברויט, ווייקט זיי וואסער.

— פאר א גאסט האָט איר מיך אופגענומען גאנץ אויבנאָן, אזש אפן בוידעם, נאָר עסן עפּעס א ביסל צו געמיינס צוגעגרייט.

— מיר האָבן זיך נישט געריכט אַף אזא גרויסן גאסט.

גדאליע האָט נאָר געענדיקט עסן, האָט ער באלד זיך אויסגעצויגן אין דער לענג:

— מיר וועלן נאָך צײַט האָבן צו רעדן מאָרגן אויך, לאָזט מיר זיך אויסשלאָפן, איך בין נאָך געשלאָפן אין באלטע אפן אעראָדראָם. יאָסעלע, דאָ וועסטו נישט מוירע האָבן, אז איך וועל כראָפּען.

— אײַזערנע נערוון האָט איר, גדאליע, — זאָגט יאָסל.

גדאליע גיט א שמייכל און באלד שלאָפט ער אײַן, מיר לייגן זיך אויך אויס. א קולעק צוקאָפּנס — און דו ווערסט אנשלאָפן.

די נאכט און א האלבער טאָג איז דורכגעגאַן שטיל, ריווקע האָט געהאט אַן ארבעט צו ברענגען עסן. און מיטן עסן האָט זי ארופגעשיקט א בריוועלע: „איר זאָלט נאָך נישט טראכטן פון אראָפּגיין. אין גאס איז ווידער א ראַש. גייענדיק צו אײַך, האָב איך געהערט קוויטשען, שרײַען. וואָס עס איז דאָרט, ווייס איך נישט. איך וועל זיך דערוויסן, וועל איך אײַך אָנשרײַבן".

איך לייען נאָך דאָס קוויטעלע, און פון דער גאס הערן זיך שוין די קוויטשערײַען גאנץ נאָענט. קאלמענס ברודער שטעלט זיך בא דעם קליינעם פענצטערל און קוקט ארויס אף דער גאס. איך לויף אויך צו. די האָר אפן קאָפּ הייבן זיך מיר אוף, איך גלייב נישט מײַנע אויגן. אינמיטן גאס פאָרט א לאָקאָטאָנעט אף א מאָטאָציקל און פון אונטן איז צום מאָטאָציקל צוגעבונדן א מענטש בא די פיס, זשאנדארן טרײַבן אוועק די ווײַבער, וואָס לויפן נאָך און שרײַען:

— ער לעבט נאָך! ער לעבט נאָך!

שפּעטער האָט ריווקע אונדז ארופגעשיקט א קוויטעלע און באשריבן, וואָס דאָרט איז געשען.

א ייִנגל איז אנטלאָפן פון דער ארבעט, האָבן די זשאנדארן אים געכאפּט, שטארק צעשלאָגן און דערנאָך צוגעבונדן צום מאָטאָציקל און געשלעפּט איבער אלע גאסן. אפן הארץ איז בא אים געווען צוגעשטעפּעט א פּאפּיר און מיט גרויסע אויסיִעס אָנגעשריבן:

„אזוי וועלן מיר טאָן מיט אלע, וואָס וועלן אנטלויפן פון דער ארבעט".

די זשאנדארן האָבן געבושעוועט אין בערשאד. גוואלדן מיט געשרייען האָבן זיך גע־הערט אלעמאָל פון אן אנדער גאס. אפן פערטן טאָג, אז ריווקע האָט געבראכט עסן, האָט זי אונדז געגעבן צו וויסן, אז ס'איז אין שטאָט א ביסל שטילער געוואָרן. ווײַזט אויס, די זשאנדארן האָבן שוין אוועקגעשיקט די צאָל, וויפל זיי האָבן געדארפט. גדאליע איז ווידער לעבעדיק געוואָרן.

— איך, — האָט ער אונדז געזאָגט, — וויִאזוי איר ווילט, איך קען שוין מער נישט. באנאכט גיי איך אוועק פונדאנען.

— וווּהין ווילסטו גיין?

— וווּהין איר וועט מיך שיקן, וועל איך גיין, אבי נישט ליגן אפן בוידעם.

— קיין אָבאָדאָווקע וואָלסטו אויך געגאַן?

— קיין אָבאָדאָווקע איז נאָך צו געפערלעך. נאָר איך האָב שוין א פּלאַן. באנאכט גיי איך פונדאנען אוועק אף דער דובינע, ס'איז נאָענט פון אָבאָדאָווקע, און פון דאָרט וועל איך עמעצן שיקן רופן דײַן עסטערן און ראָכלען, פון זיי וועל איך זיך אלעס דערוויסן. איך וויל נישט אוועקגיין פון אײַך, ביזוואנען איר וועט נישט זײַן מיט אײַערע פאמיליעס צוזאמען.

קאלמען רוקט זיך צו צו אונדז.

— וואָס גאָר ראָכלען וועסטו רופן, נישט מײַן פרוי?

— דײַן פרוי מיטן קינד וועט נישט קענען גיין. ראָכל וועט נאָר דערהערן פון דיר, וועט זי לויפן.

עס איז נאָר פינצטער געוואָרן, האָבן מיר אראָפּגעלאָזט גדאַליען.

— ווי מיינסטו, קאַלמען, — פרעג איך, — ווען קען ער זײַן צוריק?

— איך מיין, אויב עס וועט גאָרנישט פּאַסירן מיט אים, וועט ער זײַן די אנדערע נאכט. איך קען אים גוט, ווייס וויאַזוי ער גייט, ביפראט איצט, אז ער איז אויסגערוט, אינדערפרי וועט ער זײַן אױף דער דובינע, פארן טאָג וועט ער אַלעס זיך דערוויסן — און באנאכט צוריק.

— עס זאָל נאָר זײַן אזוי, ווי דו זאָגסט.

— איר וועט די נאכט שלאָפן? — בייזערט זיך קאַלמענס ברודער. — איר קענט אליין נישט שלאָפן, לאָזט שלאָפן אנדערע.

איך מאַך צו די אויגן, נאָר עס שלאָפט זיך נישט. איך שטעל זיך פאָר, ווי גדאַליע רעדט מיט עסטערן, ווי זי דערוויסט זיך, אז מיר לעבן... צי וועלן מיר זיך מאָרגן אומקערן קיין אַבאַדאָווקע? אוועקגענומען האָט מען אונדז הונדערט צוואַנציק ייִדן. האַלב פון זיי איז געוויס שוין נישטאָ... די געדאַנקען לאָזן מיך נישט אָפּ. אויך די צווייטע נאכט האָב איך ניט געקענט אײַנשלאָפן. ווי נאָר עפּעס א שאָרך — האָט זיך מיר אויסגעוויזן, גדאַליע קלאַפּט, נאָר ווען ער האָט טאַקע אָנגעקלאַפּט, מע זאָל אים אופהייבן, בין איך גראָד אנשלאָפן געוואָרן. כ׳האָב געזען א כאַלעם, ווי די דײַטשן אנטלויפן אָפּגעריסענע, אָפּגע־שליסענע אױף צעבראָכענע מאשינען, אױף אָפּגעבערענטע טאנקען... א ראַש, א מישמאַש... די עסעסאָווצעס ציינדן, הארגענען. איך שרײַ: „באהאלט אײַך אויס! נאָך א ביסעלע, עס איז שוין נישט געבליבן קיין סאך... איר זעט דאָך, זיי לויפן...”

ווײַזט אויס, איך האָב אינדערעמעסן געשריגן, ווײַל ווען איך האָב געעפנט די אויגן זײַנען ארום מיר געשטאַנען מענטשן.

— יאָ, עס איז שוין נישט געבליבן קיין סאך, — זאָגט עמעצער, און איך דערקען גדאַליעס קאָל, נאָר עפשער איז עס נאָך אלץ דער כאַלעם?

— גדאַליע! — גיב איך א געשריי. — דו ביסט שוין דאָ?

— איך בין שוין דאָ, — זאָגט ער, און גיט, ווי טאָמיד, בייס ער איז צופרידן, א שמייכל.

— האָסט עמעצן געזען? וואָס הערט זיך דאָרט?

— באלד וועל איך אײַך אלץ דערציילן. — ער זעצט זיך צו און הייבט אָן: — פאר־טאָג בין איך אָנגעקומען אױף דער דובינע. א פּאָר עלטערע פרויען האָבן זיך געגרייט גיין קיין אַבאַדאָווקע. איך האָב זיי דערציילט פונוואַנען איך קום און וואָס איך וויל פון זיי. האָבן זיי מיר צוגעזאָגט, אז זיי גייען גלײַך צו דײַן עסטערן. זיי קענען זי דורך איר מאַ־מען, מאַלקען, און גיבן איר טייקעף איבער, אז איך בין דאָ. קיין צוויי שאָ האָט נישט גע־דויערט, זײַנען עסטער מיט ראָכלען שוין געווען אױף דער דובינע. איך האָב זיי אַלעס דער־ציילט, פון ניקאָלײַעוו ביז בערשאַד, און געפרעגט, וואָס ראַטן זיי זאָלן מיר טאָן. דײַן עסטער האָט געזאָגט, אז אױף ארבעט נעמט מען שוין נישט, דערווײַל איז שטיל. נאָר אויב איר זאָלט זיך אומקערן קיין אַבאַדאָווקע, מוז מען זיך צונויפרעדן מיט די ייִדישע פּאָ־ליצײַען, זיי זאָלן אײַך נישט אויסגעבן.

עסטער מיט ראָכלען האָבן זיך אומגעקערט קיין אַבאַדאָווקע, פארנאכט זײַנען זיי צו־ריקגעקומען און געזאָגט, אז די פּאָליצײַען ווילן צו הונדערט צוואַנציק מארק פון א מענטשן און אז צוויי וואָכן זאָל מען אײַך נישט זען אױף דער גאַס.

הונדערט צוואַנציק מארק? ווו האָב איך אזויפיל געלט? עסטער האָט מיר אוועקגעגעבן דאָס לעצטע, וואָס מיר האָבן געהאַט.

גדאַליע דערציילט ווײַטער:

— עסטער האָט געזאָגט, אז זי וועט פארקויפן די לעצטע פּאָר שמאַטעס, וואָס זי האָט, און וועט באַצאָלן פאר דיר, דײַן מאַמע וועט באַצאָלן פאר יאָסלען, און פאר קאַל־

מענען איז אויך דאָ, ווער עס זאָל זאָרגן. אזוי אז עס וועט נאָר פינצטער ווערן, גייען מיר קיין אָבאָדאָווקע. פאר מיר דאַרף קיינער נישט באַצאָלן, איך בין אין ערגעץ נישט צוגעשריבן און וועל טייקעף אוועקגיין ווײַטער. אזוי אז דעם אנדערן אינדערפרי וועט איר זיך זען מיט אײַערע אייגענע. מײַנע אייגענע קען איך אין ערגעץ נישט געפינען, נאָר איך וועל זײַן אין אַלע לאגערן...

אפדערנאכט האָבן יידל מיט ריווקען שוין געוואַרט אף אונדז בא קאַלמענס ברודער אין שטוב.

— זײַט ניט באַרויִגעז, — זאָגט ריווקע, — וואָס מיר האָבן אײַך אזוי אופגענומען, טײַערע געסט מײַנע. עס וועט נאָך זײַן א צײַט, אז מיר וועלן דאָס דערציילן אין פרײַדן, עס איז נאָר א פראגע, צי וועט מען אונדז גלייבן?

ריווקע גיט מיר מיט א בינטעלע מיט עסן אפן וועג. יידל טוליעט מיך צו צו זיך.

## 18. דער לעצטער ווינטער

דעם גאנצן וועג האָט זיך מיר געבאָמבלט אין קאָפּ: הונדערט צוואנציק מארק... „וווּ נעמט מען זיי? וואָס האָט דען עסטער צו פארקויפן אף צו מאכן אזויפיל געלט?"

עס איז נאָך געווען פינצטער, ווען מיר זײַנען ארײַנגעגאַנגען קיין אָבאָדאָווקע. איך האָב געקוקט אף די טויטע געסלעך. די געסלעך זײַנען אײַנגעזונקען אין פינצטערער נאכט. אין ערגעץ זעט מען ניט קיין שײַן. אפילע קיין הונט הערט מען נישט האווקען. דאָס שטעטל איז ווי פארזונקען אין טרויער און זעט אויס נײַ פאר מיר, גלײַך ווי איך קום פון יענער־וועלט.

יאָסל איז געגאַנגען אָנקלאַפּן צום טאטן. מיר דרייען זײַנען שטיל צוגעגאַנגען צו דער אַנדערער שטוב. איך וויל גרינג אָנקלאַפּן, נאָר איך הער שוין פון אינווייניק:

— זע, זיי זײַנען שוין דאָ.

עסטער מאכט גיך אוף די טיר, לאָזט אונדז ארײַן און פאלט ארוף אף מיר:

— מוישע, דו לעבסט...

קאַלמען מיט ראָכלען זײַנען געשטאַנען איינער אקעגן דעם אנדערן און געשוויגן. גדאַליע האָט אויך געקוקט אף זיי און, דאכט זיך, געשמייכלט צופרידן.

— נו, קאַלמען, — זאָגט גדאַליע, — קום.

— וווּהין?

— צו דײַן פרוי און קינד. צו דײַן טאטן.

— יאָ, ביסט גערעכט, גדאַליע, קום.

איידעלע איז געשמאַק געשלאָפן, איך גלעט זי איבערן קעפּל.

— די גאנצע נאכט זענט איר נישט געשלאָפן? — פרעג איך עסטערן.

— גדאַליע האָט געזאָגט, אז איר וועט די נאכט קומען, האָבן מיר געוואַרט. מיר האָבן נישט געוואָלט, איר זאָלט קלאַפּן.

— קום, עסטער, צום טאטן, איך וויל אים זען, די מאמע.

באם טאטן אין שטוב זײַנען אַלע געווען אוף. אף דער הרובע האָט געצאַנקט דאָס קאַנעצל, וואָס האָט עטוואָס באַלײַכט די געלע ווענט. דאָס קליינע פענצטערל איז געווען פארהאנגען מיט עפּעס א שמאטע, מע זאָל נישט ארויסזען די שײַן. די אויגן בא אַלעמען האָבן פריילעך געבליאסקעט. מע איז געזעסן אף די לײַצעס און געהערט, וואָס יאָסל דערציילט.

— פאָטער יאַנקעוו, — זאָג איך דעם טאטן, — איך האָב דיר אָפּגעבראַכט דײַן זון יויסעף גאַנץ און געזונט. נישט אזוי ווי יאַנקעוו אָווינוס זין, וואָס האָבן איבערגעלאָזט זייער ברודער יויסעפן אין מידבער און געבראַכט נאָר זײַן זײַדן העמדל. אונדזער ברודער יאָסל האָט נישט קיין זײַדן העמדל, האָב איך געמוזט אים אליין דיר אָפּברענגען.

דער טאטע נעמט מיך ארום.

— דו געדענקסט נאָך, מוישעלע, וואָס דו האָסט געלערנט אין כיידער.

ארן שפּרינגט אראָפּ פון דער ליַיצע, קוקט אף אונדז צופרידן. די מאמע, ווי געוויינלעך, וויינט. ציליע שלאָפט נאָך. זאָל זי שלאָפן. די מומע מאלקע גלעט מיך און וויינט. הערשל מיט טיַיבלען קומען אויך אריַין.

— קינדער, — וואָרנט זיי די מאמע, — מע טאָר נאָך נישט וויסן, צי זיי זיַינען דאָ. איר זאָלט קיינעם נישט זאָגן.

ארן נעמט אוועק די שמאטע פונעם פענצטערל. עס איז שוין ליכטיק אין דרויסן. ער טוט זיך אָן אפּגיך און גייט אוועק.

— אזוי גייט ער שטענדיק אוועק און זאָגט נישט וווהין, — רופט זיך באלד אָן די מאמע, — איך וויין מיר אויס מיַינע אויגן, ביז איך זע אים צוריק.

עס קומט צו לויפן איידעלע.

— וואָס איז, איידעלע? וואָס ביסטו אופגעשטאנען אזוי פרי?

— גיאגע, — כאפּט זי מיך ארום, — דער פּאָליציַי איז געווען און געפרעגט, צי איר זענט שוין דאָ. איך האָב אים געזאָגט, אז איר זענט נאָך נישטאָ. איך האָב טאקע נישט געוווסט, צי איר זענט געקומען?

— נאָך באנאכט, איידעלע, איך האָב דיך נישט געוואָלט אופוועקן.

— וואָס וועט זיַין, גיאגע? דער פּאָליציַי וועט ווידער קומען.

איך גיב א קוק צו עסטערן.

— איך האָב שוין אכציק מארק, — זאָגט זי, — איך האָב פארקויפט דאָס קליידל, וואָס דו האָסט מיר אמאָל געקויפט, די שיך. איך האָב נאָך איין אוירינגל. דאָס אנדערע האָב איך פארלוירן נאָך אף די וועגן. איך וועל דאָס היַינט פארקויפן און באצאָלן פאר דיר.

מיר זיַינען נאָר אריַינגעקומען אין שטוב, ווי מיר האָבן געוווּנט, זיַינען הינטער אונדזערע פּלייצעס גליַיך אריַינגעגאַן ביידע פּאָליציַיען.

— מיידעלע, פארוואָס האָסטו מיך אָפּגענארט, אז דער גיאגע איז נישטאָ? — האָט איינער פון די פּאָליציַיען א טיַינע צו איידעלען.

— איר האָב נישט געוווּסט... — דערשרעקט זיך איידעלע און קען נישט ענדיקן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן.

— איך האָב נאָר אכציק מארק, — זאָגט עסטער, — און אָט דאָס אוירינגל. איך וועל עס פארקויפן און איַיך אָפּגעבן אינגאנצן דאָס, וואָס איך האָב איַיך צוגעזאָגט.

איינער נעמט די אכציק מארק, דער אנדערער נעמט דאָס אוירינגל, טרייסלט עס מיט דער האנט, ווי ער זאָל דאָס אָפּוועגן. דערנאָך קוקט ער אף דער פּראָבע.

— פיר און אכציק, — זאָגט ער איז דער הויך און פרעגט עסטערן: — ווו איז דאָס אנדערע?

— אף די וועגן פארלוירן.

— נו, לאָז זיַין, איך וועל דאָס נעמען פאר די איבעריקע פערציק מארק, — און ער לייגט גליַיך אריַין דאָס אוירינגל אין קעשענע.

— זיץ נאָך אין שטוב, — זאָגט ער צו מיר.

— וואָס ביסטו אזוי איבערגעשראָקן, איידעלע? — פרעג איך דאָס קינד, ווען די פּאָליציַיען גייען אוועק.

— איך... — צעוויינט זי זיך, — איך האָב מורע געהאַט, זיי וועלן דיך ווידער אוועקנעמען, גיאגע.

איך טוליע צו איידעלען צו זיך. עסטער צעוויינט זיך אויך. איך ווייס נישט, צי פאר פרייד, צי פאר דעם, וואָס זי האָט אוועקגעגעבן דאָס לעצטע, וואָס איז איר איבערגעבליבן פון אירע מיידלשע יאָרן.

— דאָס אוירינגל האָט א סאך מערער די ווערט, ווי פערציק מארק, — רופט זיך אָן ראָכל.

— זאָלן זיי זיך ווארגן מיט דעם, — ענטפערט מיַין עסטער, — עס וועט קומען אף זיי אויך א טאָג... זיי גייען איצט צו דיַין יאָסלען, — זאָגט זי צו מיר, — און פון דאָרטן,

מיסטאמע, צו קאַלמענען, און דאָרט איז גדאַליע. איך לויף שוין וואָרענען, זיי זאָלן ניט טרעפן גדאַליען.

באַ די רייד קומט אַרײַן די מאַמע.

— קינדער, די מומע מאַלקע איז שטאַרק קראַנק, קומט אַרײַן צו אונדז. מיר האָבן זיי קוים געפּאַטערט, די מאַלאַכע־כאַבאַלניקעס, הונדערט מאַרק האָב איך זיי אָוועקגעגעבן, און נאָך די איבעריקע צוואַנציק וועלן זיי ערשט מאָרגן קומען. נאָך גוט, וואָס אַרן איז נישט געווען דערבײַ, ווי זיי האָבן זיך געדונגען. געוואָלט נאָר אײַנגאַנצן. אַרן וואָלט נישט אויסגעהאַלטן, ער וואָלט זיי פון שטוב אַרויסגעוואָרפן, אָדער זיך צעשלאָגן מיט זיי, וואָלט געווען אַ נײַע צאָרע.

איך גיי מיט דער מאַמען.

— מומע, וואָס איז מיט אײַך?

— אוי, אוי, מוישעלע. עס איז מיר זייער נישט גוט. איך האָב דערזען די פּאָליצײַען און געמיינט, זיי זײַנען ווידער געקומען אײַך נעמען.

די מומע נעמט מיך אָן בײַ דער האַנט און זעצט מיך אַוועק בײַ זיך אויף דער לײַצע.

— מומע, איר זענט פֿול אין היץ, איך לויף שוין רופן דעם דאָקטער לאַזאַרקעוויטש.

— פֿאַרגעסט זיך, מוישע, אַז איר טאָרט זיך נאָך נישט ווײַזן אויף דער גאַס, — זאָגט דער טאַטע, — איך וועל גיין אים רופן.

דער טאַטע הינקט נאָך אַ ביסל אויפן פוס, נאָר צום דאָקטער איז ניט ווײַט צו גיין.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דער גוטער דאָקטער איז אַלע טאָג אַליין געקומען און געבראַכט פּילן, איז דער מומען געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. און ביז צוויי וואָכן איז די קלוגע מומע אונדזערע געשטאָרבן.

באַגראָבן האָבן מיר זי אַליין אין אַ קייווער, לעבן דער שטיינערנער וואַנט. איך האָב מיט אַ מעסערל אויסגעקריצט אין אַ שטיין איר נאָמען „מאַלקע אָקשטיין".

דער אָסיען איז געווען אַ טרוקענער, און מיטאַמאָל איז געוואָרן ווינטער. צוזאַמען מיטן ערשטן שניי זײַנען צו אונדז געקומען געסט. אַ גאַנצער פּאָלק דײַטשן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אָפּרו אין אַבאַדאָווקע נישט ווײַט פון דער געטאָ. אָבער דאָס זײַנען געווען סאָלדאַטן, אויסגעמוטשעטע פונעם פראָנט, אַמײַיסטן עלטערע, אַ סאַך פון זיי פאַרווונדעטע. סאָלדאַטן מיט אָפּגעבריענטע שטיקער שינעלן, צעריסענע וואָליקעס. ס'האָט זיך געפילט, אַז זיי גייען אויף צוריק, און דער פראָנט איז שוין נישט ווײַט, נאָר מיר האָבן זיך נישט געקענט דערוויסן פּינקטלעך, ווו ער גייט דורך. די זשאַנדאַרן פלעגן אונדז פירן צו די דײַטשן אויף אַרבעט.

אַרן, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוואָלט גיין צו די דײַטשן אויף אַרבעט, טאָמיד זיך אויסגעהיט, איז איצט דאַפקע געווען דער ערשטער אויף צו גיין אַרבעטן. ער פלעג אַרויס אויף דער גאַס און וואַרטן, מע זאָל אים קומען נעמען. גלײַך נאָך דער אַרבעט פלעג ער אַוועקגיין צו דאָמקען און דאָרט זײַן ביז האַלבער נאַכט.

— איך פאַרשטיי נישט אַרענען, — זאָגט די מאַמע, — וואָס גייט ער אַליין צו זיי אויף אַרבעט?

— ער גייט נישט אַליין, — זאָגט דער טאַטע, — מע שיקט אים, און ער דאַרף גיין. דו מעגסט שוין אויך פאַרשטיין, צוליב וואָס ער גייט.

איינמאָל האָט מען מיך אויך גענומען צו די דײַטשן אויף אַרבעט. פּלוצעם פיל איך, ווי עמעצער שלעפּט מיך באַם אַרבל.

— אַרן, דו? פונוואַנען האָסטו זיך גענומען?

— מוישע, — זאָגט ער מיר, — האָסט אויגן?

— אַוודאי האָב איך אויגן.

— זאָלסט אומעטום קוקן און וויסן, וואָס דו קוקסט, און ציילן... אַלעס, וואָס וועסט זען, זאָלסטו גוט פאַרגעדענקען, אַפילו ווו און וויאַזוי ס'איז אויסגעשטעלט.

אַרן רעדט צו מיר שטיל, נאָר די אויגן זײַנע ברענען פון כּאַס און פון וועלן נעמען נעקאָמע.

— איך שטעל זיך פאָרנט, — זאָגט ער, — וועט מען מיך שיקן ערגעץ אנדערש. דו בלײַב דאָ, וועט מען דיך שיקן אין אן אנדער זײַט. נאָר מאך זיך טאמעוואטע און טו אלעס, וואָס פאר אן ארבעט זיי וועלן הייסן. באם אהיימגיין וועל איך וואַרטן אף דיר.

די זשאנדארן פירן אונדז צום טויער פונעם הויף, ווו עס שטייט דער דײַטשישער פאָלק. באלד קומען ארויס עטלעכע דײַטשן, שוין איבערגעטאָן ריין, נישט אזוי אָפּגעריסן, ווי ווען זיי זײַנען אָנגעקומען.

— צען יודן פאָרויסגיין.

ער ציילט אָפּ צען מענטשן און פירט זיי אוועק. א צווייטער נעמט אויך צען. אין דריטן צענדליק בין איך ארײַנגעפאלן. דער דײַטש פירט אונדז אוועק אין א לאנגער שטאַל, ווו עס שטייען גרויסע, ברייטע דײַטשישע פערד און הייסט, מיר זאָלן זיי אויסרייניקן.

דער סאָלדאט, וואָס האָט דעזשורעט אין שטאַל, האָט באלד דערקענט אף מיר, אז איך האָב קיינמאָל נישט געהאט צו טאָן מיט קיין פערד און ווייס אפילע נישט, וויאזוי צו האלטן דאָס קעמל אין דער האנט. ער לאָזט זיך גלײַך צו מיר. אין הארץ האָט מיר אָנגעהויבן קלאפּן. איך בין שוין גרייט צו כאפּן א פּאטש אין פּאָנעם. נאָר אָנשטאָט ער זאָל שרײַען אף מיר, זאָגט ער צו מיר שטיל, ריין אף רוסיש:

— איגדערהיים האָסטו געווים קיין פערד ניט געהאט.

— ניין, — זאָג איך און קוק גלײַך אף אים.

— וואָס קוקסטו אזוי אף מיר? איך בין א רוסישער.

ער נעמט א קעמל, לייגט עס מיר ארײַן אין האנט, נעמט א צווייט קעמל און ווײַזט מיר, וויאזוי צו רײַבן דאָס פערד.

— וואָס קוקסטו אלץ אף מיר? — זאָגט ער ווידער. — עס פּאסטן מיר נישט די קליידער?

— פאַרוואָס? זיי פּאסטן אײַך גאנץ גוט צום פּאָנעם.

— איך אָבער פיל זיך זייער נישט גוט אין זיי. מיר זײַנען דאָ א סאך רוסישע אין דעם פּאָלק, מע האָט אונדז גענומען אין ארמיי און מיר האָבן קיין אנדער ברירע ניט געהאט. נאָר דאָס איז ביז אין א צייט... פאַרוואָס שווײַגסטו? — טוט ער פּלוצעם א פרעג. — האָסט מוירע מיט מיר צו רעדן?

— ניין, פאַרוואָס? איר דערציילט, הער איך.

— האלטסט מיך פאר א פאַרעטער.

איך רײַב מיטן קעמל דאָס פערד און שווײַג.

— הער אוף, — זאָגט ער בייז, — דו ווילסט פּאַשעט ניט ענטפערן.

— וואָס זאָל איך אײַך ענטפערן? איר ווייסט...

— יאָ. איך ווייס אליין. גלײַך טוסטו, וואָס דו ענטפערסט מיר נישט, נאָר איך וויל, זאָלסט מיר גלייבן, אז דו מעגסט מיט מיר רעדן. פון זינט מיר זײַנען בא זיי אין ארמיי, האָב איך נאָך קיין איין מאָל נישט געהאט פאר וועמען זיך אויסצורעדן. נאָר וואַרט צו א ווײַלע, — ער גיט מיר זײַן קעמל און לויפט ערגעץ אוועק.

— זײַ פאָרזיכטיק מיט אים, — זאָגט מיר א יִיד, וואָס איז געשטאנען באם צווייטן פערד, — ער זאָל נישט זײַן קיין פּראָוואָקאטאָר, רעד נישט מיט אים.

— איך רעד דען? ער רעדט דאָך. זאָל איך אים פארמאכן דאָס מויל? שאַ, ער גייט.

— קום אהער, — טוט א ווונק צו מיר דער סאָלדאט. ער רופט מיך צום זשאָלעב, ווו די פערד עסן. — אָט האָסטו א קעסעלע מיט סופּ און א שטיקל ברויט, דו קערסט דאָך זײַן הונגעריק. זעץ זיך אוועק און עס אָפּ. איך וועל קוקן, טאָמער וועט דער סערזשאנט אָנקומען.

— א דאנק, — זאָג איך.

איך זעץ זיך אראָפּ, עס אָפּ א ביסל און גיב איבער דאָס קעסעלע דעם יִידן, וואָס האָט מיך געוואָרנט, איך זאָל זײַן פאָרזיכטיק.

— אָט דאָס איז, ווי איך פאַרשטיי, — זאָגט דער סאָלדאט, — גוט, וואָס איר טיילט זיך.

אין דער צײַט גיט דער ייִד איבער דאָס קעסעלע א דריטן.

— ענדיקט, וועל איך ברענגען נאָך.

— איך בעט דיך, — זאָג איך, — דערצייל מיר, וואָס הערט זיך אָף דער וועלט, מיר זײַנען אָפּגעריסן פון אַלעמען.

— הער, ווי זייערע קאָמאַנדעס, הער איך אויך גאָרנישט, נאָר איך מיין, אז קיין סאך צו לײַדן איז שוין נישט געבליבן. אָבער דאָס שווערסטע שטייט אײַך נאָך פאָר. די עסעסאָווצעס פארברענען באם אוועקגיין אַלעס און הארגענען אַלע אײַ... ניין, ניין, נישט נאָר אײַערע. אַלעמען הארגענען זיי. פון יענער זײַט דניעפּער האָבן זיי אַלעס פארניכטעט, ווען מיר האָבן אָפּגעצויגן. איין גליק איז געווען, וואָס מע האָט אונדז אזוי געטריבן, אז זיי האָבן נישט באוויזן אָפּצוטאָן, וואָס זיי האָבן פארטראכט. מעגסט פרעגן, איך וועל דיר ענטפערן. וואָס האָסטו געוואָלט פרעגן?

— ווו איז דער פראָנט?..

— נאשי,[1] ווו זײַנען איצט?

איך קוק אָף אים, איך ווייס נישט, וועמען ער מיינט „נאשי”. ער ווײַזט מיט דער האנט אָף זיך.

— אך, טשאָרט וואָזמי,[2] — כאפּט ער זיך און גיט א ביטערן לאך, — איך האָב אינגאנצן פארגעסן, אז איך בין אין פרעמדע קליידער. די רויטע ארמיי איז צוגעגאַן צום דניעפּער, ווען מיר זײַנען קוים אנטלאָפן, צי די רויטע זײַנען שוין פון דער זײַט, ווייס איך נישט. נאָר איך זע, די נאטשאלסטווע גייט ארום זייער בייז און אײַלט זייער אונטער מיטן רעמאָנטירן די מאשינען. מע האָט געהייסן אַלעס גוט פארמאסקירן, מע ריכט זיך אָף עפּעס. איך רעד, און דו שווײַגסט... ווו געפינט איר זיך דאָ?

— דאָ נישט ווײַט, איבערן שאָסיי, אין געטאָ.

— און דאָס, וואָס איז פאר א צייכן? — ער נעמט אָן דעם געלן צייכן און באקוקט אים.

איך לאָז אראָפּ דעם קאָפּ, ווער רויט, ער הייבט מיר אוף דעם קאָפּ:

— ווישע גאָלאָוו! סקאָראָ קאָניעץ,[3] ווער עס וועט בלײַבן לעבן, וועט געוויס באקומען אזא מעדאַל פאר קענען אויסהאַלטן. ווי הייסטו?

— מוישע.

ער קוקט אָף מיר און שאָקלט מיטן קאָפּ.

— מישא, הייסט עס, איך הייס וואָלאָדיא, נאָר איך האָב שוין לאנג נישט געהערט מײַן נאָמען, דאָ רופט מען מיך וואדיק. ווען דו זאָלסט וויסן, ווי עס ווילט זיך שוין איבערטאָן. פונדאנען ווײַטער גיי איך נישט, ביז צום דניעסטער איז נישט ווײַט. ווײַטער איז בעסאראביע, רומעניע. דאָרט וועט מיר זײַן שווערער, איך קען נישט די שפּראך, דאָ מוז איך זיך פארלירן פון זיי... דאכט זיך, איך האָב זיך שוין איבערגערעדט... נאָר איך מוז זיך אויסרעדן. איך קען שוין נישט האַלטן אין זיך...

— אַלע יודן ארויסגיין, — הערט זיך א געשריי פון דרויסן.

— גייט שנעל ארויס, — זאָגט וואָלאָדיע און טוליעט מיך צו צו זיך. — קיינעם קיין וואָרט...

מיר לויפן אַלע ארויס פון שטאַל און שטעלן זיך אויס אין א קאָלאָנע.

— פאָרויס גיין!

א דײַטש פירט אונדז ארײַן אין גאָרטן, גיט אונדז לאָפּעטעס מיט קירקעס. ער הייסט אונדז אוועקשארן דעם שניי און פאר יעדער הארמאט, וואָס שטייט דאָ, אויסגראָבן א גרוב. ער צעטיילט אונדז צו פיר מענטשן בא א הארמאט.

ביז אָפּדערנאכט האָבן מיר געהאקט די פארפרוירענע ערד.

---

[1] נאשי — אונדזערע (רוס.).

[2] טשאָרט וואזמי — דער רועך זאָל עס נעמען (רוס.).

[3] ווישע גאָלאָוו! סקאָראָ קאָניעץ — העכער דעם קאָפּ. אינגיכן וועט נעמען א סאָף (רוס.).

פון יענער זײַט טויער איז ארן באלד צוגעקומען צו מיר. דער דײַטש פירט אונדז אָפּ א שטיקל וועג און לאָזט אונדז ווײַטער אליין גיין.

— נו, וואָס האָסטו געזען? — פרעגט מיך ארן.

— איך האָב אלעס געזען.

— נו, זאָג גיכער, איך דארף שוין אוועקגיין. זיי האָבן אונדז היַינט א סאך גע־האלטן.

— אין דער שטאל, ווו איך בין געווען, — ראפּארטיר איך, — איז דאָ פיר און פופ־ציק פערד, בא צוועלף הארמאטן האָבן מיר געמאכט גריבער, נידעריקער אין גארטן האָב איך איבערגעציילט אכט און צוואנציק מאשינען צי הארמאטן. וואָס עס איז פינקטלעך, ווייס איך נישט. זיי זײַנען גוט איבערגעדעקט מיט ווײַסע לײַלעכער. נאָר נישט דאָס איז אינגאנצן, ארן. עס איז דאָ א סאך רוסישע צווישן די דײַטשן.

— איך ווייס, — זאָגט ארן, — איך האָב גערעדט מיט איינעם פון זיי. נאָר איך קען נישט פארשטיין, צי איז עס וולאסאָווצעס, וואָס זײַנען געגאנגען פרײַוויליק צו זיי אין ארמיי, צי מע האָט זיי מיט גוואלד גענומען.

איך דערצייל ארענען וואָרט אין וואָרט, וואָס איך האָב גערעדט מיט מײַן וואָלאָדיען.

— גוט, דו גיי אהיים, איך וועל קומען אין א פּאָר שאָ ארום, זע, די מאמע זאָל נישט וויינען.

— ווו איז ארעלע? — פרעגט באלד די מאמע. — ער איז גאָר קיינמאָל נישט מיד, פארוואָס איז ער נישט געקומען גלײַך מיט דיר אהיים? מיר וועלן וואַרטן מיטן עסן אף אים. ביז איך קאָך אָפּ אף די נאסע פּרוטיקלעך בלאָז איך מיר ארויס די נעשאָמע.

— ער וועט באלד קומען, — בארויק איך די מאמע.

אז ארן קומט ארײַן, עסט ער אָפּ אפגיך און קלײַבט זיך ווידער אוועקצוגיין.

— ווּהין גייסטו שוין ווײַטער? עס איז שוין פינצטער.

— צו ליובען, — זאָגט יאָסעלע, — זי איז שוין געווען בא דער טיר, זען, צי ביסט שוין דאָ.

ארן גיט א פארגאנווועטן שמייכל און גייט ארויס.

אין א פּאָר טעג ארום, פארטאָג, וועקט מיך עסטער:

— מוישע, ביסט טויב? שטיי אוף, גיך! דו הערסט?!

— אוואדע הער איך, מע שיסט, און גאנץ נאָענט.

איך קריך ארויס פון אונטער די שמאטעס. אלע אין שטוב זײַנען שוין אראָפּ פון די לײַצעס. איך גיי צו צום פענצטער, הוכקע אָן א ביסל, דאָס אײַז זאָל זיך צעגיין און קוק ארויס. אלעס איז ווײַס ארום, עס שמעקט נאָר ארײַן א שטארקער פארטאָגיקער פראָסט. דאָס שיסן פארשטארקט זיך, עס הערן זיך גאנצע פּײַער־סעריעס פון אווטאָמאטן. אין דרויסן ווערט אלץ ליכטיקער. איך זע שוין גוט. מע שיסט דאָרט, ווו די דײַטשן שטייען אײַן. נאָר ווער אין וועמען עס שיסט, פארשטיי איך נישט.

אייניקע דײַטשן לויפן ארײַן אין טויער, אייניקע זעצן זיך ארײַן אין א מאשין און פאָרן אוועק. אפן שאָסיי בלײַבן ליגן עטלעכע טויטע אָדער שווער פארווונדעטע. אלע אין דײַטשישע מונדירן.

ערשט שפּעט באנאכט, ווען ארן איז אהיים געקומען, האָבן מיר זיך דערוווּסט, וואָס פאר א שיסערײַ עס איז געווען פארטאָג.

פּארטיזאנער זײַנען אָנגעפאלן אף א דײַטשישן פּאטרול. עס איז געוואָרן א סומאטאָ־כע. אלע אָנגעטאָן ווי דײַטשן. מע האָט נישט געוווּסט ווער אין וועמען עס שיסט, צווישן די פארווונדעטע, וואָס מע האָט פארנומען אין האָספּיטאל, זײַנען געווען צוויי פּארטיזאנער, פריִער מיט א שאָ האָבן די פּארטיזאנער זיי ארויסגענומען פון דאָרט מיט די בעטלעך און אוועקגעפירט אף א מאשין.

קימאט יעדן טאָג זײַנען איצט פאָרגעקומען צוזאמענשטויסן מיט די פּארטיזאנער. די רומענער און די דײַטשן האָבן פּאטרולירט אף די גאסן. אין לאגער איז ווידער געוואָרן זייער שטרענג.

אין א פאַרנאַכט לאָז איך זיך אַרײַנגיין צום טאַטן, נאָר כ'דערזע לעם דער שטוב א שליטן, אויף וועלכן ס'זיצן צוויי דײַטשן.

— האָב נישט קיין מוירע, — זאָגט מיר איינער פון זיי אויף אוקראַיִניש, — גיי, וווּהין דו ווילסט.

איך קום אַרײַן צום טאַטן. אויף דער לײַצע לעבן אים זיצן שויך צוויי דײַטשן און רעדן מיט אים.

— דאָס איז מײַן זון, — ווײַזט דער טאַטע אויף מיר.

איך שטעל זיך אַוועק לעבן דער טיר און הער זיך צו, ווי דער טאַטע דערציילט זיי אויף אוקראַיִניש, וויאַזוי מע האָט אים צעבראָכן א פוס, וויאַזוי קאָוווטון האָט אים געשלאָגן, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דער מאַלאַטשנע.

פון דרויסן דערהערט זיך א טומל, דער גאַנצער פּלאַץ איז פול מיט שליטנס, אויף יעדן שליטן — פיר אָדער זעקס דײַטשן. ייִדן לויפן אַרײַן אין די שטיבער, פאַרמאַכן די טירן. אומזיסט טוען זיי עס. איך פאַרשטיי שוין, אַז דאָס זײַנען ניט קיין דײַטשן, נאָר פּאַרטיזאַנער. אינגיכן איז דער פּלאַץ שוין געוועזן ליידיק. אויפן שניי זײַנען נאָר געבליבן סימאָנים פון שליטנס און רעשטלעך פון דעם היי, וואָס מע האָט געגעבן די פערד.

דער טאַטע זאָגט מיר צופרידן:

— אַרנס מענטשן!

— אַזויפיל?

— א גאַנצער אָטריאַד פאָרט איבער אויף אן אַנדער אָרט. דער פראָנט דערנעענטערט זיך, דאַרפן זיי אויך זיך רוקן פאָרויס.

— גוט, וואָס איך האָב דיך דאָ געטראָפן, מוישע, — זאָגט אַרײַנקומענדיק אַרן. — איך האָב גערעכנט צוגיין צו דיר. — ער טוט אויס די נאַסע אָנעטשעס און לייגט זיי אַוועק טריקענען, — מאָרגן גייסטו אויף אַרבעט?

— צו די דײַטשן?

— ניין, דו מוזט זען, זאָלסט אַרײַנפאַלן צו די רומענער. א גאַנצן פאַרנאַכט פאָרן זיך צונויף זשאַנדאַרן פון אַלע דערפער, פון אַנדערע ראַיאָנען, מוזטו זיך דערוויסן, צוליב וואָס זיי פאָרן זיך צונויף אַלע קיין אַבאַדאָווקע.

— וווּהין שיקסטו אים אויך? — מישט זיך אַרײַן די מאַמע, — עס איז מיר ווייניק, וואָס דו ווערסט פאַרפאַלן ביז האַלבער נאַכט?

— ער קומט פון ליובען, מאַמע, — רופט זיך אָן יאָסל.

— מיך וועט איר נישט אָפּנאַרן, קינדער. מײַן האַרץ פילט, ווען ער איז בא ליובען און ווען ער איז בא די, וואָס זײַנען ערשט פונדאַנען אַוועקגעפאָרן.

אַרן פרעגט:

— טאַטע, ווער איז דאָ געווען?

— א גאַנצער אָטריאַד איז דאָ געשטאַנען, זיי האָבן געהאָדעוועט די פערד.

— ווײַזט אויס, נישט פון אונדזער ראַיאָן, איך גיי. עס איז שוין שפּעט, א גוטע נאַכט.

אַרן גייט מיר נאָך.

— מוישע!

— וואָס דאַרפסטו מיר איבערכאַזערן? נו און דו?

— איך? איך האָב אן אַנדער אויפגאַבע, ווען איך קען גיין, וואָלט איך דיך נישט געשיקט.

אינדערפרי. איך טו זיך אָן.

— וווּהין טראָגט עס דיך אַזוי פרי? — שטעלט מיך אָפּ עסטער.

— איך וועל באַלד זײַן צוריק. איך גיי צו צו דער קולטוס-געמיינדע.

— מע וועט דיך כאַפּן אויף אַרבעט.

איך הער שוין נישט, וואָס עסטער שרײַט מיר נאָך. איך בין שוין פון יענער זײַט טיר. אויף דער גאַס באַגעגנט מיך באַלד איינער פון די ייִדישע פּאָליצײַען.

— וועסט גיין צו די זשאנדארן אױף א ארבעט, אױף א פּאָר שאָ.
— א ברייטע האָב איך, אז איר הייסט, וועל איך גיין.
דער אנדערער פּאָליציאַנט פירט ארויס פון א שטוב נאָך צוויי יידן און הייסט זיי זיך אוועקשטעלן לעבן מיר. פון דער גאס קומט אָן א זשאנדאר, פירט נאָך עטלעכע יידן. די פּאָליציאַנטן גיבן אונדז איבער דעם זשאנדאר. ער פירט אונדז אריין אין א סאראַי מיט קלע־צער האָלץ, גיט אונדז א לאנגע זעג און עטלעכע העק.
— ביז איר וועט דאָס נישט צעזעגן און צעהאקן, גייט איר נישט אהיים. איר האָט געהערט, זשידאני?
איך נעם נאָך מיט איינעם די זעג, איך וויל זיך דערוואַרעמען. דורך דער האלב־אָפענער טיר פונעם סאראַי דערזע איך, ניין, עס קען נישט זײַן, איך קוק ווידער, יאָ, עס איז זי, קלארע פון בריטשעוו.
— וואָס שנײַדסטו נישט? — פרעגט מיך מײַן פּאָר.
איך לאָז אָפּ די זעג און גיי ארויס אין הויף.
— קלארע, וואָס טוסטו דאָ?
— מיר זײַנען נעכטן אלע געקומען אהער.
— ווער מיר?
— פון די קלענערע ראַיאָנען און פון די דערפער ארום האָבן אלע זשאנדארן באַקו־מען א באפעל איבערצופאָרן קיין אָבאָדאָווקע. דאָ וועט זײַן א גרויסע זשאנדארמעריע, דאָרטן האָבן זיי מוירע, יעדער מאָל פאלן אָן די פּארטיזאנער. אלע נאכט פעלן זשאנדארן.
— און דיר וואָס גייט עס אָן? פארוואָס ענטפערסטו מיר נישט, וואָס דו טוסט דאָ?
— איך... איך... — ווערט זי אינגאנצן רויט, — איך ווױן דאָ מיט איינעם.
— מיט א זשאנדאר?
— ניין, נישט מיט קיין פּאָשעטן, מיט א לאָקאָטאָגענט.
— אזוי?! דערפאר ביסטו דאָס, עס טוט מיר שוין באנג, וואָס איך בין ארויס צו דיר.
— ווילסט אהיימגיין פונדאנען? — פרעגט זי.
— און אז איך וויל, וואָס קען מיר העלפן?
— באלד וועסטו אהיים גיין.
איך קוק זי אָן פון אונטן ביז ארויף.
— וואָס קוקסטו אזוי אױף מיר? איך האָב מיך שטארק געמוטשעט, ער האָט זיך פאר־ליבט אין מיר; ער קויפט מיר אלעס, איך גיי גוט אָנגעטאָן און עס דאָס בעסטע. איך וויל לעבן ווײַל עס לעבט זיך. אָט גייט ער, קוק ווי שיין ער איז.
איר לאָקאָטאָגענט זעט זי רעדן מיט מיר, קומט ער צו.
— דאָס איז מײַנער א כאווער פון מײַן שטעטל, — פארענטפערט זי זיך פאר אים. — ער האקט דאָ האָלץ, לאָז אים אָפּ אהיים.
— לויף אהיים!
— א דאנק! — זאָג איך, און בין שוין פון יענער זײַט טויער.
— האָסט געהאלטן וואָרט, מוישע, ביסט שוין דאָ צוריק. — באגעגנט מיך עסטער.
— עסטער, עסטער, דו ווייסט וועמען איך האָב געזען? — און איך דערצייל איר וועגן מײַן באגעגעניש מיט קלארען.
עס קומט אריין יאָסל מיט א נײַס:
— איר האָט געהערט? בא דער קולטוס-געמיינדע הענגט א מעלדונג, אז דער „רוי־טער קרייץ” פירט ארויס אלע קינדער קיין רומעניע. ווער עס וויל אָפּראַטעווען זײַנע קינ־דער, זאָל קומען זיך פארשרײַבן, — יאָסל גיט א קוק צו איידעלען.
איך טו זיך שוין אָן און גיי אוועק צו דער קולטוס-געמיינדע. דער פּלאץ איז פול מיט יידן. עס שטייען רעדלעך צו פינף-זעקס מענטשן. אומעטום דערציילט מען עפּעס אנדערש.
— אז דער „רויטער קרייץ” נעמט ארויס די קינדער, איז א סימען, דער פראָנט איז שוין נישט ווײַט, מע וויל כאָטש אָפּראַטעווען די קינדער, — זאָגט איינער.

— מיר זײַנען אַלע פֿאַרפֿאַלן. די עסעסאָווצעס וועלן אונדז אַלע אויסשיסן, — טײַנעט א צווייטער. ער דערציילט, אַז אין א דאָרף לעבן בוג זײַנען אַריבערגעקומען דײַטשן, זיי האָבן צונויפֿגענומען אַלע ייִדן פֿון יענעם דאָרף, געהייסן, זיי זאָלן אופֿהאַקן דאָס אײַז, און דערנאָך זיי אַלעמען אַרײַנגעוואָרפֿן אין בוג .

א דריטער דערציילט, אַז אין אַנדער דאָרף, האָבן די עסעסאָווצעס צונויפֿגענומען אַלע ייִדן אין איין שטוב. די שטוב באַגאָסן מיט בענזין און אָנגעצונדן.

ייִדן הערן דאָס אַלץ אויס, שטייען אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און קרעכצן שטיל: „אַזויפֿיל זיך געמוטשעט, און דער סאָף... ווער ווייסט...“

איך פֿיל, ווי די האָר הייבן מיר אויף די אושאַנקע. עס באַשלאָגט מיך א שווייס. איך גיי צו נעענטער, לייען איבער די מעלדונג און לאָז זיך לאַנגזאַם אַהיים. אפֿן וועג טראַכט איך וועגן אײדעלען. מיר זײַנען שוין אַזוי געוווינט מיט איר, זי פֿילט זיך אַזוי גוט בא אונדז... און ציליע... אַרן וועט זי געוויס נישט אָפּלאָזן, ער האַלט זי נאָך בעסער ווי אַן אייגן שוועסטערל. ווו ער געפֿינט עפּעס א גוטן ביסן, ברענגט ער איר. אָבער צי האָבן מיר רעכט צו פֿאַרהאַלטן די קינדער? עפּשער וועלן זיי פּאָרט בלײַבן לעבן, אויב מיר וועלן זיי אָפּשיקן? ווער ווייסט, צי וועט זיך אײַנגעבן זיי אויסצובאַהאַלטן. דער דײַטש איז איצט ווי א פֿאַרוווּנדעטע חיה, וואָס צערײַסט אַלעס, וואָס קומט איר אַנטקעגן. וואָס זשע טוט מען?

מיט די געדאַנקען בין איך אַרײַנגעקומען אין שטוב.

— נו, וואָס איז דאָרט? עס איז טאַקע עמעס? — פֿרעגט מען מיך.

— עמעס, — זאָג איך, — נאָר וואָס טוט מען? איך שיק נישט די קינדער, וואָס עס וועט זײַן מיט אונדז, וועט זײַן מיט זיי.

אײדעלע טוליעט זיך צו עסטערן, קוקט אויף מיר, נאָר זאָגט נישט קיין וואָרט.

— יאָסל איז געווען אונדז רופֿן, — זאָגט עסטער, — קום אַרײַן צום טאַטן.

באַם טאַטן אין שטוב זײַנען שוין אַלע געזעסן אויף דער לײַצע, ציליע איז געזעסן בא אַרענען אויף די הענט. דאָס קאַנעצל האָט נאָך נישט געברענט. אַזוי, אין בײן־האַשמאָשעס, האָבן מיר גערעדט וועגן דעם, וואָס טאָן מיט די קינדער...

— טאַטע, וואָס זאָגסטו? — פֿרעג איך.

— מיר שיקן זיי נישט אין ערגעץ.

— איך האָב אויך דאָס געזאָגט, טאַטע, אָבער...

— וואָס אָבער? דו ווילסט מיר זאָגן, אַז זייער אָפּציִען וועט זײַן ערגער ווי זייער אָנפֿאַלן? אָט וועט איר זען, קינדער, זיי וועלן אַזוי לויפֿן, אַז זיי וועלן פֿאַרגעסן אין אונדז. גייט אַהיים, מאָרגן וועלן מיר זען, וואָס מיר האָבן צו טאָן.

אויף מאָרגן האָט דער גאַנצער לאַגער געקאָכט. ייִדן האָבן ווידער דערציילט שרעקלעכע געשיכטעס פֿון די עסעסאָווצעס. עלטערן האָבן פֿאַרשריבן זייערע קינדער, עס האָט געהייסן, אַז דעם אַנדערן טאָג דאַרף מען זיי שוין אַוועקשיקן, אַלע זײַנען מיר אַרומגעגאַן ווי צעמישטע.

— איר האָט נישט קיין רעכט צו פֿאַרהאַלטן די קינדער, — זאָגט מיר כאַוויס, א שאַכן, וואָס האָט זיך געקאָהאַלט אין קולטוס־געמיינדע. — איר קענט ריזיקירן מיט אײַער לעבן, אָבער נישט מיט די קינדערס, אַז מע נעמט זיי יאָ, מוזט איר זיי שיקן, זיי וועלן שווײַגט איר?

געוויס בלײַבן לעבן. מ׳וועט אײַך צווינגען, איר זאָלט זיי אַוועקשיקן. און איר, קינדער, וואָס

ציליע און אײדעלע זײַנען געזעסן איינע לעבן דער אַנדערער און זיך געהאַלטן בא די הענטלעך.

— אין רומעניע וועט אײַך זײַן בעסער, — טײַנעט צו זיי כאַוויס, — דער „רויטער קרייץ“ וועט שוין זאָרגן פֿאַר אײַך.

אײדעלע מיט ציליען הייבן אויף די אויגן און קוקן צו מיר מיט עסטערן. עס קומט אַרײַן דער טאַטע:

— קינדער, איך קום פֿון דער קולטוס־געמיינדע. פֿון די הערעכצער גרוילט מיך אַזש, עפּשער איז באַשערט, די קינדער זאָלן בלײַבן לעבן. גיי, מוישע, פֿאַרשרײַב זיי.

— נו, וואָס האָב איך אײַך געזאָגט, — רופט זיך אָן כאַוויס, — אײַער פּאָטער פֿאַרשטייט מער פֿון אײַך. מיר מוזן אָפּראַטעווען אַלעס, וואָס עס לאָזט זיך.

עסטער זאָגט מיט א האַלב מויל:

— גיי, מוישע, פֿאַרשרײַב זיי.

איבער א שאָ בין איך געשטאַנען אין דער ריי, ביז איך האָב פֿאַרשריבן די קינדער.

דער סעקרעטאַר ווינדיש האָט מיך אַלעס אויסגעפֿרעגט און אַלעס פֿאַרשריבן.

— טוט זיי אָן ווארעם, — זאָגט מיר אָן ווינדיש, — און גיט זיי מיט עסן אויף איין טאָג. ביז באַלטע שיקן מיר זיי מיט שליטנס, דאָרט נעמט זיי איבער א פֿאָרשטייער פֿונעם „רויטן קרייץ" און וועט זיי פֿירן קיין רומעניע. מאָרגן גאַנצפֿרי זאָלט איר זיי ברענגען אַהער.

איידעלע מיט ציליען קוקן אויף מיר, ווען איך קער זיך אום, מיט דערשראָקענע אויגן. עסטער שיסט אויס א געוויין און נעמט זיך אויפטרענען אַן אַלטע קופּײַקע, ארויסנעמען דעם וואַטין, קעדיי מאַכן די קינדער לײַבלעך.

איך נעם זיך מאַכן פֿאַר זיי צוויי אושאַנקעס. אַלע פֿון דער שטוב העלפֿן עפּעס צוגרייטן.

אַרן ברענגט אַרײַן א ברויט מיט א שטיקל סאַלע, לייגט עס אַנידער אויפֿן טיש, גייט צו צו ציליען, נעמט זי אַרום און זאָגט ניט גאָרנישט. דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך זע אַרענען וויינען. ערווישט זיך אויס די אויגן, און זאָגט:

— איך וועל קומען פֿאַרטאָג באַגלייטן...

איך בלײַב שטיין מיט דער אַרבעט פֿאַרטראַכט. אַרן האָט געוויינט. דער שטאַרקער אַרן, וואָס האָט נישט געוויינט אַפֿילע, ווען קאָוועדן האָט געשניטן שטיקער פֿון אים. ער איז אַזוי צוגעוווינט צו ציליען, ער האָט זי אַזוי ליב! וויאַזוי וועלן מיר זײַן אָן די קינדער?

איידעלע מיט ציליען זעען, ווי מיר אַלע גרייטן זיי צום וועג און זיצן שטיל אין א ווינקל. אויף זייערע פּנימלעך קען מען איבערלייענען, וואָס עס טוט זיך בא זיי אין די הערצעלעך.

די נאַכט זײַנען די קינדער געשלאָפֿן אײנײנעם. פֿאַרטאָג איז אַרן געקומען און געבראַכט עטלעכע קנישעס פֿון אַרבעס, געהאָלפֿן אָנטאָן די קינדער. מיר האָבן זיי צוגעפֿירט צו דער קולטוס-געמיינדע, דאָרט זײַנען שוין געשטאַנען עטלעכע שליטנס. מיר האָבן אויפגעזעצט די קינדער, אײַנגעדעקט מיט שטרוי די פֿיסלעך. די פֿויערים אויף די שליטנס האָבן זיך געאײַלט, עס איז א ווײַטער וועג, זיי האָבן מוירע, די נאַכט זאָל נישט פֿאַרכאַפּן. מיר האָבן אַפֿילע זיך נישט געזעגנט, ווי עס באַדאַרף צו זײַן. די פֿערד האָבן גערירט, און מיר זײַנען געבליבן שטיין און נאָכגעקוקט, ווי די שליטנס מיט די קינדער, וואָס זייערע עלטערן זײַנען צעשפּרייט אין די מאַסן-גריבער פֿון דער טראַנסניסטריע, פֿאָרן ארויס פֿונעם לאַגער, ציִען זיך באַרג-אַרויף אויפֿן וועג, אויף דעם זעלבן וועג, ווו מע האָט מיך מיט יאָסלען געטריבן קיין ניקאָלײַעוו. מיר קוקן נאָך, ביז מע זעט זיי אַלץ ווינציקער און ווינציקער און זיי ווערן פֿאַרשוווּנדן פֿון יענער זײַט באַרג.

(פֿאָרזעצונג קומט)




דאָרע טייטלבוים
(פאריזש)

# נײַע לידער

## גוט-מאָרגן דיר, וועלט

יעדן אינדערפרי,
ווען ווי א ווײַסע שוואַן דער נײַער טאָג
אף מײַן דאך די פליגל שפרייט,
און מיט שנאָבל גאָלדענעם
אין שויבן פיקט,
טיר און פענצטער פון מײַן צעלט
איך עפן ברייט
און זאָג:
גוט-מאָרגן דיר, וועלט!

פון אלע וווּנדער דײַנע,
מײַן טאטע האָט געשפּעט,
אף יענער-וועלט דיך אויסגעביטן,
צו א י ם, אין די הימלען נאָר גערעדט.
טאנייסים געפאסט.
צווישן וועלטן צוויי אינמיטן,
דאָס גאנצע לעבן זײַנס,
געגאנגען ר'איז אהין.
נאָר איך, צו דיר פארקנאסט
פון קינדווײַז אָן איך בין.

גוט-מאָרגן דיר, וועלט,
און אלע אײַך,
ברידער מײַנע פון שווייס און מי,
אין דזשונגליעס, אין פּרעריִעס,
אין דערפער, אין שטעט,
פון לייבן שטאָלענע געיאָגט,

פון ווינטן געזאַלצענע געשמיסן,
פון זונען בראַנדיקע
געבראָטן און געקאַרבט,
ווי וואַרצלען צו דער פינצטערניש געשמידט,
איך הער פון ווײַטן די טריט,
די טאַמטאַמס, די פּויקן,
די שפּאַדלעס, די העק,
וואָס שפּאַלטן די נאַכט
און שנײַדן צום קאַיאַר דעם בלויען א וועג.

## האַרבסט

ווען ס׳רעדן מײַלער פון וואָלקאַנען
מיט באַזאַלטשטיין צעשמאָלצענעם,
מיט לאַווע בראַנדיקער
און קוואַרץ,
ווען אַלץ אַרום
דעם האַרבסט
אָפּ זיך טוט אָן, —
זײַ שטום, מײַן האַרץ,
זײַ שטום.
ס׳איז אַצינד
פון שווײַגן
דער סעזאָן.

ווען ס׳רעדן מײַלער פון וואָלקאַנען
און דער שטיינערנער צאָרן
איז אויסגעשטאַנען
און צײַטיק געוואָרן,
ווען טעג ווי פּלינטן
קוקן אין אויגן דיר אַרײַן,
ווען וויסטע וואַיענדיקע ווינטן
שפּרינגען פון דער נאַכט אַרויס,
ווי שפּאַרבער פון א שטײַגל א פאַרשפּאַרטס,
און טרײַבן די טעג אַרונטער פונעם זינען, —
געדענק, מײַן האַרץ:
ס׳איז נאַכט —
די מאַמע פון באַגינען.

## די לעצטע רויז

א געלבלעך־גרויער האַרבסט אינדערפרי
מיט אויגן וואַסערדיקע, שטאַרע
דאָס גאָלד פון זומער זאַמלט אײַן.
נאַקעט־הויל מײַן גאָרטן שוין.
קוויטן־קלומבעס אָפּ די קני.
פון צווײַגן אַוולדיקע, דאַרע,
אַלע בלעטער שוין אַראָפּגעפאַלן.

נאָר צווישן זיי, אינדערמיט,
א רויז א ווײַסע —
א שמייכל פון דער ערד —
אַף שטענגל הויך
און טראָציק בליט.
אין דינע זײַדענע פעטאלן
אײַנגעוויקלט און פארהוילן
א צווילינג,
דער גזאר און דער זאַט
פאר מאָרגנדיקן פרילינג.

## ווו איז דער ניגון?

גרויע, גלעזערנע פארטאָגן,
ווי וואסער־ווענט, יאמיקע, הויכע,
דיר גייען מעסוקן אנטקעגן.
די זון — א שפיגל פארדעקטער,
אין אן אָוולדיק הויז
און נעכט, ווי צעשפּאָלטענע קרוגן,
וואלגערן זיך אַף שוועלן.
די אלטע ווײַנען — אויסגערונען.
דער הימל — אָקסן דערשטאָכענע, שווארצע,
מיט מעסערס אין רוקן.

גאסן — לעגענדעס אײַנגעבונדענע
אין טאָוולען פון בעטאָן, —
טוקן זיך אין טײַך, צעכוואליעטן פון שטאָל.
טריט אַף טראָטוארן,
מיט שטיינער פירן דעם איינסאָפיקן דיאלאָג.
און סוידעס פון פארליבטע אין בולווארן
אַףביימער שושקענדיק זיך וויגן,
ווי אמאָל, ווי אמאָל,
נאָר ס׳איז ניטאָ, ניטאָ מער דער ניגון.

די נאכט דורך שפארונעס פון צײַט
טריפט אין טעג אין אלע ארײַן,
ווי רעגן, א דארער אין כאָרעווע שטיבער
און דער כאָלעם ווײַט־ווײַט ערגעץ ליגט
אין טיפע, פארשאָטענע גריבער.
ווי שטומע צינגער אין ברענענדיקע שטאלן,
ברומען דולע מעסלעסן.
היישעריקן מיט הונגער ניט געשטילטן
די צײַטיקע זאנגען באפאלן
און די קערנער זיי פיקן, פיקן.
נאקעט, הויל און וויסט,
ווי דער וואלד אין ווינטער.
מײַן פאָלק, אצינד דו ביסט
און ס׳איז ניטאָ, ניטאָ מער דער ניגון.

## קינדער־יאָרן

קינדער־יאָרן מײַנע —
פלאמינגאָס הונגעריקע, ווײַסע.
מיט פײַער־פליגל פארבלוטיקטע, ברייטע,
אף אלע וועגן פון מײַן וואנדער
איר האָט זיך נאָכגעשלעפט.
מיט העלדזער אויסגעשטרעקטע, לאנגע,
און שנאָבלען, פעכיקע, שארפע,
די געלעכטערס מײַנע,
ווי אין יאם די פישלעך צאפלדיקע,
איר האָט געפאנגען.

קינדער־יאָרן מײַנע,
כ'האָב צעשיידן זיך מיט אײַך געוואָלט,
ווי צעפ ווי שווערע אָפגעשאָרן,
נאָר אויסגעוואקסן איר זענט ווידער.
ווי אין וואלד באטאָג די מוכאָמאָרן,
איר האָט פון ליכט זיך אויסבאהאלטן.
נאָר באנאכט אפסנײַ
איר קריכט פון דער פינצטערניש ארויס
און בליט, ווי קווייטן בלייכע,
אף א בעסאלמען אן אלטן.

## אָ, לעבן

איך גיי אין דיר ארום,
ווי אין א וואלד איינסאָפיקן, געדיכטן,
מיט דוירעס, ווי פון הארבסטן די בלעטער
אײַנגעפרעסטע שיכטן אף שיכטן.
אף שטיגן פון כאלוימעס איך קלעטער
און פון צײַט די וואָג,
ווי פון לעכער שווארצע, שווער
אף די פלייצעס מײַנע איך טראָג
און יעדן צאפל, ציטער און וויבריר
פון נאָענט און פון ווײַט
איך הער. איך זע. איך שפיר.

אָ, לעבן,
איך גיי ארום אין דיר ווי אין א וואלד.
מיט כראָסטן און ווילדוויקס־קנוילן
באוואקסן און פארהוילן.
אמאָל אינמיטן גאנג א פאכעד מיך באפאלט
פארן שאָטן פון מײַן אייגענעם געשטאלט.
אף וועגן פינצטערע, בלינדע
אין זיגזאגעדיקן געדריי,
מיט נאכט פארפלייצט און באוואכט.
בארג־אראָפ. בארג־ארוף
איך גיי.
איך ווייס: דאָרט,
אף יענער זײַט וואלד,
די זון אצינד גייט אוף.

שׂ י מ כ ע  ס י מ כ אָ וו י ט ש
(טאָראָנטאָ)

## ווהין?

אף מיזרעך מיר שפאנען אין וואָגל, אין וואנדער,
באגלייט מיט געוואַי, באגלייט מיט יעלאַלעס;
ס׳פלאקערט דער ווייטיק און ווינט זיך פאנאנדער,
און ס׳פייַניקט די שייַן פון פארברענטע אמאָלן.

אף מיַרעוו מיר ציִען — צעפּאָלאָשעטע פייגל,
פארברענט איז דער וואלד און צעשטערט די נעסטן;
דעם שווייס און דעם איפּעש מיר אָטעמען איַין
אין לאגערס פארשטיקטע, אין באנען פארפּרעסטע.

מיר לויפן אף צאָפן, מיר יאָגן אף דאַרעם,
דורך שטעט און לענדער, אף שטייניקע וועגן;
די וועלט איז א יאם, א צעוויגטער אין שטורעם,
און ווו איז א רעטונג? און ווו זייַנען ברעגן?

עס יאָגט אונדז דער פייַנט און דער אייגענער שאָטן,
עס יאָגט אונדז דער אומרו, דער פּאכעד אין הארצן;
אָ, ווו איז א היים, אָ, ווו איז א באָדן —
אפסנייַ זיך פארנעסטן, אפסנייַ זיך פארוואָרצלען?

## אונדזער קינד

מיר טראָגן אף אלע פארוואָגלטע וועגן
מיט ציטריקע הענט אונדזער לעצט פארמעגן.
אף פרעמדע געלעגערס, אין נאכט און אין ווינט —
מיר טוליען און שיצן פון קעלט אונדזער קינד.

דאָס קינד האָט דעם אומרו מיט מילך געזויגן,
אין פרעגנדיק־קלוגע קינדערשע אויגן
דער טרויער פון דוירעס ליגט באהאלטן,
ווען ס׳לויכט אויך אין זיי מיט כיין מיט אוראלטן.

די ליפּעלעך שמייכלען ווי שטראלן צעשפּילטע,
עס וואָרעמט איר אָטעם, עס טרייסט איר געוויין,
מיר בלאנקען אין שרעק אף וועלפּישע שליאכן
און זוכן א וויגל פאר איר און א היים.

## צו פרידלעכע ברעגן

מעכטיקער יאַם, אומענדלעכע טיפֿן,
ברויזיקע כוואַליעס צעוויגט אין שטורעם,
פֿילט איר מײַן עלנט? הערט איר מײַן רופֿן?
פֿאַרנעמט איר דאָס שטומע געשריי פֿון מײַן צאָרן?

כ׳טראָג זיך מיט אײַך — אַ וואָגלער אַ מידער,
ווײַט איז דער ברעג, און איך ווייס ניט אַליין,
צי זײַן וועט אַ סאָף צו מײַן וואָגל־וואַנדער,
אַ טרייסט צי עס וועט נאָך פֿאַר מיר ערגעץ זײַן...

כ׳גיב איבער זיך, כוואַליעס, אין אײַער שויס,
ס׳איז האָפֿענונג מײַן איינציק פֿאַרמעגן,
טראָגט מיך אַריבער דורך יאַם און דורך שטורעם
צום נײַעם אָרט, צו פֿרידלעכע ברעגן.

## זינגען

לידער פֿון זון און פֿון רעגן,
לידער פֿון פֿעלד און פֿון פֿרײַ,
זינגען און זינגען — ניט פֿרעגן,
זינגען און זינגען אָפּסנײַ.

די זון שײַנט אין יעדן פֿרימאָרגן
און גאָלדיקט די אָרעמע שוועל,
זינגען און זינגען — נישט זאָרגן,
זינגען פֿון טרייסט און פֿון העל.

זינגען פֿון בלויען באַגינען,
פֿון שקיִע אין פּורפּור־רויט,
פֿאַראַנען אין אַלץ איז אַ זינען,
אַפֿילע אין גרויזאַמען טויט,

וואָס קאָן ניט דאָס לעבן באַזיגן,
אין אייביקן, גלײַביקן גאַנג.
איבער פֿאַריאָסעמטע וויגן
גייט אויף פֿונסנײַ אַ געזאַנג.

## אײביק

אייביק, אייביק, אייביק
איז דער מענטש אין זײַן גאַנג,
אייביק, אייביק און גלייביק
איז דער קוואַל פֿון געזאַנג.

אייביק, גרויס און מעכטיק
איז דאָס גאַרן נאָך גליק,
אייביק, ליכטיק, פּרעכטיק.
איז דער נעס פֿון מוזיק.

אייביק און צאָרנדיק
איז דאָס פֿײַער אין ברוסט,
וואָס צינדט אָן די הערצער
מיט ליבע, לייד און לוסט.

אייביק, אַלמעכטיק — דער טויט,
דער שטרענג־גרויזאַמער האַר,
וואָס לייזט אויס איעדן, —
דעם כאָכעם ווי דעם נאַר.

## ברויט און זון

װער ס'בענקט נאָך ברויט פון קימל
און װער — נאָך א לײַװנטן קלייד,
װער ס'לעכצט נאָך א ברעקל הימל
און װער — נאָך א סאך פרייד, —

זאָל זינגען מיט מיר אינײנעם,
זאָל טראָגן דאָס נײַע געזאנג:
„ברויט און זון — פאר יעדן אײנעם,
ברויט און זון אונדזער פארלאנג!"

## עטלעכע װערטער װעגן א באגאבטן דיכטער

מיט דעם דיכטער שימכע סימכאָװיטש האָב איך זיך באקאנט בײַם מײַן רײַזע אין קאנאדע. זײער א באשײדענער מענטש, זײער אן ערנסטער. א באגאבטער דיכטער. מע קאָן זאָגן — שוין אין בעקאָװעדיקן עלטער. כאָטש לויט זײַנע לידער, װאָס ער האָט געלייענט אף א ליטערארישן אָװנט אין טאָראָנטאָ, װאָלט איך געזאָגט, אז ער איז נאָך אפילע גאנץ יונג, אין בלי פון זײַן טאלאנט. א יאָדערדיקע, ערדישע פאָלקס־שפּראך, רײַכע פאָעטישע פארבן. א דיכטער מיט א סאך לעבנס־דערפארונג, דאָס אלץ גיט צו זײַן ליד אײגנארטיקײַט, שטײַפקײַט, פאָלקסטימלעכקײַט.

דערצו נאָך איז סימכאָװיטש זײער אן ארבעטזאמער, שלײַפט פלײַסיק זײַן װאָרט, און דאָס גיט גוטע רעזולטאטן.

ערשט ניט לאנג איז אין מאָנטרעאל דערשינען א בוך לידער סימכאָװיטשעס, װעלכער איז זיך שנעל פאנאנדערגעגאן איבערן לאנד. קײן שלעכטע לידער לײענט ניט דער היגער אוילעם — ער האָט ניט קײן צײַט פאר אזעלכע זאכן...

אז איר װעט זיך צערײדן מיט שימכע סימכאָװיטשן, װעט איר גלײַך זיך אָנשטויסן, אז ער איז ניט קײן געבוירענער אין קאנאדע. אין דער יוגנט האָט ער בא זיך אינדערהײם, אין פוילן, זיך באקאנט מיט די דאָרטיקע דיכטער און פּראָזאיקער און אונטער זײער װירקונג א פּרוּװ געטאָן זײַנע קויכעס אין דער ייִדישער פּאָעזיע. אין זײַן געבורטשטעטל אָטװאָדסק האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן, און גאנץ געלונגען.

געבויר! איז סימכאָװיטש אין 1921, און די גאנצע װעלט איז פאר אים געװען אָפן. ער איז אריבערגעפאָרן קײן װארשע, געהאט פיל פּלענער, אָבער אים, װי זײַן גאנצן דאָר, האָט ניט אָפּגעגליקט. די היטלערישע כאיאָלעס זײַנען אָנגעפאלן אף זײַן הײמלאנד, און צוזאמען מיט טויזנטער יוגנטלעכע פון די פּוילישע שטעט און שטעטלעך האָט ער זיך געלאָזט לויפן פון דער מאגײפע אף מיזרעך, קײן סאָװעטנפארבאנד. דאָרט האָט מען די פּלײטים פרײַנטלעך אופגענומען און אריבערגעפירט אין הינטערלאנד. שימכע האָט זיך אײנער פון זײַן גרויסער מישפּאָכע געראטעװעט — אלע געבליבענע אינדערהײם זײַנען אומגעקומען אין אָשװענטשים און טרעבלינקע...

אין מיטל־אזיע האָט ער געארבעט אין פארשײדענע לאנדװירטשאפטלעכע ארטעלן, פארזוכט קאלטס און װארעמס, אָבער געװען אויסער דער געפאר. װען די סאָװעטישע ארמײ האָט באזיגט די פאשיסטישע מאגײפע, האָט ער זיך אומגעקערט אהײם, אף די כורװעס.

אויך אין דעם באפרײַטן פוילן האָט דער דיכטער ניט געפונען קײן רו. ער האָט דאָרט איבערגעלעבט — שוין נאָך דער מילכאָמע — דעם שרעקלעכן פּאָגראָם אין קעלץ, נאָך װעלכן טויזנטער געראטעװעטע ייִדן האָבן פארלאָזט פוילן און אװעק װער־װוּהין זיך דעראָבערן א נײַע הײם. מיט גרויסע שװעריקײַטן האָט דער דיכטער זיך דערקליבן קײן קאנאדע, װוּ ער איז אָנגעקומען אין דעם מאָנטרעאלער ייִדישן לערער־סעמינאר און אין טאָראָנטער אוניװערסיטעט. ער איז דער מעכאבער פון א רײ לידער־זאמלונגען: „אזוי איז א יוגנט פארגאנגען", „אין שאָ פון טפילע", „צאר און טרײסט" און אנדערע.

צו אלע זײַנע מײַלעס דארף איך נאָך אונטערשטרײַכן, אז סימכאָװיטש איז א גרויסער פרײַנט פון אונדזער סאָװעטישער ייִדישער פּאָעזיע. אין זײַנע ארויסטרעטונגען אף ליטערארישע אָװנטן געפינט ער שטענדיק צײַט צו באקאנען דעם אוילעם מיט אונדזער דיכטונג. ער איז א געטרײַער לײענער פונעם זשורנאל „סאָװעטיש הײמלאנד". ניטאָ אזא נומער, װאָס ער זאָל ניט געװען איבערלײענען פון אָנהײב ביזן סאָף, ניט „נאשן" עפּעס פון אונדזערע דיכטער, בא װעלכע ער לערנט זיך און װעמען ער שאצט אָפּ זײער הויך.

פון זײער זײַט װעלן די לײענער פון „סאָװעטיש הײמלאנד" מיט פארגעניגן זיך באקאנען מיט די לידער פון שימכע סימכאָװיטש פון קאנאדע.

און פארװאָס טאקע ניט?

הערשל פּאָליאנקער

שמועל גאָרדאָן

# ייִזקער

## 10

באַם אַריַינלאָזן זאַלמענען צוריק צו זיך אין קאַמער האָט דער ווערטוכיַ באַ דער טיר אים, ווי פאַריקס מאָל, געוואָרנט, אַז מע טאָר ניט זיצן באַנאַכט אינעם אָנטאָן, מע דאַרף אַרונטערקריכן אַן אויסגעטאָנענער אונטער דער קאָלדרע, אַפילע ווען ביז דער קאָמאַנדע „אופשטייִן" איז געבליבן ניט מער פון אַ מינוט. זאַלמען האָט אָבער אויך געוווּסט, אַז נאָך דער קאָמאַנדע „אופשטייִן" טאָר מען קיין איבעריקע מינוט ניט בליַיבן ליגן... דער וואַכמאַן אין קאָרידאָר באַ די טירן פון די קאַמערן פאָלגט יעדן שטרענג נאָך. דאָס פאַרגראַטעוועטע שטיקל הימל אין פענצטער אונטערן נידעריק־אָנגערוקטן דאַשעק איז ניט קיין זייגער אונטערצוזאָגן, ווו האַלט מען מיט דער צײַט, וויפל אַן ערעך האָט די שלאָפלאָזע נאַכט אים איבערגעלאָזט אַף צו צושפּאָרן דעם קאָפּ. זאַלמען האָט אָבער מוירע אײַנשלאָפן, ער וועט ניט קאָנען דעם קאָפּ נאָכדעם אופהייבן און באַצאָלן דערפאַר מיט אַ דרײַ־פיר מעסלעס קאַרצער אָדער מיט אָפּנעמען דאָס רעכט זיך באַנוצן איינע צי צוויי מאָל מיט אײַנקריפן אין דעם טורמע־לאַריאָק אַף דער געלט־קוויטאַנציע עפּעס פונעם עסנוואַרג. בליַיבט דאָס איינציקע: ניט צולאָזן דעם שלאָף, מיט די לעצטע קויכעס אים אָפּטרײַבן פון זיך און, ניט צושליסנדיק קיין אויג, זיך דערוואַרטן אַפן באַגינען. ווי נאָר זאַלמען האָט אָנגעהויבן פאַרלירן די מאַכט איבער זיך, עס נעמען צושליסן זיך די אויגן, איז אים באַלד געקומען צו הילף דעם אויספאָרשערס באַקאַנטער באַפעל, וועלכן ער האָט אַלץ אָפּטער דערהערט אין זיך: „ניט שלאָפן! ניט שלאָפן!!".

— וויִאַזוי האָט ער עס ניט באַמערקט, — ער איז דאָך די גאַנצע צײַט געווען אויף, ווי ס'איז אַרופגעפאָרן אים אַף דער ברוסט אַ וואָגן שטיינער און לאָזט ניט עטעמען, האָט אין אים אַלץ צונויפגעפּרעסט. דאָס וועקט מען אים אַפּאָנעם אַזוי. שוין געווען די קאָמאַנדע „אופשטייִן" און מע קען אים ניט דערוועקן.

אופגעריסן מיט גוואַלד די אויגן, האָט זאַלמען דערזען, אַז אַלע ליגן נאָך אַף זייערע ערטער, קיינער איז ניט אויף. אָבער די שווערקײַט, וועלכע ער האָט מיט אַ מינוט צוריק דערפילט אַף זיך, איז ניט פאַרשוווּנדן, זי פּרעסט שטאַרקער נאָך צונויף די ברוסט. זאַלמען קען ניט באַנעמען, וואָס קומט מיט אים אַזעלכס פאָר, אויב נאָך אַזויפיל נעכט זײַן אויף האָט ער אָן קיינעמס הילף געקענט אַליין זיך אופכאַפּן.

ענלעכס איז זיך מיט אים שוין איינמאָל פאַרלאָפן, און אויך באַנאַכט אין שלאָף. דאָס איז געווען מיט אַ היפּש ביסל יאָר צוריק. ער האָט אָנגעקלאַפּט צו די שכיינים פון דער קאָמונאַלער דירע, זיי האָבן אַרויסגערופן די גיכע הילף. געענדיקט האָט זיך עס דאַן דער־

---

פאָרזעצונג. אָנהייב זע נומ. 8 פאַרן 1990 יאָר, נומ. 4 פאַרן 1991 יאָר.

מיט, אז ער איז נאָכדעם א שטיק צײַט ניט ארויס פון שטוב אָן וואַלידאָל און ניטראָגליצע־רין אין קעשענע, כאָטש נאָך יענער נאכט האָט דאָס הארץ באזונדערס קיינמאָל ניט דער־מאָנט וועגן זיך. און מיטאמאָל...

אופוועקן די שכיינים פון קאמער? מיט וואָס קענען זיי אים העלפן? קיין רעפועס איז בא קיינעם פון זיי ניטאָ. אויב עמעצער האָט געהאט געבראכט מיט זיך, האָט מען עס בא אים אָפּגענומען, און קיין גיכע הילף קענען זיי סײַווי ניט ארויסרופן... ווען מע קען אַף איין מינוט עפענען דאָס פענצטער און אים צולאָזן אהין. ניטאָ קיין לופט צו עטעמען, קיין קויער אראָפּווארפן פון זיך די שווערקײַט, וואָס דריקט אים צו צום גלעגער. זאַלמען שטרענגט זיך אָן, לאָזט אראָפּ די פיס אפן דיל. דאכט זיך, אז אזוי איז אים לײַכטער. ער ווייסט אָבער, אז דער אופזעער אין קאָרידאָר וועט אים ניט לאָזן לאנג אזוי זיצן. גלײַכער צוגיין צו דער פאראשע, דאָרט קען ער זיך לענגער פארהאלטן. דער אופזעער וועט אים דאָך ניט אונטערטרײַבן. שטיין איז מער לײַכטער ווי זיצן.

ערשט דאָ, שטייענדיק בא דער פאראשע, האָט זאַלמען דערזען, אז דעם פראנצויזס בעטל איז ליידיק. נאָכן פראנצויזישן פאָלקאָווניק איז מען, הייסט עס, געקומען שוין נאָכ־דעם ווי מע האָט אים, זאַלמענען, אוועקגעפירט צום אויספאָרשער. מע האָט דעם פראנצויז אינגאנצן צוגענומען פון קאמער, צי אויך אוועקגעפירט אַף א פארהער? דער פאָלקאָווניק זאָגט דאָך, אז די כעוורעלײַט האָבן איבערגעפּלאָנטערט, ארויסגעגאנוועט אים פון פאריזש אָנשטאָט דעם, נאָך וועמען זיי האָבן זיך געהאט נאָכגעיאָגט. איז צו וואָס, אויב אזוי, זעצט מען פאָר אים פײַניקן, ארויסרופן צום אויספאָרשער און ניט לאָזן א נאכט שלאָפן? און מיט אים, זאַלמענען, ווי מיט אלע ארײַנגעזעצטע ייִדישע שרײַבער, איז מען זיך ניט טויע גע־ווען? דאָך לאָזט מען קיינעם פון זיי ניט אָפּ, מע פירט זיי מיסטאמע נאכט אין נאכט, ווי אים, צו די אויספאָרשער און מע הערט זיך אָן פון די אויספאָרשער אזעלכס און אַף אזא לאָשן, אז ס'איז גלײַכער זײַן א טויבער.

דער שלאָס פון יענער זײַט טיר האָט א קרעכץ געטאָן. דאָס האָט מען, אפאָנעם, גע־בראכט צו פירן דעם פראנצויז, אָדער דער ווערטוכײַ אין קאָרידאָר גייט א קוק טאָן, וואָס זאמט ער זיך עס אזוי, מאנדעל, בא דער פאראשע.

דער שלאָס איז אנשטומט געוואָרן, ווי נאָר זאַלמען האָט זיך אומגעקערט צוריק אפן גלעגער. איצט האָט ער ניט געדארפט אָפּטרײַבן פון זיך דעם שלאָף, מוירע האָבנדיק, אז ער וועט ניט קענען אופהייבן נאָכדעם דעם קאָפּ. אין ראנגלען זיך מיטן שלאָף, אין אָפּ־טרײַבן אים פון זיך, האָט איצט צוגעהאָלפן די אָנגעוואַלגערטע שווערקײַט אַף דער ברוסט. זי האָט אלץ שטארקער געדריקט, ניט געלאָזט אָן איבעריקע רעגע פארהאלטן אין זיך די ארײַנגעשעפּטע לופט.

דער שלאָף איז אים אָבער פאָרט בײַגעקומען.

אָן א זײַטיקער הילף וואָלט זאַלמען זיך ניט אופגעכאפּט בעשאס אין קאָרידאָר האָט א הילך געטאָן: „אופשטיין!". אים האָט אופגעוועקט דער ראָש־יעשיווע.

— הא? מע איז געקומען נאָך מיר? — האָט זאַלמען צעטומלט געפרעגט, אָפּרײַסנ־דיק דעם קאָפּ פון קישן.

—קיינער איז נאָך אײַך ניט געקומען. ס'איז שוין געווען די קאָמאנדע „אופ־שטיין", — און אומקוקנדיק זיך צו דער טיר, האָט רעב ארן א זיפץ געטאָן, — א שווערע נאכט האָט איר געהאט, ווי צו זען, ניט דערגאנגען צום אייבערשטן מײַן טילים־זאָגן. מײַן נישטאדל זײַן זיך פאָר אײַך.

— ס'איז אפאָנעם יאָ דערגאנגען, אנדערש וואָלט איך מיסטאמע ניט אויסגעהאלטן.

— וואָס איז מיט אײַך? — האָט ארן דערשראָקן געפרעגט, דערזעענדיק, ווי זאַלמען האָט זיך א כאפּ געטאָן פארן הארץ, — כ'וועל אָנקלאפּן אין דער טיר, מע זאָל ארויסרופן א דאָקטער.

— מע דארף ניט.

— ס'הייסט מע דארף ניט? אויב ניט דעם דאָקטער, איז די מעדיצינישע שוועסטער בעטן, זי זאָל ברענגען כאָטש א טאַבלעטקע וואַלידאָל.

— מע דאַרף ניט. ס׳וועט אַזוי אויך איבערגיין... ס׳איז שוין קימאַט דורכגעגאַנגען. ניטאָ קיין קויעך מער, רעב אַרן. כ׳האָב מוירע, אַז כ׳וועל ניט אויסהאַלטן. וויפל קען עס אַ מענטש ניט שלאָפן? דער קאָפּ שפּאַלט זיך מאַמעש באַ מיר.

— וואָס ווילן זיי פון אײַך?

— דערווײַל פאָדערן זיי, כ׳זאָל זיך מוידע זײַן, אַז כ׳בין אַ בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט.

— נו, און וויבאַלד אַ בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט, — האָט אַרן געמאַכט דערפון אַ קאָל־וועכוימער, — זײַט איר בעמיילע שוין אַ פאַרביסענער סוינע פון פאָלק, פון דער פּאַרטיי, פון אַלץ מיטאַנאַנדער. ווייסט איר וואָס כ׳וועל אײַך זאָגן, רעב זאַלמען, אין עפּעס דערפון, אין וואָס זיי באַשולדיקן אײַך, כאָטש זיי האָבן ניט, ווי איך פאַרשטיי, קיינע שום באַווײַזן, וועט איר סאָפּקאָלסאָף מוזן זיך אַנערקענען. קיין אומשולדיקער גייט פונדאַנען קיינער ניט אַרויס. איז צו וואָס לאָזן זיך איבעריקס פּײַניקן? בורזשואַזער נאַציאָנאַליזם איז פאַר זיי, גאָט צו דאַנקען, נאָך ניט די גרעסטע זינד. איז עפּשער גלײַכער נעמען אָף זיך אָט די זינד און אַראָפּ פון מאַרק? איך האָב זיך, מיינט איר, גלײַך אונטערגעגעבן? גלײַך אײַנגעגאַנגען, אַז באָווע קאַמע און באָווע מעציִע, וועלכע כ׳האָב געלערנט אָפן בוידעם־שטיבל מיט מײַנע טאַלמידים, איז בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער סאַם? אָבער כאַסמעגען דעם פּראָטאָקאָל, אַז איך האָב געהאַט צו טאָן מיטן דזשאָינט, זיך פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש, דערוף, ווי מע האָט מיך ניט געפּײַניקט, ניט געלאָזט שלאָפן, געהאַלטן אין קאַרצער, בין איך ניט אײַנגעגאַנגען. סאָפּקאָלסאָף זײַנען זיי פון מיר אָפּגעשטאַנען מיטן שפּיאָנאַזש. גאָט באַהיט אײַך נעמען אָף זיך שפּיאָנאַזש. דאָ דאַרף מען זיך האַלטן, זיך ניט אונטערגעבן אין קיין שום פאַל ניט. כ׳דאַרף אײַך, רעב זאַלמען, ניט לערנען, איר פאַרשטייט גאַנץ גוט אַליין, אַז סע גייט דאָ באַ זיי ניט אין מיר, ניט אין אײַך. בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע האָט דער קייסער אַרויסגעשיקט די ייִדן פון די גובערניעס, נאָענטע צו דער דײַטשישער גרענעץ, מאַכמעס ער איז אונדז כוישעד געווען אין שפּיאָנאַזש, אין פאַראַט. דאָס זעלבע כאַזוערט זיך איבער אויך איצט, מע וויל פאַרשטעלן די ייִדן פאַר די אומעס פון לאַנד אַלס שפּיאָנען און פאַררעטער.

פאַר זאַלמענען איז רעב אַרנס אויסטײַטשן, וואָס איז ביכלאַל דער מיין דערפון, ניט געווען אינגאַנצן קיין נײַס, ער האָט זיך עס אַן ערעך אָנגעשטויסן בײַס דער ערשטער באַגעגעניש מיט מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטשן אין האָטעל אָף אַכאָטני ריאַד. נאָר ניט דערפאַר האָט ער מיט קיין איינציק וואָרט זיך ניט אָפּגערופן אָף דעם ראָש־יעשיוועס רייד. דער קאָפּ איז אים פּאַשעט ניט געווען דערבײַ. דער שווערער, ווי מיט בלײַ אָנגעגאָסענער קאָפּ, איז געווען איצט אימשטאַנד בלויז זיך פאַרקלערן, וויאַזוי קומט מען איבער דעם טאָג. באַנאַכט האָט ער, ווער עס זאָל אים ניט לאָזן צומאַכן קיין אויג. באַטאָג דאַרף ער אַליין זײַן אַ שוימער אָף זיך.

איין וואָרט, ער זאָל געווען, זאַלמען, זאָגן, וואָלט דער הײַנטיקער דעזשורנע אין קאַמער, רעב אַרן, אים טייקעף אָפּגעטראָטן דאָס בערשטל אָנצווועקסלען דעם פּאַרקעט און פאַרטרײַבן דורך דעם פון זיך כאָטש אָף אַ שאָ דעם שלאָף. שטייט ער אָבער קוים אײַן אָף די פיס. אין קאָפּ טומלט, אין די אויגן שווינדלט. דער טאָג הייבט זיך ערשט אָן, און ער דאַרף זיך שוין האַלטן פאַרן בעטל, אַז ער זאָל ניט אומפאַלן.

צוזאַמען מיט אַלעמען האָט זאַלמען זיך ווי־ניט־איז דערשלעפּט צום קלאָזעטל, וווּ איטלעך איינער האָט אין דער אָנוועזנהײַט פון די איבעריקע אָפּגעטאָן זײַן באַדערפעניש, דערנאָך אײַנגעוואַשן זיך. אויסער ווי צום אָנגעגאָסענעם קווערטל טיי האָט ער זיך מער צו גאָרניט צוגערירט. דער ביסן איז אין מויל ניט געקראָכן. דאָס האַרץ האָט זיך באַפרײַט פון דער דריקנדיקער שווערקײַט, נאָר אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן זיך האָט עס ניט געלאָזט, געגעבן פון מאָל צו מאָל וועגן זיך אָנצוהערן מיט אַ ניט־רעגלמעסיקן קלאַפּן.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן פרישטיק, האָט מען זיך אויסגעזעצט באַם טיש און געוואַרט, אַליין ניט וויסנדיק, אייגנטלעך, אָף וואָס. באַטאָג רופט מען זעלטענער צום אויספאָרשער.

— שלאָפט ניט, — האָט אַ שטורכע געטאָן זאַלמענען מיטן עלנבויגן דער „זעק“ פּנעם טײַשעטער לאַגער לייזער עלקין, — דער הונט מיט אויערן קוקט אַהער אַרײַן.

— עפּעס צו לאַנג האַלט מען דאָרט היַינט דעם פּראַנצויז. דאָס עסן איז אַזוי אויך זייער שטאַרק באַטאַמט, אָבער קאַלטערהייט איז עס בכלל אין מויל ניט צו נעמען.

— עפּשער האָט מען אים איינגאַנצן צוגענומען פון אונדז, אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער קאַמער, — האָט, פּאַנאַנדערשטעלנדיק די שאַשקעס אויפן ברעטל, זיך אָנגערופן דער צווייטער יונגערמאַן, אַלעקסיי ניקיטין, ווער ס'איז ביז אַריבערפירן אים אַהער געזעסן אין איין קאַמער מיט העניך ערדלינען און יאַנקעוו שנייערסאָנען.

— ס'זאָל געווען זיַין אַזוי, וואָלט מען דאָך אים געהייסן מיטנעמען מיט זיך דאָס קלומעקל, דאָס ביכל.

— אוי, איר ווייסט וואָס מיר איז איַינגעפאַלן? — לייזער עלקין האָט פון זיַין פאַרטראַכט שיר ניט אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט. — נאָט איַיך, זאַלמען, שאַרלס ביכל און זעצט זיך עס לייענען.

— מענטש איינער. דאָס ביכל איז דאָך אויף פראַנצויזיש און אויף פראַנצויזיש פאַרשטיי איך קיין וואָרט ניט.

— אַ דיַיגע איַיך, אויף וועלכער שפּראַך ס'איז. דעריקער איז, אַז דער הונט מיט אויערן הינטער דער טיר זאָל זען, אַז איר לייענט. דאָס ביכל דאַרף מען האַלטן אָט אַזוי־אָ. — דער באָכער פון טיַישעטער לאַגער האָט אַרונטערגעלייגט אונטער דעם צעעפנטן ביכל די שטיַיף צונויפגעפלאָכטענע פינגער פון די הענט. — זעצט זיך איבער מיטן רוקן צום בעטל, איר זאָלט האָבן אַן וואָס זיך אָנצושפּאַרן. ביזוואַנען דער פראַנצויז וועט זיך אומקערן, קענט איר אויף אַזאַ אויפן אַריַינכאַפּן אַ דרעמל. דאָס איז אַן אַלטער אויסגעפּרוּווטער מיטל אויף אָפּצונאַרן דעם הונט בא דער טיר.

די פינגער אונטערן ביכל האָט זאַלמען צונויפגעפלאָכטן, אַז ס'איז זיי ניט פאַנאַנדערצונעמען. עס איז דורך אַזוי אַ רעכטע וויַילע. מיטאַמאָל האָט זיך אַן עפן געטאָן די קאַרמושקע און ס'האָט זיך אין איר אַריַינגעשטעקט דער קאָפּ פונעם אופזעער:

— עפּעס לייענסטו צו לאַנג איינס און דאָס זעלבע זיַיטל, מישט ניט איבער.

וועגן דעם האָט לייזער עלקין פאַרגעסן וואָרענען. איצט האָט די האַזשגאָכע איבער זאַלמענען שוין גענומען דער ראָש־יעשיווע. ער האָט זיך צוגעזעצט צו אים און פון ציַיט צו ציַיט אומבאַמערקט אַ שטורכע געגעבן זאַלמענען אין זיַיט מיטן עלנבויגן:

— מישט איבער דאָס בלעטל.

נעענטער צו האַלבן טאָג האָט זיך אומגעקערט אין קאַמער שאַרל. דערזען זאַלמענען מיטן פראַנצויזישן ביכל אין די הענט, איז דער פאַלקאָווניק פון פרייד אַזש אונטערגעשפּרונגען.

Par lez vous français ? —

— פּונקט אַזוי, ווי איר ייִדיש, — האָט אָפּגעענטפערט שאַרלען און גראַדע אויף פראַנצויזיש זיַין שילער, דער טיַישעטער לייזער עלקין, און אויפן זעלבן צעבראָכענעם פראַנצויזיש געגעבן אים צו דערקלערן, פאַרוואָס האַלט אַ מענטש אַזוי לאַנג אין דער האַנט אַ ביכל אויף אַ שפּראַך, וועלכע ער קען ניט.

דאָס האַרץ האָט נאָך אַלץ דערמאָנט וועגן זיך, אין קאָפּ האָט געטומלט, די פיס זיַינען געווען, ווי ניט זיַינע, צוויי גראָבע קלעצער, פון אָרט ניט צו רירן, נאָר פון די צוואַנציק מינוט זיך דורכשפּאַצירן צווישן די ענגע געמויערטע ווענטלעך אויפן דאַך האָט זאַלמען זיך ניט אָפּגעזאָגט. דער הימל איבערן שטיקל דאַך איז פאָרט אַ גרעסערער, ווי אינעם פאַרגראַטעוועטן פענצטער אונטערן נידעריק אָנגערוקטן דאַשעק.

ווען עלישע זאָל געווען וויסן, אַז אַ וועלכער שאָ לאָזט מען אים אַרויף אַהער אויפן דאַך, וואָלט זי אויפגעשטעלט אַ לייטערל צום הימל און אַראָפּגעשריגן פון דאָרט צו אים. אויף יעדן שפּאַציר דאָ טראַכט ער דערפון, כאָטש ער ווייסט, ער איז דאָך איבער איר זיך אַלץ, וואָס ער האָט איר צו זאָגן, און איטלעכס מאָל הייבט ער אָן פונעם זעלבן: איך האָב דיך ליב... איך האָב דיך ליב... אויף אַ קאָל האָט ער עס פאַר איר קיינמאָל ניט אַרויסגעבראַכט. ער זאָל געווען וויסן, אַז אין די מינוטן, ווען ער דרייט זיך אום אין אַ קריַיז איבערן שטיקל דאַך, איז עלישע ערגעץ דאָ אונטן, וואָלט ער דאָס זעלבע און אַלעס איבעריקע, וואָס ער האָט

איר צו זאָגן און דאַרף עס איר זאָגן, אַרויסגעשריִען אפֿן פולן קאָל, זי זאָל דערהערן. ער איז גרייט באַצאָלן מיט קאָרצער אפילע בלויז פאַר דעם, מע זאָל אים זאָגן, ווו איז עלישע. זי איז אַף דער פרײַ, צי מע האָט זי איבער אים אָפּגעשיקט צוריק אין דער פֿאַרווייעטער דורכגעפֿראָרענער טונדרע, פֿונוואַנען זי איז געקומען...

אין פֿאַרגלײַך מיטן ניט לאָזן שלאָפֿן איז דאָס פֿאַרווערן אים, זאַלמענען, קויפֿן עפּעס אין דעם טורמע־לאַריאָק אַף דער קוויטאַנציע פֿונעם צוגענומענעם געלט בײַם דער אונטערזוכונג אייגנטלעך קיין שטראָף ניט. ביפֿראַט, אַז ער רייכערט ניט. ער וועט ווי־ניט־איז אויסקומען אָן דעם שטיקל פּוטער און אָן די פּאָר הונדערט גראַם ווורשט, וואָס ער וואָלט געקענט קויפֿן פֿאַר די שטרענג באַגרענעצטע פּאָר רובל.

— וואָס זאָל איך אײַנקויפֿן פֿאַר אײַך?

— האַ? אַ דאַנק. איך דאַרף גאָרניט, רעב אַרן. אַ דאַנק.

— דאַנקען וועט איר נאָכדעם. אַ ווײַסן באָטאָן ברויט וועל איך פֿונדעסטוועגן נעמען פֿאַר אײַך. דײַגעט זיך ניט. איר וועט באַווײַזן זיך מיט מיר צעצאָלן.

דער טאָג, ווען דער לאַריאָק פֿירט פֿאַנאַנדער איבער די קאַמערן די באַשטעלונגען, גייט דורך אַ סאַך גיכער פֿון אַלע איבעריקע טעג. מע קוקט ניט אַרויס שוין מיט אַזאַ אומגעדולד אפֿן וואַרמעס און אַף דער וועטשערע. אויך זאַלמענען, כאָטש אים איז הײַנט פֿאַרווערט לויטן באַפֿעל אָפּאָנעם פֿונעם אויספֿאָרשער עפּעס קויפֿן אין לאַריאָק, איז דער טאָג אויך דורכגעגאַנגען ניט אַזוי שווער, ווי די פֿריִערדיקע: דאָס פּראַנצויזישע ביכל האָט אים פֿונדעסטוועגן געלאָזט אַ פּאָר שאָ אַ דרעמל טאָן.

דער זעלבער אופֿזעער בײַ דער טיר, ווער ס׳האָט אכטונג געגעבן, אַז זאַלמען זאָל ניט צומאַכן קיין אויג, געהאַט אים געכאַפּט, אַז ער לייענט צו לאַנג איין זײַטל, מישט ניט איבער דאָס בלעטל, האָט נאָכן אָפּגעבן די קאָמאַנדע מאַכן נאַכט נאָכגעפֿאָלגט נאָך זאַלמענען, אַז ער זאָל גראָדע יאָ אײַנשלאָפֿן, אײַנשלאָפֿן כאָטש אַף עטלעכע מינוט פֿאַר דעם, ווי ער וועט אים אָפּגעבן די קאָמאַנדע: „סליעכקאַ!“.

קענטיק, ער האָט אַליין ניט געוווּסט ווי שטאַרק ער איז. דער קאָפּ האָט נאָכן אופֿרײַסן אים פֿון שלאָף זיך מוירעדיק געדרייט, נאָר זאַלמען האָט עס פֿאַרן קאָנוואָיִר ניט אַרויסגעוויזן, געגאַנגען גלײַך, ניט געבנדיק זיך קיין וואַקל... אַרײַנקומענדיק צום אויספֿאָרשער אין קאַבינעט, האָט ער זיך ניט אָנגעהאַלטן בײַ דער וואַנט, פֿילנדיק, אַז ער קען באַלד אומפֿאַלן. אויך אין דער שטים זײַנער בײַם אַרויסברענגען דעם „גוט־העלף“ איז ניט געווען צו באַמערקן די פֿאַרכאַלעשטקײַט פֿון אַ מענטשן, וועלכן מע האָט נאָך אַזויפֿיל נעכט זײַן אויף געלאָזט אײַנשלאָפֿן און ווייניקער ווי אין אַ שאָ אַרום אופֿגעוועקט.

— אַ גוט־העלף, — האָט מענטשלעך, אַפֿילע פֿרײַנטלעך געענטפֿערט יעוודאָקימאָוו.

ווי נאָר אָבער זאַלמען האָט זיך צוגעזעצט אַף זײַן שטענדיקן אָרט, אַף דעם צוגעשמידטן טאַבורעטקעלע בײַ דער טיר, האָט יעוודאָקימאָוו דערצאָרנט אויסגעשריִען:

— אופֿשטיין! — אויסגעוואַרט אַ ווײַלע, האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק אים געהייסן פֿאַרגעדענקען, אַז ביזוואַנען ער וועט ניט אונטערשרײַבן די פּראָטאָקאָלן וועט ער אים נאַכט אין נאַכט אָפּהאַלטן אַזוי אַף די פֿיס. — פֿאַרשטאַנען!?

בײַם אויספֿאָרשער אפֿן טיש האָט זיך ווידער באַוויזן די גרויע דיקע פּאַפּקע. יעוודאָקימאָוו האָט זי פֿאַנאַנדערגעבונדן, אַרויסגעצויגן פֿון דאָרט עטלעכע בלעטלעך און, ניט לייענענדיק, צוריק אַרײַנגעלייגט אַהין, צושאָקלענדיק דערבײַ מיטן קאָפּ, וואָס האָט געזאָלט פֿאַר זאַלמענען, זעט אויס, באַטײַטן, אַז דאָרט איז וועגן אים אָנגעשריבן אַזעלכס, אַז ער קען דערוואַרטן פֿאַר דעם די האַרבסטע שטראָף. נאָר זאַלמענען האָט ניט פֿאַרלאָזט דער געדאַנק, אַז די פּאַפּקע, אַף וועלכער דער אויספֿאָרשער פֿאַרופֿט זיך אַף יעדן פֿאַרהער, אַז דאָרט איז דערציילט וועגן אַלע זײַנע פֿאַרברעכנס, וועגן אַלע זײַנע זינד, באַשטייט קימאַט דורכויס פֿון ריינעם פּאַפּיר.

פֿאַררייכערט אַ סיגאַר און ווידער פֿאַרווײַלט זיך מיט דער פּאַפּקע, אַרויסגענומען פֿון דאָרט אַ פּאָר מאָל עטלעכע בלעטלעך און זיי צוריק אַהין אַרײַנגעלייגט, האָט יעוודאָקי־

מאָוו, ניט אַ בליק געבנדיק אַף זאַלמענען, עלעהיי ניט צו אים איז עס געווענדט, אַ פֿרעג געגעבן:

— איז ווי? מיר וועלן נאָך לאַנג שטיין אַזוי און שווײַגן?

— איך האָב אַלץ דערציילט. כ'האָב מער ניט וואָס צו דערציילן.

— ער האָט ניט מער וואָס צו דערציילן, — האָט יעוודאָקימאָוו, ניט אומקוקנדיק זיך נאָך אַלץ אַף זאַלמענען, אים איבערגעקרימט, — נו, אַ נעווײַלע. — און ווי ער זאָל האָבן די גרעסטע האַנאָע פֿון אַרויסברענגען דאָס דאָזיקע וואָרט העכער איבערגעכאַזערט: — נו, אַ נעווײַלע.

אויסגערייניקט מיטן פֿאַרשפּיצטן דרעטל דעם מונדשטוק און זיך פֿאַרצויגן מיטן רויך פֿונעם אָנגעצונדענעם סיגאַרעט, האָט יעוודאָקימאָוו איבעראַנײַס איבערגעפֿרעגט:

— איז ווי? מיר וועלן נאָך לאַנג שטיין אַזוי און שווײַגן?

זאַלמען האָט אָפּגעקערט אָן אַ זײַט דעם קאָפּ און הייזעריקלעך שטיל געענטפֿערט:

— אַז איך האָב ניט מער וואָס צו דערציילן.

— ווידער דאָס זעלבע? הינטישער זון! וויִאַזוי שטייסטו? סמיר־נאָ! די הענט לענגויס די זײַטן! פֿאַרגעסן, אַז איר האָט ניט געדינט אין דער אַרמיי, זיך אויסגעדרייט פֿון פֿראָנט ווי פֿיל אַנדערע פֿון אײַך. איך וועל דיר באַלד באַווײַזן, וויִאַזוי מע דאַרף שטיין סמירנאָ. — ער האָט טומלדיק אַרויסגעצויגן דאָס טישקעסטל, זיך געייסעקט דאָרט אַ ווײַלע, פּונקט אַזוי טומלדיק אַרײַנגערוקט דאָס טישקעסטל צוריק און זיך אופֿגעהויבן פֿון שטול. זאַלמענען האָט זיך אויסגעגעבן, אַז דאָס פּירקאַנטיקע ברעטעלע, וועלכעס זײַן אויספֿאָרשער האָט אַרויסגענומען פֿון טישקעסטל, איז אַ מעטאַלנס. אַ קעלט איז דורך איבערן לײַב. פֿון שרעק האָבן זיך באַ אים צוגעמאַכט די אויגן, זיי זאָלן ניט זען, ווי דאָס אײַזערנע ברעטל וועט אים באַלד נעמען לערנען, וויִאַזוי מע דאַרף שטיין סמירנאָ. אינעם אָפּהילך פֿון דעם פּאָדפּאָלקאָווניקס האַרטע טריט האָט זאַלמען אומגעריכט דערהערט אַ רויִקע מענטשלעכע שטים:

— זעצט זיך צו.

אָנשטאָט דעם אײַזערנעם ברעטל האָט זאַלמען דערזען באַ יעוודאָקימאָוון אין דער האַנט אַ ריין בלעטל פּאַפּיר און דאָס גוט באַקאַנטע אים שוין הענטל־פֿען.

— שרײַבט אויף אַלע אײַערע באַקאַנטע.

— צו וואָס?

— איך האָב אײַך, דאַכט מיר, ניט איין מאָל שוין געזאָגט, אַז דאָ איז בלויז אונדז געגעבן דאָס רעכט שטעלן פֿראַגעס, אײַער זאַך איז ענטפֿערן. אויסבאַהאַלטן עפּעס פֿון אונדז, פֿאַרלייקענען, האָט ניט קיין זין, ווײַל סײַווי ווייסן מיר אַלץ. אויב איר וועט אינעם צעטל עמעצן פֿון אײַערע באַקאַנטע דורכלאָזן, וועל איך אײַך אונטערזאָגן, העלפֿן אײַך זיך דערמאָנען.

„צו וואָס?” — דאָס האָט זאַלמען פֿאַרגעבן די זעלבע פֿראַגע, שוין זיך זעצנדיק מיטן הענטל־פֿען אין דער האַנט אָנגעבויגן איבערן ריינעם בלעטל פּאַפּיר. אויסער ווי מע רופֿט זײַנע באַקאַנטע, האָט ער דאָך וועגן זיי גאָרניט צו זאָגן, אומקערן דאָס בלעטל אַ ריינס קען ער דערמיט אַרויסרופֿן באַם אויספֿאָרשער אַ כשאַד, אַז מיסטאַמע זײַנען זיי אין עפּעס פֿאַרמישט, ווײַבאַלד ער האָט מוירע, זאַלמען, זיי אָנרופֿן. „ריבוינעשעלוילעם, גיב מיר קויכעס באַשטיין דעם ניסאָיען, עס זאָל פֿון מײַן מויל ניט אַרויס קיין איין שלעכט וואָרט וועגן עמעצן פֿון זיי”. אַף יעדן פֿאַל אָבער האָט ער נאָסענען אין צעטל ניט אַרײַנגעשטעלט.

— אָט דאָס איז גאָר? — האָט, אָפּנעמענדיק באַ מאַנדעלן דאָס צעטל פֿון זײַנע באַקאַנטע, געפֿרעגט אים יעוודאָקימאָוו.

— אויסער ווי די שרײַבער און אייניקע אַקטיאָרן זײַנען באַ מיר ניט געווען קיין באַקאַנטע.

— און אַלע ביז איינעם, וועט איר מיר באַלד זאָגן, זײַנען ערלעכע סאָוועטישע מענטשן.

— יאָ, אַף וויפֿל איך ווייס, זײַנען זיי אַלע איבערגעגעבן דעם היימלאַנד.

— ווי איר?

אָפּענטפערן „יאָ, ווי איך“, קוים איז ער דאָ, האָט זאַלמען ניט געקענט. ס'וואָלט געהייסן... ניין. ער טאָר זיי צו זיך ניט פאַרגלייַכן. ער איז דאָך, ווי סע דרינגט ארויס פון די פאַרהערן, שוין א פּאָסעלער. אָבער פאַרשווייַגן, אינגאַנצן ניט אָפּרופן זיך האָט ער אויך ניט געקאָנט. האָט ער בלויז מער העכער איבערגעכאַזערט:

— יאָ, זיי זייַנען אַלע ערלעכע מענטשן, טרייַ איבערגעגעבן דעם סאָוועטנלאַנד. — ניט געפינענדיק אין אָט דער רעגע קיין פּאַסיקן פאַרגלייַך דערצו, האָט זיך בא אים ארויסגעכאַפּט: — וועכאַל לעוואָוכאָ אוועכאַל נאַפשעכאָ, — און גלייַך אַפּן אָרט עס פאַרטייַטשט: — מיט לייַב און לעבן.

אומגעקערט זיך צוריק צו זייַן טיש באַם פענצטער, האָט יעוודאָקימאָוו אוועקגעלייגט פאַר זיך דאָס צעטל, איבערגעלייענט אַף א קאָל יעדן איינעמס פאַמיליע און צולעצט געפרעגט:

— פאַרוואָס זע איך ניט אין צעטל די פאַמיליע פון דעם פּערטן, מיט וועמען איר זייַט פאַר אייַער ארעסט געשטאַנען אין הויף פונעם ליטעראַרישן אינסטיטוט? נאָר דאָס בין איך אייַך מויכל, זאָגט מיר וועגן וואָס האָט איר דאָרט גערעדט?

— בירגער אויספאָרשער, אין הויף פונעם ליטעראַרישן אינסטיטוט בין איך ניט איין מאָל געווען און שטענדיק דאָרט געטראָפן עמעצן פון די באַקאַנטע שרייַבער. וויאַזוי זשע קען איך פאַרגעדענקען, וועמען האָב איך דאָרט איטלעכס מאָל באַגעגנט און וועגן וואָס איז דאָרט יעדעס מאָל געגאַנגען בא אונדז א רייד.

דאָס פּירקאַנטיקע שטיקל מעטאַל האָט ווי פון א מאַגנעט זיך צוגערוקט נעענטער צו יעוודאָקימאָוון.

— הערט זיך אייַן, זאַלמאַן נאַומאָוויטש. איר זייַט א דערוואַקסענער מענטש און פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז דאָ גייט ניט אָן קיין שפּיל.

בא זאַלמענען האָבן זיך צונויפגעפּרעסט די ליפּן, ס'זאָל זיך ניט ארויסרייַסן בא אים: „און וואָס דען איז עס, אויב ניט קיין שפּיל, קיין טייַוולאָנישע שפּיל?“

— איך פרעג דאָך אייַך ניט וועגן אייַערע פריערדיקע באַגעגענישן, נאָר וועגן אייַער לעצטער צונויפקומעניש. וועגן די ארעסטירטע שרייַבער איז געווען דאָרט בא אייַך א רייד?

אָפּלייקענען עס האָט ניט געהאַט קיין זין. זאַלמען זעט דאָך, אַז יעוודאָקימאָוו ווייסט ניט נאָר ווער איז געווען דער פערטער, נאָר אויך וועגן וואָס האָט מען צווישן זיך געשמועסט, אַז די רייד איז געגאַנגען ארום דעם, אַז דער קאָמיטעט און די שרייַבער האָבן זיך מיט גאָרניט פאַרזינדיקט, זיי זייַנען אַלע אומשולדיק, און אַז דערמיט האָט דאָס געיעג זיך ניט פאַרענדיקט, עס הייבט זיך אייגנטלעך ערשט אָן. ווער האָט געקאָנט דערפון איבערגעבן אהער? יעשיִע איז דאָך דערבייַ ניט געווען. זאַלמען האָט פונדעסטוועגן געפּרוווט דאָס אַלץ פאַרלייקענען:

— איך בין ניט זיכער, צי איז געווען צווישן אונדז אַזאַ געשפּרעך, איך געדענק פּאַשעט ניט. מעגלעך, אַז עפּעס איז געווען געזאָגט וועגן די ארעסטירטע שרייַבער, אָבער איך געדענק ניט.

— און וועגן דעם, אַז איר האָט געטריבן רעכילעס אַף אונדז געדענקסטו אויך ניט, פאַרכאַטע מאָרדע? אופשטייַן! ענטפער ווען מע פרעגט דיך, הינטישער זון! וואַרף אוועק דייַנע ייִדישע כיטרע געגנגלעך. זאָג, פאַרוואָס האָסטו אינעם צעטל ניט אָנגעוויזן קיינעם פון די גענעראַלן?

— צווישן מייַנע באַקאַנטע איז ניטאָ קיין איין גענעראַל.

— לייַגסט, אויסוווּרף, אין דייַן מאַמעס מאַמען אריַין! וועגן וואָס האָסטו זיך געסוידעט אַפּן באַנקעט מיטן גענעראַל קאַצמאַנען?

ווער האָט געקענט איבערגעבן מיקויעך דעם, וואָס איז געווען א רייד אין הויף פון ליטעראַרישן אינסטיטוט בא הערצענס דענקמאָל איז ניט צו באַנעמען. שיִע איז צווישן זיי ניט געווען. דער פערטער, וועמען דער אויספאָרשער וויל ניט אָנרופן, איז אַלטערקע. דערלאָזן אָבער אַזאַ געדאַנק, לאָזן פאַלן אַף אים א כשאַד איז גופע אַליין שוין דערמיט א זינד.

נאָר אז אפן באנקעט לעקאָוועד דעם גאַסט פון קאנאדע אינעם גרויסן זאַל פונעם סלאָווישן אנטיפאשיסטישן קאָמיטעט, אין וועלכן ס'זײַנען געווען פארבעטן דער ייִדישער אנטיפא־שיסטישער קאָמיטעט און אייניקע מאָסקווער ייִדישע שרײַבער, איז בײַגעווען יעשיִע רויזען, דאָס געדענקט ער, זאָלמען, אף זיכער. ס'האָט זיך אזוי געמאכט, אז זאָלמענס שאָכן באַם געדעקטן טיש איז געווען דער גענעראַל קאצמאַן. דערפון, אז די פאמיליע פונעם גענעראַל איז קאצמאַן און אז ער קומט צומאָל ארײַן אין ייִדישן קאָמיטעט, האָט זאָלמען זיך דער־וווּסט ערשט נאָכן באנקעט. צופעליק צי ניט צופעליק, נאָר יעשיִע איז אף יענעם באנקעט געזעסן פונקט אנטקעגן זיי.

— איצטער זעט איר, — האָט זיך איבערגענומען יעוודאָקימאָוו, — אז מיר ווייסן וועגן אײַך אלדאָסדינג און אז ס'האָט ניט פאר אײַך קיין שום זין אויסבאהאלטן עפּעס פון אונדז. פארשטאַנען?! איז וואָס פאר א געשפּרעך האָט איר געפירט באַם טיש מיטן בורזשואזן נא־ציִאָנאַליסט קאצמאַנען?

— באַם גענעראַל קאצמאַנען איז די גאַנצע ברוסט אין אָרדענס.

— איז דעריבער? אין טאשקענט קען מען קויפן אפילע גאָלדענע שטערנדלעך. איז וועגן וואָס האָט איר געשמועסט מיט אײַער ייִדישן גענעראַל? איבערגענומען זיך, וואָס איר זײַט ייִדן, דאָס אייבערשטע פון שטייסל, אן אויסדערוויילט פאָלק?

— בירגער אויספאָרשער, — זאָלמען האָט פארשטאַנען, אז ער דארף עס ניט פרעגן, אָבער אינגאַנצן פארשווײַגן, ניט אָפּצאָלן כאָטש מיט עפּעס דעם איצטיקן באלעבאָס זײַנעם פאר שטעלן אזוי צו שאַנד און צו שפּאָט די ייִדן האָט ער אויך ניט געקאָנט, געמוזט עס אים זאָגן: — גיט מיר צו דערקלערן. איך פארשטיי פּאָשעט ניט. איר שרײַבט מיר די גאַנצע צײַט צו בורזשואזן נאציִאָנאַליזם. קומט, הייסט עס, אויס, וויבאַלד אזוי, אז ס'איז פאראַן אויך א פּראָלעטארישער נאציִאָנאַליזם.

— קליגסט זיך נאָך, אויסוווּרף, ווילסט ארויסווײַזן דײַן געבילדעטקײַט. מיר ווייסן, אז איר זײַט אלע געבילדעטע. אף די זאוואָדן און פאבריקן זעט מען קימאט קיינעם ניט פון אײַערע. אלע קריכט איר דורכויס אין די אינסטיטוטן. וויאזוי שטייסטו, הינטישער זון, דיר עפּשער נאָכאמאָל ווײַזן, וויאזוי מע דארף שטייך סמירנאָ? — ער איז צוגעגאַנגען הארט צו זאָלמענען, אונטערגעשטעלט אים אונטערן קין די פארבײַלטע פויסט און געגעבן א הייב אוף אים דעם קאָפּ אף ארוף, אז ווען ער כאַפּט זיך ניט אָן פארן טישל, וואָלט ער פונעם קלאָפּ אומגעפאָלן.

דאָס געפיל פון אומבאהאָלפנקײַט, פון דערנידעריקונג, פון ניט קענען מעקאיעם זײַן דעם געבאָט אין טאכאס אין, שיין טאכאס שיין, וועגן וואָס נאָסן האָט פאר זײַן ארעסט ניט איין מאָל דערמאָנט אים דערפון, האָט פארטויבט אין זאָלמענען דעם ווייטיק פון נאָך איין ארויסגעקלאַפּטן צאָן אין מויל, פונעם שרעקלעכן זעץ מיטן קאָפּ אין דער וואַנט. זאָל־מען האָט פון ביזאָיען פאר זיך אליין צוגעמאכט די אויגן, אויסבאהאלטן פון זיך זײַן פּײַניקן זיך, זײַן לײַדן פון דער האכנאָעדיקײַט, אז דער אויספאָרשער זאָל עס ניט באמערקן אין אים.

לאַנג אָבער פארטויבן עס אין זיך איז זאָלמען ניט געווען אימשטאַנד. ווי נאָר ס'האָט אָפּגעלאָזט דער פּראַסט פונעם באַפאַלענעם פּאַכעד, האָט דאָס הארץ זיך צעאָרנדיק צע־ברויזט, ניט אײַנצושטילן. דאָס האָט שוין זאָלמען פונעם אויספאָרשער ניט אויסבאהאלטן, ניט צוגעמאכט די אויגן.

## 11

צוזאַמען מיט דער דערצאָרנטקײַט האָט דאָס צעברויזטע הארץ אופגעוועקט אין זיך דעם אומדערטרעגלעכן ווייטיק פון דער פאַריקער ענדע נאכט. ס'האָט אים מיטאמאָל פאר־פעלט לופט. דאָס הארץ האָט צוריק דערפילט די שווערע מאַסע פון אן אָנגעלאָדענעם וואָגן

שטיינער, לאָזט ניט עטעמען. א רעגע, נאָך א רעגע און ס׳וועט זיך אָפּשטעלן. זאַלמען האָט ניט באַוויזן אראָפּשלינגען דאָס ביסל אָנגעשעפּטע לופט, ווי דער דיל האָט זיך ארויסגעגליטשט פון אונטער זײַנע פיס און ס׳האָט זיך אָנגערוקט אף אים פון אַלע זײַטן א געדיכטער כוישעך...

די שטים, וועלכע זאַלמען האָט אינעם באַפאַלענעם כוישעך דערהערט לעבן זיך, איז געווען ניט יעוודאָקימאָווס, אָבער א קענטלעכע. ער האָט ניט אינגאַנצן געעפנט נאָך די אויגן, ווי זיי האָבן זיך בא אים באַלד צוריק פאַרמאַכט... „ס׳קען ניט זײַן, — האָט ער מיט די פאַרטריקנטע ליפּן געזאָגט צו זיך, — ס׳קען ניט זײַן. ס׳האָט זיך מיר פּאַשעט אויסגעוויזן". ער האָט מער ברייטער געעפנט די אויגן, און נאָך אַלץ ניט באַנעמענדיק, ווו געפינט ער זיך, וואָס איז מיט אים געשען, פאַרוואָס ליגט ער אפן דיל, שיר ניט אויסגעשריען: — יופאַ?

דער, ווער ס׳איז געשטאַנען אָנגעבויגן איבער אים אין א ווײַסן כאַלאַט, איז ווירקלעך געווען יופאַ, שימען יופאַ, שימקע, מיט וועמען ער איז צוזאַמען מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק געקומען פון דער קליינער קרײַז־שטאָט באַם דניעפּער קימאַט א שטעטל, אַהער קיין מאָסקווע, פאַרפאָרן צו שימקעס א שוועסטער אף טאַגאַנקע. ווו זיי זײַנען ביידע אײַנגעשטאַנען די ערשטע וואָכן, געשלאָפן צוזאַמען אפן דיל, אף איין קישן צוקאָפּנס און אונטער איין קאָלדרע. שימקעס שוועסטער, א מיידל מיט א רויטער קאָסינקע אפן קורץ אונטערגעשוירענעם קאָפּ האָר און באַלעכצנע אויגן, ווי בא איר ברודער, האָט מען גערופן ריווקע. נאָר נאָכדעם ווי מע האָט זי אָנגענומען אין קאָמיוג און זי איז געוואָרן א פלאַמפײַערדיקע קאָמיוגיסטקע האָט זי זיך א נאָמען געגעבן „איסקרע". ביידן, אי דעם ברודער אירן, שימענען, אי אים, זאַלמענען, האָט זי צוגערעדט, זיי זאָלן ווערן פּראָלעטאַריער, אויך אָנקומען אפן מאַנאָמעטער־זאַוואָד, ווו זי אַרבעט. זאַלמען האָט אָבער צו יענער צײַט שוין געהאַט אָפּגעדרוקט עטלעכע לידער. אליין עליע וואַקאָוו האָט אים באַמערקט, דערזען אין אים א פילצוזאָגנדיקן פּאָעטישן טאַלאַנט. פון דעמלט אָן איז אים, זאַלמענען, אויסער דיכטונג, מער קיין זאַך ניט אָנגעגאַנגען. איסקרעס ברודער, שימען, האָט צו פּאָעזיע ניט געהאַט קיין שײַכעס. ער איז אָבער געווען א מענטש מיט גרויסע פֿעיקײַטן, אַן אָפענער קאָפּ. מיט איינע באַלן „העכסט־באַפרידיקט" אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אפן מעדיצינישן פאַקולטעט פונעם צווייטן מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. פאַר די יאָרן, וואָס יופאַ האָט דאָרט שטודירט, האָט ער באַוויזן אויך פאַרענדיקן די פיזיק־מאַטעמאַטישע אָפּטיילונג פונעם פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט.

ווען זאַלמען האָט דאָס לעצטע מאָל זיך געזען מיט שימענען, צופעליק אים באַגעגנט מיט א יאָר צוויי צוריק אין מעטראָ, איז ער שוין ניט געווען קיין לערער, בלויז נאָר א דאָקטער. געשען איז עס אַזוי, האָט שימען געזאָגט, ניט איבער זײַן שולד. מע האָט אים נאָך דער מילכאָמע ניט דעמאָביליזירט, איבערגעלאָזט אין דער אַרמיי און פאַרבליבן שוין. זעט אויס, אף שטענדיק א מיליטערישער דאָקטער, בייס זײַן עמעסער באַרוף, ווי ער פאַרשטייט, איז פּעדאַגאָגיק, זײַן א לערער, אונטעריכטן אין א שול. צום באַדויערן, האָט ער דערוף קיין צײַט ניט. א מיליטערמאַן איז ניט קיין באַלעבאָס איבער זיך. דער דויכעק אין צײַט און אויך אַנדערע סיבעס האָבן אים אף שטענדיק צעשיידט מיט דער שול. פאַר דער מילכאָמע, זײַענדיק א געוויינלעכער ציווילער דאָקטער אין א געוויינלעכער ציווילער פּאָליקליניק, האָט ער באַוויזן אויך אונטעריכטן אין די עלטערע קלאַסן זײַנע באַליבטע קעגנשטאַנדן פיזיק און מאַטעמאַטיק.

נאָך אָט דעם אַלעם, וואָס יופאַ האָט דעמלט דערציילט וועגן זיך אין מעטראָ, האָט זאַלמען געוויס ניט געקאָנט זיך ריכטן, אַז ער זאָל אים דאָ באַגעגענען. דערווײַל האָט שימען מיט גאָרניט ארויסגעוויזן, אַז ער קען זיך מיטן פּאַציענט, צו וועמען דער אויספאָרשער יעוודאָקימאָוו האָט אים ארויסגערופן. יופאַ האָט באַם באַטראַכטן זאַלמענען געקוקט אף אים, גלײַך ער זעט אים צום ערשטן מאָל אין לעבן. זאַלמען האָט אָבער ניט אָפּגעפירט דעם בליק פון שימענען, וואָס האָט אים געהאַלטן בא דער האַנט און געציילט דעם דויפעק. אין זאַלמענס בליק האָט יופאַ געקאָנט איבערלייענען: ציטער ניט, כ׳וועל ניט

אַרויסגעבן, אַז מיר קענען זיך. דאָס איינציקע, וואָס איך בעט דיך, זאָג מײַן אויספאָרשער, ער זאָל מיך לאָזן כאָטש איין נאַכט זיך אויסשלאָפן, כאָטש אַף איין שאָ מיך לאָזן זיך צושפּאָרן באַטאָג. דו זעסט דאָך, אין אַ וועלכן צושטאַנד איך בין.

נאָר אין דער רעגע, ווען זאַלמען האָט דערוואַרט פונעם דאָקטער, פון זײַן לאַנגיאָריקן נאָענטן פרײַנט שימען יופא, ער זאָל זיך אײַנשטעלן פאַר אים, זאָגן דעם אויספאָרשער, אין וואָס פאַר אַ שווערן צושטאַנד עס איז דער פּאַציִענט, צו וועמען מע האָט אים אַרויסגערופן, האָט ער אומגעריכט דערהערט:

— איר קאָנט פאַרזעצן די אויספאָרשונג, כאַווער פּאָדפּאָלקאָווניק. ער איז אין פולער אָרדענונג, — און העכערנדיק די שטים, שטרענג אַ זאָג געטאָן צו זאַלמענען: — פּראָוועט ניט קיין שטיק. סימוליאַציע גייט דאָ ניט אָן.

— געהערט? — האָט יעוודאָקימאָוו געפרעגט זאַלמענען, ווען יופא איז אַרויס פון קאַבינעט. — אויב דו וועסט נאָכאַמאָל פּראָוועט דאָ דײַנע שטיק, וועל איך אַרויסרופן צו דיר שוין גאָר אַן אַנדער דאָקטער. ער וועט דיך גיך אויסהיילן. אופשטיין! ווער האָט דיר דערלויבט זיך צוזעצן. אופשטיין!

נאָר אָן אַ זײַטיקער הילף האָט זאַלמען ניט געקענט זיך אופהייבן פון בענקל. ס'האָבן אים מיטאַמאָל ווי אָפּגענומען די פיס. ער האָט פאַרקאַטשעט די הויזן ביז סאַמע די קני, באַוויזן דעם אויספאָרשער ווי געשוואָלן זיי זײַנען. פונעם מינדסטן צוריר מיט אַ פינגער בלײַבט איבער אַפן פוס אַ טיף גריבעלע ווי אין אופגעגאַנגענער טייג.

— נישקאָשע, וועסט דערפון ניט פייגערן. מיר וועלן דיך ניט לאָזן פייגערן, ביזוואַנען וועסט זיך ניט אָנערקענען אין דײַנע פאַרברעכנס און ניט אָנרופן אַלעמען, מיט וועמען דו ביסט געווען פאַרבונדן.

— וועלכע פאַרברעכנס? כ'האָב דאָך אײַך שוין וויפל מאָל געזאָגט, אַז איך בין ניט באַגאַנגען קיינע שום פאַרברעכנס, בין מיט קיינעם ניט געווען פאַרבונדן.

— אָט אַ נעוויילע! וועסט זיך נאָך לאַנג מאַכן טאַמעוואַטע? — יעוודאָקימאָוו האָט אַ נעם געטאָן פון טיש דאָס פירקאַנטיקע שטיקל מעטאַל און עס פאַרקוועטשט אין דער האַנט. — איך וועל דיר באַלד דערלאַנגען דערמיט איבער דײַן יודייסקער מאָרדע וועסטו זיך גלײַך דערמאָנען וואָס און ווען. איך פרעג דיך מיט גוטן צום לעצטן מאָל: וועסט אונטערשרײַבן די פּראָטאָקאָלן? פאַרגעס ניט, אַז אַף דיר וואַרט פון לאַנג שוין ניט נאָר דער קאַרצער. — ער האָט זיך אופגעהויבן און, האַלטנדיק אין איין האַנט פאַרקוועטשט דאָס פלאַטשיקע שטיקל מעטאַל און אין דער אַנדערער די ניט געכאַסמעטע פּראָטאָקאָלן, זיך דערנעענטערט צו זאַלמענס טישל:

— נו?!

„שרײַב אונטער. פריִער צי שפּעטער וועסטו סאַפּקאָלסאָף אַלציינס דאָך אונטערשרײַבן, ווי איך האָב עס געטאָן, ווי אײַזיק דאָברין, וועלכער ליגט אין שפּיטאָל און שרײַט נאָכאַנאַנד פון שלאָף: שלאָגט מיך ניט... שלאָגט מיך ניט...“

דעם ראָש־יעשיוועס עטוואָס זינגענדיק קאָל, וואָס זאַלמען האָט דערהערט אין זיך, איז ניט אָפּגעשטאַנען, פאַרגעזעצט אײַנטײַנען מיט אים:

„די פּונקטן צען און עלף פון דער אַכט־און־פופציקסטער טויכעכע זײַנען ניט אַזעלכע, אַז מע זאָל צוליב דעם לייגן דעם קאָפּ אונטערן כאַלעף, גיין אַף קידעש־האַשעם. דאָס פאָלק וועט אונדז מויכל זײַן פאַרן אײַנגיין זיך כאַסמענען אונטער דעם, אַז מיר זײַנען אַטאַבעכאַרטאָניקעס, בורזשואַזע נאַציִאָנאַליסטן. בורזשואַזע נאַציִאָנאַליסטן הייסן דאָך זיי אַלע די, ווער ס'האָט אויך ליב דאָס אייגענע פאָלק, זאָגט זיך פון אים ניט אָפּ, ווי איך, ווי איר... באַהיט אײַך אָבער גאָט נעמען אַף זיך די שולד, אַז מיר האָבן ווען־ניט־איז געהאַט די מינדסטע שײַכעס צו שפּיִאָנאַזש, פאַראַטן דאָס לאַנד... ווען מע האָט מיר געפּרוּווט עס צושרײַבן, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז סע גייט ניט אין מיר, אינעם יאָכיד, אַז סע גייט אינעם קלאַל, אין פאַרמיִעסן, פאַרשוועכן אונדזער פאָלק, אַרויסגעבן אונדז אַלע, ווי שפּיִאָנען און פאַרעטער. וויפל זיי האָבן מיך ניט געפּײַניקט און וויאַזוי נאָך גע־

פּײַניקט, כ׳זאָל זיך מוידע זײַן דעריין, האָב איך זיך ניט אונטערגעגעבן, ניט געלאָזט זיך אײַנברעכן, בין געווען גרייט גיין צוליב דעם אַף קידעש־האשעם...״

— וואָס האָט איר זיך פאַרטראַכט? — האָט זיך אַרײַנגעמישט אין רעב אַרנס ווייכער עטוואָס צוזינגעוודיקער שטים יעוודאָקימאָווס מיליטעריש־טרוקן קאָל, — שרײַבט אונטער און כ׳וועל אײַך אָפּלאָזן גיין שלאָפן.

ווען שפּיאָנאַזש און פּאַראַט, ווי זאַלמענען געדענקט זיך, איז אין די פּראָטאָקאָלן בענעגייע אים ענדגילטיק, דאַכט זיך, גאָרניט געזאָגט. דאָך האָט ער גענומען אפסנײַ איבערלייענען. ס׳איז אָבער צו אים אַלציינס קימאַט גאָרניט דערגאַנגען. דער קאָפּ האָט אופגעהערט עפּעס באַנעמען. אונטערשרײַבן ניט לייענענדיק? וואָס טראַכט מען צו, אַז דער פּאָדפּאָלקאָווניק זאָל אים אָפּשיקן צוריק אין קאַמער, וואָס אין פאַרגלײַך מיטן קאַבינעט פונעם אויספאָרשער איז עס אַ גאַניידן? צו הילף איז אים געקומען דער ראָש־יעשיווע. זאַלמען האָט ווידער דערהערט אין זיך רעב אַרנס עטוואָס צוזינגעוודיקן געמאָרע־ניגן פול מיט ראַכמאָנעס צו אים: „איר וועט גאָרניט צוטראַכטן, שרײַבט אונטער. איך האָב זיך אויך געכאַסמעט, כאָטש איך בין פונקט אַזוי שולדיק אין דעם, וואָס מע האָט מיר צוגעשריבן, ווי איר, ווי אײַזיק דאַברין, — שרײַבט אונטער... שרײַבט אונטער...״

דער אויספאָרשער האָט ניט אָפּגענאַרט. ווי נאָר זאַלמען האָט זיך געכאַסמעט אונטער די פּראָטאָקאָלן, האָט יעוודאָקימאָוו אַרויסגערופן דעם קאָנוואָירער און געהייסן אים אָפּפירן צוריק אין קאַמער.

אַרײַנקומענדיק אין קאַמער, האָט זאַלמען אָנגענומען אַ פולע ברוסט מיט לופט, ניט פילנדיק דעם איפּעשדיקן געשטאַנק פון דער פּאַראַשע. ער האָט דאָ אַלץ אָנגענומען פאַר ליב. קיין גרעסערער גליק ווי אומקערן זיך פונעם אויספאָרשער איז דאָ ניטאָ.

אין קאַמער זײַנען אַלע געווען אַף זייערע ערטער. כוץ אים, האָט מען הײַנט קיינעם, ווי צו זען, ניט אַרויסגערופן אַף קיין פאַרהער. צו טאָג איז, אַפּאָנעם, גאַנץ ווײַטלעך, מע קען נאָך קומען צו עמעצן פון זיי. ער אָבער דאַרף שוין פאַר דעם ניט מוירע האָבן, קען רויִק אָפּשלאָפן די עטלעכע פאַרבליבענע שאָ, ביז דער קאָמאַנדע פונעם אופזעער אין קאָרידאָר: „אופשטיין!״.

צורעכט געמאַכט דאָס געלעגער, האָט מאַנדעל אָפּגיך זיך אויסגעטאָן, פאַרדעקט די אויגן מיטן געלבלעך־וואַפלנעם האַנטעך, די הענט וועקגעלייגט אויבנוף אַף דער קאָלדרע, נאָר לאַנג ניט געקענט אײַנשלאָפן. דאָס סאַמע טײַערסטע דאָ, דער שלאָף, האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעטאָן. אים האָט ניט געלאָזט אײַנשלאָפן שימען יופאַ. וואָס שטאַרקער זאַלמען האָט אונטערן האַנטעך צוגעשלאָסן די אויגן, אַלץ בוילעטער האָט ער אים פאַר זיך געזען. שימען איז געקומען זיך פאַרענטפערן פאַר אים, בעטן מעכילע? נאָר ווי קען מען אַזעלכס פאַרגעבן, מויכל זײַן? שימען האָט דאָך געזען, אין אַ וועלכן צושטאַנד ער האָט אים געטראָפן ליגן אַפן דיל. וויִאַזוי האָט זיך געקאָנט עפּענען בײַ שימענען דאָס מויל אָנרופן אים סימוליאַנט, זאָגן דעם אויספאָרשער, אַז ער קען פאַרזעצן דעם פאַרהער, פאַרזעצן אים פּײַניקן, דער „זעק״ מאַנדעל, צו וועמען מע האָט אים אַרויסגערופן, איז אין פולן געזונט? וויִאַזוי האָט יופאַ אין אָט דער מינוט געקאָנט פאַרגעסן, אַז כוץ דעם, וואָס זיי זײַנען אין דער יוגנט געווען נאָענטע כאַווײרים, איז ער דערצו נאָך אַ דאָקטער? די כײַע האָט אויך אין שימענען באַהערשט דעם מענטשן? ער איז דאָך אָבער אַ דאָקטער, ווער סע דאַרף קומען צו הילף דעם לײַדנדיקן, פאַרלײַכטערן די ווייען... און ער, שימען... עס קומט דאָך באַלד אויס, אַז מאַרק פּאָלאָנער איז גערעכט, אַז קיין שום טוירע וועט ניט איבערמאַכן די וועלט, ניט ראַטעווען דעם מענטשן פון דער אייגענער כײַע אין זיך, און אַז ס׳איז ניטאָ קעגן דעם קיין אַנדער אויסוועג, ווי אומברענגען די וועלט, אַז ס׳זאָל פון איר קיין זייכער ניט בלײַבן. אומברענגען זי, און אַן ענדע.

— שרײַט ניט אַזוי. דער וועכטער אין קאָרידאָר קען דערהערן.

זאַלמען האָט אופגעעפנט די אויגן, אַראָפּגעשאַרט דעם האַנטעך. לעבן אים איז אין די אונטערוועש געשטאַנען רעב אַרן. אינעם פאַרגראַטעוועטן פענצטער מיטן נידעריק אָנגערוקטן דאַשעק איז נאָך געווען שטאָק־פינצטער.

צוויי נעכט נאַכאנאנד האָט מען מאנדעלן ניט ארויסגערופן צום אויספאַרשער, געלאָזן זיך אויסשלאָפן. דער קאָפּ איז אויך נאָך די צוויי רויִקע נעכט נאָך אלץ געווען ווי אָנגעגאָסן מיט בלײַ, א שווערער און טעמפּער, אָבער שוין ניט אַף אַזויפיל, אז ער זאָל ניט באַנעמען, אז גלאט אזוי וואָלט מען אים ניט אומגעקערט דעם צוגערויבטן שלאָף, דאָס סאמע טײַערסטע, וואָס איז פון סאמע געבוירן געגעבן דעם מענטשן און וועלכן צום אלעם ערשטן נעמט מען עס בא אים דאָ אָפּ. ווען זאלמען זאָל אפילע וועלן דערקלערן זיך עס דערמיט, אז ער האָט פארדינט די צוויי רויִקע נעכט פארן אײַנגיין אונטערשרײַבן די פּראָטאָקאָלן און אז דערוף, קאָן זײַן, האָט זיך פארענדיקט די אויספאַרשונג, וואָלטן די שכיינים פון קאמער דערצו ניט דערלאָזט. וואָרעם ס'איז פּאָשעט אן אומזין זוכן אין דעם, וואָס דאָ קומט פאָר, א שטיקל לאָגיק. אלץ, וואָס דאָ טוט זיך, איז קעגן דעם מענטשלעכן סייכל. קוים אזוי, איז דארף ער זיך ריכטן, אז ניט הײַנט־מאָרגן וועט מען בא אים ווידער אפּן זעלבן אכזאָריִעסדיקן אויפן אָפּנעמען דעם שלאָף, אפילע אַף א מער לענגערער צײַט ווי א מענטש איז ביכלאל אימשטאנד עס אויסהאלטן. כאָטש וואָס האָט דער אויספאַרשער אים נאָך צו פאנאנדערפרעגן, וויבאלד ער האָט אלץ אונטערגעשריבן? ס'האָט זיך עפּשער אויסגעקלאָרט, אז ער האָט ניט דערמאָנט אלע זײַנע באקאנטע, פארפעלט אָנרופן דעם סאמע נאָענטסטן פון זיי נאָסן לעוויטינען? דורכגעלאָזט עמעצן פון די געלערנטע גענעראלן, וועמען ער האָט געקאָנט באגעגענען אין קאָמיטעט? אויסער דעם אָבער, אז ער האָט זיי דאָרט געזען, האָט ער דאָך מער גאָרניט צו דערציילן וועגן זיי. פונעם ארויסרופן אים צום אויספאַרשער וועט צוקומען צו די פריִערדיקע אונטערגעשריבענע פּראָטאָקאָלן נאָך איינער, ווו עס וועט זיך אויך אָנהייבן און זיך ענדיקן מיטן זעלבן, ווי מיסטאמע בא אלע ארעסטירטע יִדישע שרײַבער. „זײַענדיק אנטיסאָוועטיש געשטימט, האָט מען געטריבן רעכילעס אַף דער ראטנמאכט". אין קיין איינעם פון די פּראָטאָקאָלן איז ניט אָנגעוויזן עפּעס מאמאָשעסדיקס, אין וואָס איז באשטאנען די רעכילעס. עמעצער פון אויבן האָט עס געקאָנט באמערקן, און עפּשער האָט יעוודאָקימאָוו אליין זיך דערצו געכאפּט און וועט איצט צושטיין צו זאלמענען, ער זאָל אים העלפן צוטראכטן פאר יעדן איינעם פון די אָנגערופענע באקאנטע אינעם צעטל דאָס מאמאָשעסדיקע אין די רעכילעסן, מע זאָל דערפון זען, אז מע האָט צו טאָן מיט א סוינע, מיט א יִדישן בורזשואזן נאציִאָנאליסט.

ריכטנדיק זיך, אז ניט הײַנט־מאָרגן קענען זיך ווידער אָנהייבן די באנאכטיקע פארהערן, האָט זאלמען זיך אָפּגעגעבן דערווײַל דערמיט, וויִאזוי ארײַנכאפּן בישטיקע א שטיקל שלאָף אין די שטרענג־פארבאָטענע באטאָגיקע שאָען. דער פראנצויזישער פּאָלקאָווניק שארל איז אים געגאנגען אנטקעגן, אנטליִען אים א פּאָר מאָל דאָס ביכל. לערנען זאלמענען, וויִאזוי עס צו האלטן, אז ס'זאָל זיך ניט ארויסגליטשן פון די הענט און וויִאזוי אין דעם ארײַנקוקן, אז דער ווערטוכײַ פון יענער זײַט טיר זאָל אים ניט אויסריידן, אז ער לייענט צו לאנג איינס און דאָס זעלבע זײַטל, האָט מען ניט באדארפט. זאלמען איז שוין דורכגעגאנגען אָט די לערע, געווען דערין גענוג שוין געניט.

די דריטע נאכט איז דורך רויִק ווי די פאָריקע צוויי. בלויז בייסן לייגן זיך שלאָפן האָט מער שטארקער דערמאָנט וועגן זיך דער שנײַדנדיקער ווייטיק אין בויך, וואָס פלעגט אים יעדעס מאָל אָנכאפּן באנאכט באם דערהערן ווי דער ווערטוכײַ עפנט די קאָרמושקע, כאָטש די קאָמאנדע „סליעכקא" איז געווען אָפּגעגעבן ניט אים, נאָר עמעצן א צווייטן אין קאמער. אים, זאלמענען, האָט דער אופזועער באפוילן זיך צוגרייטן „סליעכקא" גראדע דעמלט, ווען ער האָט זיך דערוף לאכלוטן ניט געריכט, אין דער פרי־אָוונטיקער שאָ, נאָך פאר וועטשערע.

אומגעקערט זיך צוריק אין קאמער, האָט זאלמען אַף מאָרגן אינדערפרי א צעבײַלטער, מיט א פארבלוטיקט פּאָנעם. דער ראָש־יעשיווע האָט גלײַך פארשטאנען, אז דער פארהער איז געגאנגען ניט וועגן אָנווײַזן אין די פּראָטאָקאָלן עפּעס וועזנטלעכס, מאמאָשעסדיקס אין דער אָנגעטראכטער באשולדיקונג „געטריבן רעכילעס אַף דער קאָמוניסטישער פּארטיי, אַף דער ראנטמאכט", נאָר וועגן דעם סאקאָנעס־געפערלעכן פונקט פונעם אכט־

און־פּופּציקסטן אַרטיקל — איינס אַ: שפּיאָנאַזש און פּעראַט. דאָ איז שוין זאַלמען געגאַנגען, ווי צו זען, אַף קידעש־האַשעם.

— זאָל אים דער אייבערשטער העלפן, — האָט אַרן, דערזעענדיק דעם צוריקגעקומענעם זאַלמענען, מער אין זיך ווי אַף אַ קאָל אַ זאָג געגעבן.

לייזער עלקין פֿונעם טײַשעטער לאַגער האָט מיטאַמאָל זיך אַ דערמאָן געטאָן:

— איך פּלעג זעלטן־ווען קומען פֿונעם פֿאַרהער אַף די אייגענע פֿיס. מיך פּלעגט מען פֿון דאָרטן שוין ברענגען צו טראָגן.

דעם טײַשעטערס תּלמיד, דער פֿראַנצויזישער פּאָלקאָווניק שאַרל, מיט וועמען לייזער עלקין האָט אַ ביסל צוגעקנעלט, אײַנגעכאַזוערט מיט אים יעדן טאָג עטלעכע רוסישע ווערטער, האָט אַ מאַך געטאָן צו זײַן לערער מיט דער האַנט. ער זאָל אַנשוויגן ווערן, ניט פֿאָרזעצן דערציילן, וויִאַזוי מע איז זיך מיט אים באַגאַנגען אַף די פֿאַרהערן. ענדלעך האָט שאַרל צוגעקליבן די פּאַסיקע ווערטער און געזאָגט:

— אַ מענטשן דאַרף מען באַרויִקן, ניט שרעקן. — און קיין רעגע ניט געקלערט, האָט ער אַנטליִען זאַלמענען דאָס פֿראַנצויזישע ביכל אַפֿן גאַנצן טאָג.

זאַלמען האָט אין ביכל קימאַט ווי ניט אַרײַנגעקוקט. ער האָט ניט באַדאַרפֿט הײַנט אויסבאַהאַלטן די אויגן, אָפּקערן זיי פֿונעם אופֿזעער. זיי זײַנען געווען בא אים אָפּן. דער שלאָף האָט זאַלמענען הײַנט ניט געמאַטערט, כאָטש ער איז די גאַנצע נאַכט געווען אויף און נאָך די קלעפּ אָפּגעשטאַנען ביז אײַנדערפֿרי אַף די, ווי בערוועגעס, געשוואָלענע פֿיס. ער איז בלויז ניט געווען אימשטאַנד פֿאַרנעמען די רייד פֿון זײַנע שכנים אין קאַמער, זיך אײַנהערן צו זייערע דערציילטע געשיכטעס וועגן זיך. צו זײַן גרויס פֿאַרווונדערונג האָט ער זיך אינגאַנצן אַרײַנגעטאָן אינעם פּאָרטראַכט פֿון דער דראַמע, וואָס איז אים פֿלעצעם געקומען אַפֿן זינען און שוין פֿון זיך ניט אָפּגעלאָזט, געצוווּנגען די גאַנצע צײַט דערפֿון צו קלערן.

געוויס איז עס נאַריש, מער ווי נאַריש טראַכטן דערפֿון. ער שעמט זיך עס אויסזאָגן אַפֿילע רעב אַרענען, וועלכער איז פֿאַרנומען ניט בלויז מיט זיך, נאָר אַרײַנגעטאָן אין פֿיל העכערס. דאָ איז ביכלאַל יעדער איינער, אויסער ווי מיט זיך, פֿאַרנומען אויך מיט עפּעס זײַטיקס, וואָס ווענדט אָפּ פֿון די גרויליקע געדאַנקען. אַנדערש וואָלט יעדער איינער זיך מיסטאַמע געווירט פֿון זינען. רעב אַרן באַהאַלט זיך אויס פֿון זיך. אינעם זאָגן טילים, אין לערנען לויטן זיקאָרן אַ בלאַט געמאָרע; דער טײַשעטער אין שטודירן פֿראַנצויז און זינגען מיט אַ צוגעטויבטער שטים קאָלערליי ראָמאַנסן; דעם פּאַריזשער פּאָלקאָווניק ווענדן אָפּ פֿון די שווערע געדאַנקען ניט אַזוי דאָס דערציילטע אינעם פֿראַנצויזישן בוך פֿון דער לובּיאַנקער ביבליאָטעק, ווי דאָס אײַנכאַזערן אַלץ נײַע און נײַע רוסישע ווערטער.

אייגנטלעך וואָלט ער, זאַלמען, אויך געקענט געפֿינען פֿאַר זיך אַ רעטונג אין דערלערנען, ווי דער פֿראַנצויז שאַרל, אַ פֿרעמדע שפּראַך, ווי ס'איז פֿאַר אים געוואָרן פֿון מיט פֿיל יאָרן צוריק העברעיִש, אַף וועלכער ער האָט אין דער יוגנט, ווען זי איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן קיין פּאָסלע, אַפֿילע אָנגעשריבן עטלעכע לידער. אים וואָלט מיסטאַמע ניט אויסגעקומען איבעריקס זיך אָנשטרענגען אופֿצושטעלן אין זיקאָרן די פֿאַרגעסענע ווערטער. וואָס וועט עס אים אָבער געבן, אויב ער האָט דאָ ניט מיט וועמען זיך דורכריידן אַף איר. דעם ראָש־ישיווע רעב אַרענען קען מען, פּונקט ווי אים, פּלוצעם אַריבערפֿירן אין אַן אַנדער קאַמער, צי אין אַן אַנדער טורמע און דערמיט זיי אַף שטענדיק צעשיידן. מיט עלישען און בענשאָלעמס אײדעם, מיט לייווין, וויבאַלד זיי זײַנען פֿאַר אים געוואָרן געשטאַלטן פֿון דער פֿאָרטראַכטער דראַמע, וועט קיינער ניט קענען אים צעשיידן.

זאַלמען פֿאַרשטייט, אַז אים וועט מער קיינמאָל ניט אויסקומען שוין זיצן באַם שרײַבטיש, אַז אַלץ, וואָס ווערט געבוירן דאָ אין אים, וועט מיט דער צײַט פֿאַרשווינדן פֿון זיקאָרן, זיך אויסוועפּן, אינגאַנצן פֿאַרלוירן גיין. דאָך קען ער זיך ניט צווינגען אופֿהערן טראַכטן וועגן די העלדן פֿון דער דראַמע, באַזונדערס וועגן די צוויי הויפּט־העלדן — עלישע און בענשאָלעמס אײדעם לייווי. ביידע, די טאָכטער און דער זון פֿונעם ייִדישן פֿאָלק,

דערמאָנען מיט זיך אין די רוסישע אדל־פרויען פון די פארשיקטע אף קאַטאָרגע אין די סיבירער שאכטעס דעקאבריסטן. קיינער האָט דאָך ניט געניט בענשאַלעמס אידעס, לײַ־ווין, זיך פון אלץ אָפּזאָגן, מאקריוו זײַן דאָס לערנען זיך אין דער מיליטערישער אקאדע־מיע, דעם פארטיי־בילעט, די באקומענע שלאכט־אָרדענס אפן פראָנט און צוזאמען מיט די ארויסגעשיקטע פרוי און שוויגער מיטפּאָרן אין עק וועלט אפן ווײַטן צאָפן, לײַדן באגלײַך מיט זיי קעלט, הונגער, דערנידעריקונגען...

ס'איז אוואדע א גרויס גליק, וואָס מע האָט אים ארעסטירט, זאלמענען, פאר דער כאסענע און עלישע וועט ניט דארפן לײַדן, ווי א פרוי פון א ניט־אנטוואָפּנטן פארביסענעם סוינע פון פאָלק, פון א פארעטער און א שפּיאָן, ווי ס'האָט אים הײַנט אָנגערופן דער אויס־פאָרשער.

דערוף, וויאזוי וואָלט זיך אופגעפירט עלישע, ווען זיי זאָלן געווען כאסענע האָבן מיט א טאָג פריִער, צי מע זאָל אים געווען ארעסטירן מיט א טאָג שפּעטער, האָט ער ניט וואָס זיך צו פארקלערן. עלישע וואָלט נאָכגעפאָרן, וווּהין מע זאָל אים ניט פארשיקן.

אינגאנצן אָבער פארטויבן אין זיך דעם הײַנטיקן באנאכטיקן פארהער, די שרעק, וועל־כע ס'האָבן איבערגעלאָזט אין אים די נײַע באשולדיקונגען, וואָס דער אויספאָרשער שרײַבט אים צו, פארופנדיק זיך דערבײַ, אז אלע ביז איינעם אי פון קאָמיטעט, אי פון די שרײַבער, זײַנען זיך דערין מודע געווען, דאָס האָט זאלמען ניט געקאָנט. וועגן וואָס ער זאָל זיך ניט האָבן פארקלערט, האָט זאלמען, ווילנדיק, ניט־ווילנדיק, זיך דערצו פאָרט אומגעקערט און פארגעבן זיך איינע און די זעלבע פראגע: „צו וואָס איז דערגאנגען די וועלט? וואָס איז מיט איר געשען? זי גייט אונטער?".

קיין ענטפער דערוף האָט זאלמען בא זיך ניט געפונען און געווען זיכער, אז ס'איז ניטאָ דערוף קיין ענטפער. אלץ האָט זיך איבערגעמישט, אלץ האָט זיך איבערגעקערט.

פאר זײַן אָפּזאָגן זיך אונטערשרײַבן דעם הײַנטיקן פּראָטאָקאָל מיט די אָנגעטראכטע מעשונע־ווילדע באשולדיקונגען האָט יעוודאָקימאָוו צוזאמען מיט א צווייטן, מיט א ציוויל־געקליידטן יונגנמאן אין ברילן, אים געגעבן צו דערפילן דעם אונטערשייד פון די „בלימע־לעך", ווי ס'האָט געהייסן באם פּאָדפּאָלקאָווניק יעוודאָקימאָוו זײַן באגיין זיך מיט זאלמע־נען אף די ערשטע פארהערן, און די „יאגעדקעלעך", מיט וועלכע בײדע זײַנען אים די נאכט מעכאבעד געווען.

צווישן די, וועמען דער אויספאָרשער יעוודאָקימאָוו האָט אָנגערופן, אז זיי זײַנען זיך מודע געווען אינעם סאמע שרעקלעכסטן, אינעם סאמע געפערלעכסטן — אין שפּיאָנאזש און פאראט, — איז נאָסן ניט דערמאָנט. ס'איז אָבער ניט צו גלייבן, אז דער פּאָדפּאָלקאָווניק זאָל ניט וויסן וועגן זײַן כאווערן זיך מיט נאָסענען, אז נאָסן לעוויטין איז געווען זײַן נאָענטסטער פרײַנט. בעעמעס טאקע, אויב שיִע רוויזען האָט ניט פארגעסן צו דער צײַט איבערגעבן אהין, אז בא נאָסענען אין דער דירע איז געווען א טיר פון איין צימער אין אנדערן צימער און אז נאָסן האָט זי קורץ פאר זײַן ארעסט פארברענט, האָט דאָך שיִע זיכער ניט פארגעסן אָנווײַזן, מיט וועמען האָט נאָסן זיך באזונדערס געפרײַנדעט און, פארשטייט זיך, אָנגערופן צום אלעם ערשטן אים, זאלמענען.

דערפון, וואָס דער אויספאָרשער האָט פאר דער גאנצער צײַט קיין איין מאָל ניט דער־מאָנט נאָסענען, איז שוין א באווײַז, אז אים האָבן די „יאגעדקעס" ניט אײַנגעבראָכן. און אין דעם, אז זיי וועלן נאָסענען ניט אײַנברעכן, איז זאלמען זיכער.

ווענ'ן זיך קען זאלמען אזוי ניט זאָגן. ער איז דאָך ניט געווען אף דער מילכאָמע, ניט באגעגנט זיך מיטן טויט פּאָנעם־על־פּאָנעם, ווי נאָסן, וועלכער איז קימאט פונעם ערשטן ביזן לעצטן טאָג אָפּגעווען אפן פראָנט. דאָס האָט פּיִ, זייער פיל צו זאָגן. נאָסן האָט אין סאמע אָנהייב פון דער מאגייפע ניט געסאָפעקט, אז זי וועט אים ניט פארבײַגיין און געהאט געגרייט זיך דערצו, ווי ער זאָל זיך קלײַבן ווידער אפן פראָנט. די זעלבע שווע: „איִן טאכאס איִן", וועלכע זאלמען האָט דערהערט פון נאָסענען באם ארויסבאגלייטן אף דער מילכאָמע אין שלאכט מיט די דײַטשן, האָט ער ניט איין מאָל געהערט פון אים מיט דער

זעלבער דערצאָרנטקייט, גרייטנדיק זיך צו דער באַגעגעניש מיט די קוילער־יונגען, ווי ער האָט גערופן די באַלעבאַטים און זייערע קנעכט פון דעם גרויען סוידעספּולן מויער אויף לוביאַנקע, ווו דער אַרײַנגאַנג אַהין איז מעסוקענערווײַז ברייט און דער אַרויסגאַנג מע־סוקענערווײַז שמאָל.

נאָך דער הײַנטיקער נאַכט האָט זאַלמען מער נאָך דערפילט, אַז ער איז צו שוואַך זיך צו פאַרגלײַכן מיט נאָסענען און מעקאַיעם זײַן דעם געבאָט פון דער טוירע א צאָן פאַר א צאָן, אַן אויג פאַר אַן אויג... ער פילט זיך אָבער בעקוייעך אַלץ אויסשטיין, דורכגיין די אַלע שיוורע מעדוריי גענעם, נאָר ניט נעמען אויף זיך די שרעקלעכע שולד, וואָס דער אויס־פאָרשער וויל אים צושרײַבן. נאָסנס קעגנשטעלן זיך ביז אַהער וועט אים אונטערגעבן קויכעס, דינען פאַר אַן אָנשפּאַר. נאָסן איז פאַר אים דער, וועמען מע נעמט זיך פאַר א מוסטער.

באַם ראָש־יעשיווע האָט ער, זאַלמען, אויך וואָס צו לערנען. אַרן האָט אונטערגע־שריבן אַלץ, וואָס איז נעגייע די פּונקטן צען און עלף, צוגערעדט אויך אים אין לעצטן פאַל דערויף אײַנגיין... נאָר ווען רעב אַרנס אויספאָרשער איז צוגעשטאַנען, ער זאָל זיך מוידע זײַן אין שפּיאָנאַזש, אַז אים מיט זײַנע טאַלמידים האָט פאַרוועגבירט דער דזשאָינט, איז ער גרייט געווען מאַקריוו זײַן דאָס לעבן, נאָר ניט נעמען אויף זיך אָט די געפערלעכע שולד. וויפל איז רעב אַרן אויסגעשטאַנען, ביז זײַן אויספאָרשער איז ענדלעך אָפּגעטראָטן, אופגע־הערט אים פּײַניקן מיטן שפּיאָנאַזש, מיט זײַנע קלוימערשטע פאַרבינדונגען מיטן דזשאָינט... דערהערט פון זאַלמענען, אַז אים דראָט נאָך ערגערס — פּאַראַט, „איינס א״, — האָט דער ראָש־יעשיווע אים פאַרשפּראָכן זיך ניט אונטערגעבן, ניט לאָזן זיך אײַנברעכן, געדענקען, אַז סע גייט ניט וועגן יאָכיד, וועגן קלאַל, וועגן אַלע ייִדן פון לאַנד. אין אַלע שווערע צײַטן האָט מען געזוכט, וויאַזוי זיי מעוואַיעש זײַן, וויאַזוי זיי צו דערנידעריקן, טאָמיד צוגעשריבן די ייִדן דאָס סאַמע עקלהאַפטסטע, באַשולדיקט זיי אין די שווערסטע פאַרברעכנס, ווי שפּיאָנאַזש, פּאַראַט, אַפילע טעראָר...

דער קרעמענטשוגער ראָש־יעשיווע האָט דערמאָנט זאַלמענען:

— בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע האָט מען צוליב די זעלבע אָנגעטראַכטע באַ־שולדיקונגען אַרויסגעשיקט קימאַט אַלע ייִדן פון די שטעט און שטעטלעך באַ דער גרענעץ מיט דײַטשלאַנד. דאָס איז געווען אינעם קייסערס צײַטן. ערעוו דער צווייטער וועלט־מיל־כאָמע, בײַס קינד־און־קייט אין דער גאַנצענער וועלט האָבן געוווּסט, וויאַזוי די דײַטשן באַ־גייען זיך מיט די ייִדן, האָט זיך ווידער איבערגעכאַזערט, אייגנטלעך, די זעלבע געשיכטע, נאָר שוין אין די צײַטן פון דער סאָוועטנמאַכט: אַרויסגעשיקט פון די שטעט און שטעטלעך באַ דער גרענעץ מיט דײַטשלאַנד צוזאַמען מיט אַנדערע אויך די דאָרטיקע ייִדן, כוישעד געווען, אַז זיי קענען ווערן שפּיאָנען, דינען היטלערן, יימאַך שמוי...

בײַסן דורכלופטערן זיך אין אָוונט אויפן אָפּגעצוימטן שטיקל דאַך די פינקטלעך־אויס־געטיילטע פאַר דעם צוואַנציק מינוט האָט זאַלמען דערפון שוין ניט געקלערט. ער האָט ניט דערפון וואָס צו קלערן. אויף קיין אַנדער ענטפער אויסער ווי „ניין, ניין און ניין״, וועלכן יעוודאָקימאָוו האָט די נאַכט געהערט, וועט ער זיך פון אים ניט דערוואַרטן.

דורכשפּאַצירנדיק זיך דאָס מאָל אין דער ריי צווישן דעם פראַנצויזישן פאָלקאָווניק און דעם באָכערל פון טײַשעטער לאַגער, האָט זאַלמען ניט אָפּגעפּירט דאָס אויג פונעם דורכזיכטיקן וואָלקנדל, וואָס איז געבליבן הענגען איבערן דאַך און דערנאָך אַוועקגע־שווומען אַראָפּ־צו אין דער ריכטונג, פונוואַנען מע האָט אים מיט עטלעכע טעג צוריק גע־בראַכט אַהער צו פירן, אַוועקגעשווומען אַהין, ווו ער האָט איבערגעלאָזט וואַרטן אויף זיך עלישען, ניט געזעגענענדיק זיך אַפילע מיט איר. ווען ער ווייסט כאָטש ווו זי איז. די אָנ־געהויפּטע וואָלקנס, ווי איבערגעקערטע שניי־בערג, זאָגן אונטער: אַוווּ נאָך קען זי זײַן, אויב ניט דאָרט, פונוואַנען זי איז געקומען, אין דער ווײַטער פּראָסטיקער טונדרע און ווי איר מאַמע, די וווּנדער־שיינע פעפע, שטייט זי דאָרט אַצינדער אָנגעבויגן איבער א באַליע פרעמד גרעט, אָדער וואַשט באַ עמעצן די פּאָדלאָגע...

## 12

דער גענעראַל, צו ווען „די משוגענע קאָפּ״, דער בלאָנדער מאַיאָר מיט די הימל־בלויע אויגן און כיין־גריבעלעך אין די פּוכקע קינדערשע בעקלעך, האָט געבראַכט צו פירן נאָסענען, איז נאָך בײַ זיך אין קאַבינעט ניט געווען. אינעם ניט גרויסן פּאָדערצימער מיטן ביז האַלב פאַרהאַנגענעם פענצטער איז בײַם טישל מיט די טעלעפאָן־אַפּאַראַטן געזעסן אַ פרוי שוין אין די יאָרן און ניט געצײַלט, ווי ניט קענענדיק פאַנאַנדערקלײַבן דעם קסאַוו, געדרוקט אויף אַ מאַשינקע.

— איך וועל אײַך ניט שטערן, — האָט דער מאַיאָר זי געפרעגט, — אויב מירן דאָ צוואַרטן? דער שעף האָט מיך אַרויסגערופן אויף הײַנט צו פיר אַזייגער, איצט איז אָן אַ פערטל פיר.

— איר וועט מיר ניט שטערן. איר קענט דאָ צוואַרטן. דער גענעראַל דאַרף באַלד קומען.

אָנגעוויזן דעם אַרעסטירטן לעווי־טינען אויפן בענקל אַנטקעגנאיבער בײַ דער וואַנט, האָט דער מאַיאָר אויסגעקליבן פאַר זיך אַן אָרט אויפן ווייכן דיוואַן לעבן קאַבינעט, פונוואַנען ער זאָל קענען נאָכפאָלגן נאָכן געפערלעכן פאַרברעכער, וועלכן ער האָט געבראַכט צו פירן. דער מאַיאָר האָט ניט אַרויסגעלאָזט פון אויג נאָסענען אויך נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערגעצויגט נעענטער צו דער סעקרעטאַרשע און פאַרפירט מיט איר אַ שמועס, וואָס האָט, ווי נאָסן האָט פאַרשטאַנען פון די עטלעכע דערגאַנגענע געציילטע ווערטער, ניט געהאַט קיין שײַכות ניט צו אים, דעם ניט אַנטוואָפנטן פאַרביסענעם סוינע, געפערלעכן מלוכה־פאַרברעכער, וועמען דער גענעראַל האָט באַפוילן ברענגען צו זיך הײַנט אַהער, און ניט דערצו, וואָס די פרוי האָט געדרוקט אויף דער מאַשינקע. נאָר ווען זי האָט אַ ווײַלע שפּעטער איין מאָל און אַ צווייט מאָל אַ בליק געטאָן אין זײַן זײַט, איז נאָסן געווען קימאַט זיכער, אַז דער אויספאָרשער דערציילט איר וועגן זייער געשלעג יענע וואָך אויפן פאַרהער. צי ניט אין שײַכות מיט אָט דעם געשלעג זייערן, וואָס האָט איבערגעלאָזט בײַם מאַיאָר אונטער דעם לינקן הימל־בלויען אויג אַן אויפגעלאָפענע ביז איצט נאָך האַלבע באַק, האָט זײַן אויספאָרשער אים געבראַכט הײַנט אַהער צום הויך־באַאַמטן מאַן.

מיט וואָס וועט זיך פאַרענדיקן די באַגעגעניש מיטן גענעראַל, שטעלט זיך נאָסן אָן ערעך פאָר. גיכער פון אַלץ וועט מען אים איבערגעבן אין רעשוס פון די „יינגעלעך״, זיי זאָלן זיך מיט אים פאַרנעמען, ווי פאָריקס מאָל, נאָך זײַן ראַנגלען זיך מיטן אויספאָרשער אין קאַבינעט. געקומען איז ער פון דאָרט צו זיך אין קאַמער, וווהין מע האָט אים געבראַכט צו שלעפּן פון די „יינגלעך״, וואָס האָבן מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן זיך געהאַט מיט אים פאַרנומען, ווי אויספײַנענדיק זיך מיט זייער אכזאָריעס איינער פאַרן אַנדערן, אײַנגאַנצן אַ צעמיימעסטן.

פאַר דער סעקרעטאַרשע, וואָס האָט אויף יעדנפאַלס זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער הויכער ברוסט אויף דער מאַשינקע, אַפּאָנעם, אַז דער מאַיאָר זאָל קיין וואָרט ניט קענען איבערלייענען פונעם געדרוקטן, זײַנען אַזעלכע געשיכטעס, ווי מע דאַרף זיך אָנשטויסן, ניט קיין נײַס. זי האָט, זיצנדיק דאָ אין פּאָדערצימער, זיך געוווינט מיסטאַמע אָנגעהערט דערפון אַליין. הײַנט שטייט עס איר דאָ באַלד ווידער פאָר. אויב דער, צו וועמען מע האָט אים, נאָסענען, אַהער געבראַכט הײַנט צו פירן, איז דער זעלבער גענעראַל, וועמ ס'האָט בייס איינעם אַ פאַרהער זיך פּלוצעם אַרײַנגעשטעלט אין קאַבינעט בעשאַס „די משוגענע קאָפּ״ האָט זיך איבערגענומען מיט זײַן רײַכער רוסישער שפּראַך, איז דאַרף ער ניט אָנקומען צו דער הילף פון די „יינגעלעך״. פון אים האָט אַרויסגעשפּאַרט די גוורע פון אַ שמיד. נאָסן האָט זי געהאַט דערפילט פונעם לײַכטן זעץ איבערן אַקסל. ער ווייסט ניט, וויאַזוי וואָלט זיך פאַרענדיקט דעם גענעראַלס אַרײַנמישן זיך דעמאָלט אויף אַזאַ אויפן אינעם פאַרהער, ווען ער לאָזט אים ווידער אַראָפּ אויפן אַקסל זײַן שווערן פויסט. צי וואָלט ער אים ניט אָפּגעענטפערט מיטן זעלבן, ווי ער האָט יענע וואָך בייסן פאַרהער אָפּגעענטפערט „די משוגענע קאָפּ״.

דערפֿון, אַז מיט אים איז גלײַכער זיך האַלטן פֿונדערווײַטנס, האָט נאָסן געגעבן צו פֿילן זײַן אויספֿאָרשער נאָך אפֿן ערשטן פֿאַרהער, בײַס יענער האָט געפּרוווט צורירן זיך צו אים מיט דער האַנט. נאָסן האָט זי אָפּגעפּירט פֿון זיך אַזוי, אַז דער מאַיאָר האָט נאָכדעם אַ פּאָר מאָל פֿאַרבויגן די האַנט בײַזן עלנבויגן, צי איז זי ניט צעקאַליעטשעט. אפֿן לעצטן פֿאַרהער יענע וואָך האָט דער מאַיאָר עס שוין אָפּגאַנעם פֿאַרגעסן, און ווען נאָסן האָט זיך ווידעראַמאָל ענדגילטיק אָפּגעזאָגט אונטערשרײַבן דעם פּראָטאָקאָל, האָט דער אויספֿאָרשער אַרויסגעכאַפּט פֿון קעשענע אַ בינטל שליסלען און דערלאַנגט אים מיט דעם איבערן קאָפּ, אַזש בלוט האָט אַ פֿלײץ געטאָן. קײן רעגע ניט פֿאַרקלערט זיך, ווי בײַסן גײן אין אַ האַנט־געפֿעכט ווי אים איז דאָס אײנמאָל אויסגעפֿאַלן אויף דער מילכאָמע, איז ער אויפֿגעשפּרונגען פֿונעם צוגעשמידטן בענקל און זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אפֿן אויספֿאָרשער. מיט אײן זעץ האָט ער אומגעוואָרפֿן דעם מאַיאָר און, אָנוואַלגערנדיק זיך אויף אים, געגומען שטיקן.

אי ער, נאָסן, אי „די מעשיגענע קאָפּ" וואָלטן שוין דאָ איצט מיסטאָמע ניט געזעסן. זיי וואָלטן שוין בײדע געווען ניט קײן היגע, געווען מעגלעך דאָרטן, ווו דער מאַיאָר האָט אים צוגעזאָגט באַזאָרגן מיט אַן אײביק אָרט. אַרויסגעראַטעוועט האָבן דעם מאַיאָר פֿון זײַנע הענט די זיך צונויפֿגעלאָפֿענע אויספֿאָרשער פֿון די שכײנעסדיקע קאַבינעטן.

קײן וואָנטזײגער, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע קאַבינעטן, ווו נאָסענען איז אויסגעקומען זײַן, איז דאָ אויך ניט צו זען. אים איז אויך אָן דעם געווען שוין קלאָר, אַז ס'איז אַריבער מער פֿון אַ פֿערטל שאָ. מיטאַמאָל האָט אין אים אויפֿגעוואַכט די שרעק, פֿון וועלכער ער האָט זיך געהאַט באַפֿרײַט נאָכן צווײטן, צי דריטן פֿאַרהער. די שרעק איז איבערגעגאַנגען אין אַ פּראָסט, וואָס האָט מיט יעדער מינוט זיך געשטאַרקט, אים אינגאַנצן צונויפֿגעפֿרעסט. די אויפֿגעוואַכטע שרעק אין אים האָט זיך ניט געלאָזט בײַקומען. ס'האָט ניט געהאָלפֿן זײַן געבן אַ זאָג צו זיך, ווי בײַס אַן אַטאַקע אפֿן פֿראָנט: צוויי מאָל שטאַרבט מען ניט און אײן מאָל ווערסטו דעם טויט סײַווי ניט אויסמײַדן.

נאָר נאָסן האָט זיך דערווײַל ניט געקליבן שטאַרבן. ער האָט זיך געגרײט צו דער אַטאַקע מיטן גענעראַל און אין דעם האָט די אויפֿגעוואַכטע שרעק געקאָנט אים שטערן. ער מוז זיך פֿון איר באַפֿרײַען ביז דער גענעראַל וועט קומען.

אויף וואָס רעכנט אויס דער מאַיאָר מיטן ברענגען אים, נאָסענען, אַהער? אַז נאָך אָט דער באַגעגעניש וועט ער אונטערשרײַבן דעם פּראָטאָקאָל, זיך אָנערקענען, אַז ער איז ניט בלויז אַ שפּיאָן און פֿאַררעטער, נאָר אַז ער האָט אָנגעפֿירט אין קאָמיטעט, אין דער צײַטונג, אין פֿאַרלאַג, אומעטום, ווו ער האָט געאַרבעט, מיט דער שפּיאָנישער אַגענטור, בעראָש פֿון וועלכער עס זײַנען געשטאַנען בענמיכאָעל, בענשאָלעם, אַכנעס, און אַז דער קאָמיטעט איז געווען אַ פֿיליאָל פֿון דער אַמעריקאַנער אויסשפּיר־דינסט. דער מאַיאָר מעסט אָפּגאַנעם אַלעמען, מיט ווע מען אים קומט אויס, ווי אַן אויספֿאָרשער, האָבן צו טאָן, מיט אײן מאָס, נעמט צוליב דעם זיך פֿאַר אַ מוסטער. ער וואָלט אפֿן ערשטן פֿאַרהער אונטערגעשריבן אַלץ, אין וואָס מע זאָל אים ניט געווען באַשולדיקן. נאָסענען זאָגט עס אונטער די פּאַכדאָנעס, וועלכע ער האָט אין אים דערזען בײַסן געשלעג.

די סעקרעטאַרשע האָט ווידער אַ בליק געטאָן אויף אים. דאָס מאָל האָט נאָסן באַוויזן באַמערקן, אַז בײַ איר איז אַ מילד פּאָנעם, נאָר די אויגן, ווי זײ זאָלן ניט האָבן קײן שײַכעס צו איר מילד געזיכט, זײַנען אָנגעשראָקענע. דאָ זײַנען, דאַכט זיך, בײַ אַלעמען אָנגעשראָקענע אויגן, אײנער האָט מוירע פֿאַרן צווײטן מער נאָך ווי די מענטשן צווישן זיך אויף דער פֿרײַ. די סעקרעטאַרשע איז, פֿאַרשטײט זיך, ניט קײן אויסנאַם, אַנדערש וואָלט מען זי ניט גענומען אַהער אויף אַרבעט. נאָסן שטעלט זיך ניט פֿאָר, וויאַזוי קען לעבן אַ מאַנצבל מיט אַ פֿרוי, וואָס איז אַ האַלב שטומע, וועגט אָפּריער עטלעכע מאָל איבער יעדעס אַרויסגעבראַכט וואָרט.

פּלוצעם, צי ניט גאָר פּלוצעם, האָט זיך אים געגעבן אַ דערמאָן, אַז אין דער יוגנט, נאָכן איבערלײענען אײנס אַ ביכל, ער געדענקט שוין ניט אַוועלכס, האָט ער אויך געפּרוווט איבערגעבן אויף אַ מעהאַלעך זײַנע געדאַנקען. אַ פּאָר מאָל איז דאָס אים געלונגען,

עפשער פּרוּװן זיך איבערגעבן אַף א מעהאַלער אַט דער פּרוי דעם נומער פונעם טעלעפאָן פון זײַן װױנונג, זי זאָל אָנקלינגען האָדלען... ער האָט זי איבערגעלאָזט מיט צװײ קלײנע קינדער... פײגעלע איז דאָך נאָך גאָר א ברעקל קינד... דאָס לעצטע מאָל האָט האָדל געלאָזט װעגן זיך הערן מיט א האַלב יאָר צוריק, איבערגעגעבן פאַר אים אַהער עטלעכע רובל. אים מאַכט ניט אױס, װאָס ער איז פון א שטיקל צײַט שױן אָן א גראָשן געלט. ער האָט געפונען אין זיך געװנוג װילן און אַקשאָנעס אָפּגעװױנען זיך פון רײכערן, װײַבאַלד ער האָט ניט פאַר װאָס צו קױפן און איז ביז ניט לאַנג צוריק געזעסן אין אַן אײנצל־קאַמער.

צו דער פרוי בא דער מאַשינקע איז דערגאַנגען זײַן שטומער דורכרײדן זיך מיט איר, װאָס זי האָט דאָס מאָל אַזױ א קוק געטאָן אַף אים? איז אָנגעקומען דער גענעראַל, און זי האָט אָפּגעפירט אָן א זײַט דעם בליק פון אירע אָנגעשראָקענע אױגן.

דער ארײַנגעקומענער גענעראַל איז געװען אַן אַנדערער, לאַכלוטן ניט ענלעך אַף יענעם, װעמען נאָסן האָט דערװאַרט זען. דער איז אױך געװען העכער פון מיטעלן װוּקס, אָבער א שטאַלטנער און מיט ליכטיקע אױגן אַפן לענגלעך געזיכט.

בא זײַן אָנקומען איז דער מאַיאָר אױפגעשפּרונגען פונעם דיװאַן און, אױסצײענדיק זיך שטראָס, הילכיק ראַפּאָרטירט:

— איך האָב לױט אײַער באַפעל, כאַװער גענעראַל־מאַיאָר, געבראַכט צו פירן דעם באַשולדיקטן אַן. זע. לעװױטינען.

ניט אומקוקנדיק זיך אַף קײנעם, איז דער גענעראַל ארײַן צו זיך אין קאַבינעט מיט דער הױכער ברױנער טיר.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז נאָסן שױן געשטאַנען פון יענער זײַט טיר, אינעם גרױסן ליכטיקן צימער מיטן געדיכט־האָריקן גרינעם טעפּיך אַפן דיל. צװישן די צװײ ברײטע פענצטער מיט די פאַרהױבענע קרעמאָװע שטאָרן, װוּ באַם טיש מיט די טעלעפאָנען איז געזעסן דער באַלעבאָס פון קאַבינעט, איז אין גאַנצן װוּקס, פאַרגרעסערט אין א צװײ מאָל, געהאַנגען א לײַװנט בילד פונעם באַלעבאָס פון לאַנד. דורך די ניט־פאַרהאַנגענע פענצטער האָט די סאָפּטאָגיקע זון זיך געשפּילט מיט די קרישטאָלענע שטראָמלעך פון דער בראָנזענער ליוסטרע הױך אונטערן באַלקן.

דער מאַיאָר, די הענט שטײַף בא די זײַטן, האָט געמאַכט א טראָט צום טיש און געבליבן שטײן. נאָסן האָט זיך פאַרהאַלטן בא דער טיר. דער גענעראַל האָט ניט אױפגעהױבן דעם קאָפּ פון דער פּאַפּקע מיט די פּאַפּירן, װי ער זאָל ניט באַמערקן זײער בײדנס ארײַנקומען. די „מעשיגענע קאָפּ” איז דערצו שױן געװױנט. װען ער װעט גרײכן צום זעלבן ראַנג — אָנשטאָט דעם מיטלמעסיקן שטערנדל אַף די פּאָגאָנעס װעט בא אים זײַן א גרױסער שטערן, דאָ גײט אַזעלכס צו גיכער, װי אין דער אַרמײ, אַפילע אַפן פראָנט — װעט ער זיך אױך אױפירן מיט די נידעריקערע לױטן ראַנג פון זיך, געבן אַף טריט און שריט צו פילן, אַז ער איז ניט זײער גלײַכן. אַזױ איז דאָ אײַנגעשטעלט, נאָסן איז דאָ שױן ניט דעם ערשטן כױדעש, און דער בלאָנדער מאַיאָר מיטן אונטערגעקלאַפּטן אױג איז ניט דער ערשטער אױספאָרשער. ביז אים האָט ער געהאַט צו טאָן מיט אַנדערע צװײ, און פון א מער העכערן ראַנג. בײדע זײַנען געװען פּאָלקאָװניקעס. אַזױ אַז פאַר אים איז שױן ניט קײן נײַס אָט די שפּיל, דאָס איבערלאָזן דעם באַשולדיקטן שטײן א שטיקל צײַט בא דער טיר, ניט אומקוקנדיק זיך אין זײַן זײַט, עלעהײ מע האָט אין אים פאַרגעסן. צוזאַמען מיט דער שטילקײַט דאַרף עס שטאַרקן אינעם באַשולדיקטן די שרעק.

דער פראָסט פון דער באַפאַלענער שרעק, װאָס האָט אַרומגעכאַפּט נאָסענען אין פּאָדערצימער און אים צונױפגעפּרעסט, אַז ער האָט מיט קײן אײװער ניט געקאָנט זיך א ריר טאָן, איז באַם אַריבערטרעטן די שװעל פון קאַבינעט קימאַט אינגאַנצן שױן אָפּגעגאַנגען.

די פּאַפּקע, װוּהין עס קוקט ארײַן דער גענעראַל, איז בעלי־סאָפּעק זײַנע, נאָסנס, אָבער ניט יענע, װעלכע איז באַם מאַיאָר אין סײף. אָט די, װי נאָסן האָט באַװיזן באַמערקן בײַס דער גענעראַל האָט זי א פּאָר מאָל אונטערגעטראָגן נעענטער צו די אױגן, איז מער א דינערע און די טעװעלעך זײַנען אַנדערע, העל־בלױע, װי אין דער פּאַפּקע מיט די ארײַנגענײטע אין איר אַנקעטעס, צײַגענישן, אָפּרופן און אַנדערע פּאַפּירן און פּאַפּיר־

לעך, וואָס האָט זיך געפונען אינעם געהיימען קאַדרען־אָפּטייל פון פאַרלאַג „פיזקולטור און ספּאָרט", וווּהין ער איז אָנגעקומען אַרבעטן נאָכן צומאַכן דעם קאָמיטעט און גערינט דאָרט אַ קורצע צײַט ביזן טאָג פון זײַן אַרעסט. נאָכן איז געווען גרייט צום עקזאַמען, וועלכן דער גענעראַל וועט אים באַלד מאַכן, אויסרעכענענדיק, אַפּאַנעם, דערויף, אַז ער וועט כאַפּן דעם באַשולדיקטן אין אַ ליגן, אין פעלשן די ענטפערס אין דער אַנקעטע, צי אין אויסבאַהאַלטן עפּעס וויכטיקס אין דער אויטאָביִאָגראַפיע. זײַן אויספאָרשער „די מעשיגענע קאָפּ", האָט בייס די פאַרהערן אים ניט איין מאָל שוין געמאַכט אַזאַ עקזאַמען, און פונקט ווי ער האָט אים אויסגעהאַלטן באַם מאַיאָר, וועט ער אויך אויסהאַלטן באַם גענעראַל, אויב דער גע־נעראַל קלײַבט זיך פאַרגלײַכן די הײַנטיקע ענטפערס זײַנע, נאָסנס, מיט די שריפטלעכע פון פריִער. נאָסן האָט ניט געהאַט וואָס אויסצובאַהאַלטן אין די אָן אַ שיר מאָל אויסגע־פילטע אַנקעטעס וועגן זײַן סאָציאַלן אָפּשטאַם און סאָציאַלער לאַגע. דער טאַטע זײַנער איז געווען אַן אַרבעטער, אַ סטאָליער אין אַ מעבל־פאַבריק, און ער, נאָסן, איז ביזן אָנקומען זיך לערנען אין אוניווערסיטעט געווען אַ ליטעראַרישער מיטאַרבעטער אין אַ קאָמיוגישן זשורנאַל. אין דער פּאַרטיי איז ער אַרײַנגעטראָטן אַפּן פראָנט, ערעוו דעם שרעקלעכן האַנט־געמענג מיט די דײַטשן באַם אײַנהאַלטן דאָס דערפל איוואַנאָווקע. וואָס איז שײַך די פּונקטן פון דער באַשולדיקונג, איז קיין אַנדער ענטפער דערויף אויסער דעם, וואָס ער האָט געגעבן דעם מאַיאָר, וועט דער גענעראַל פון אים ניט הערן. ער האָט ניט דערויף קיין אַנ־דער ענטפער, ווײַל ס'איז ניטאָ און סע קען ניט זײַן דערויף קײַן אַנדער ענטפער.

— נו?

אויף אַזאַ פראַגע האָט נאָסן זיך געריכט. פונעם זעלבן האָבן אויך אָנגעהויבן אַלע זײַ־נע אויספאָרשער. נאָסן האָט נאָך אַפּן ערשטן פאַרהער עס אויסגעטײַטשט פאַר זיך: „דו פאַרשטייסט גאַנץ גוט אַליין, אַז אויסער דעם, אַז מיר האָבן געדאַרפט דיך אַרײַנזעצן, ווייסן מיר דאָך וועגן דיר אייגנטלעך גאָרניט. איז העלף אונדז אויסגעפינען אין דיר עפּעס וועזנט־לעכס, מאַמאָשעסדיקס, אַז מיר זאָלן קאָנען אָנווײַזן אין פּראָטאָקאָל, פאַרוואָס האָבן מיר דיך ניט געטאָרט איבערלאָזן אויף דער פרײַ".

אין אַ פּאָר רעגעס אַרום האָט דער גענעראַל, ניט דערוואַרטנדיק זיך קיין ענטפער אויף דער ערשטער פראַגע, פאַרגעבן אים אַ צווייטע, אויף וועלכער נאָסן האָט זיך אויך גע־ריכט:

— איר וועט לאַנג שטיין נאָך אַזוי און שווײַגן? איך זע, אַז מע האָט אײַך דאָ באַ אונדז ווייניק דערמאָנט אַוווּ איר געפינט זיך.

„מע האָט מיך דאָ באַ אײַך שוין צופיל מאָל דערמאָנט ווו איך געפין זיך. כ'קען עס אײַך ווײַזן אויף מײַן לײַב". נאָסן האָט אָבער געפונען אין זיך גענוג צוריקגעהאַלטנקײַט, אַז ער זאָל עס ניט זאָגן.

געענטפערט דערויף אָנשטאָט אים האָט זײַן אויספאָרשער:

— יאָ, כאַווער גענעראַל־מאַיאָר, ווייניקלעך, — און, נעמענדיק די גאַנצע שולד פאַר דעם אויף זיך, העכער צוגעגעבן, — איך וועל פאַריכטן דעם דערלאָזטן פעלער. אײַער באַ־פעל, כאַווער גענעראַל־מאַיאָר, וועט זײַן אויסגעפילט.

דער גענעראַל האָט אַ מאַך געטאָן צום מאַיאָר מיט דער האַנט:

— ס'איז ניט קיין באַפעל. איך גלייב, אַז נאָטאָן זאַכאַראָוויטש וועט אונדז ניט צווינ־גען דערצו. וואָס איז דאָס, כאַווער מאַיאָר, באַ אײַך מיטן אויג? איר האָט זיך מיט עמעצן געשלאָגן?

דערפון אַליין שוין, ווי דער גענעראַל האָט עס געפרעגט באַם מאַיאָר, איז ניט שווער געווען זיך אָנשטויסן, אַז פאַרן גענעראַל איז ניט געווען קיין נײַס, וועמענס אויפטו דאָס איז און אַוועלכע פרײַז דער באַשולדיקטער האָט דערפאַר באַצאָלט. נאָסענען איז אָבער ניט פאַרשטענדלעך, צו וואָס איז דעם גענעראַל נייטיק פאַרפירן דערפון אַ שפּיל. ס'קען דאָך ניט זײַן, אַז צוליב דעם איינעם זאָל מען אים געווען אַרויסרופן אַהער.

לאַנג וואַרטן אויף אַן ענטפער נאָכדעם ווי דער מאַיאָר האָט איבערדערציילט די גע־שיכטע, וועלכע איז דעם גענעראַל געווען באַוווּסט פון פריִער, אויב ניט גופא פונעם מאַיאָר

אַליין איז פון די אויספאָרשער, וואָס זײַנען זיך געהאט צונויפגעלאָפן אויף מאַיאָרס גוואַלדן, איז נאָסענען ניט אויסגעקומען.

— מיר קענען אײַך פרײַ צושרײַבן טעראָר. פאַר אופהייבן די האַנט אויף אַ טוער פון דער מעלוכישער געפאַרלאַזיקײַט האָבן מיר רעכט, אָן קיין שום געריכט אַפילע, שטעלן צום ווענטל.

אַרויסגעזאָגט אָבער האָט עס אים דער גענעראַל רוזיק, פונקט ער זאָל געווען בלײַבן צופרידן פונעם געשעענעם, פון דעם, וואָס צווישן די אַרעסטירטע ייִדישע שרײַבער האָט זיך אָפּגעזוכט אַזאַ איינער, וועלכער האָט זיך געשטעלט קעגן. עס וואָלט געוויס געווען גלײַכער, אַז נאָכן אויסהערן פונעם גענעראַל, וואָס עס דערוואַרט פאַר אַזאַ באַגיין זיך מיט אַ פאָרשטייער פון דער געפאַרלאַזיקײַט, זאָל נאָסן געווען פּאָשעט שווײַגן. ער האָט אָבער ניט געקאָנט זיך גיוווער זײַן, אַז ער זאָל זיך ניט אָפּרופן:

— דער בירגער מאַיאָר האָט דער ערשטער זיך אַרופגעוואָרפן אויף מיר, גענומען מיך שלאָגן, צעבלוטיקט.

— און וואָס, זאָגט מיר, האָט ער געזאָלט טאָן, — האָט דער גענעראַל מיט דער זעלבער רויִקײַט געפרעגט, — אויב איר ווילט זיך ביז איצט ניט אַנערקענען אין אײַערע באַגאַנגענע שווערע פאַרברעכנס? אָט דאָ־אָ, — ער האָט אַ דריי געטאָן די פּאַפּקע אין דער האַנט, — איז וועגן אײַך אַלץ דערציילט.

דאָס ווײַטערדיקע האָט נאָסן געקאָנט ניט הערן. ער האָט דאָס זעלבע קימאַט וואָרט אין וואָרט געהערט פון זײַנע פריִערדיקע און איצטיקן אויספאָרשער. דער איינציקער אונטערשייד צווישן זיי מיטן גענעראַל, וואָס בא אים איז ניט אַזאַ רײַכע רוסישע שפּראַך. ער האָט אויך, ווי זיי, אָנגעהויבן דערפון, אַז דער, ווער סע אַנערקענט זיך, דערווײַזט, אַז ער האָט ווירקלעך זיך אַנטוואָפנט, דעם דערוואַרט אַ לײַכטערע שטראָף, און האָט אויך, ווי זיי, פאַרענדיקט דערמיט, אַז ער איז אויסן זײַן טויווע. דער ווײַטערדיקער גויר־ל זײַנער איז פיל אָפּהענגיק פון אים אַליין, זי ליגט אין זײַנע אייגענע הענט.

אָן קיין שום איבערגאַנג צום ווײַטערדיקן פאַרהער האָט דער גענעראַל פּלוצעם אַ פרעג געטאָן, ווענדיק אָפּאָנעם מיט אָט דער אומגעריכטקײַט כאַפּן אים אין אַ ליגן, אין אָנגעבן פאַלשע ידיִעס וועגן זיך אין דער אַנקעטע:

— אויף וועלכן פראָנט האָט איר מילכאָמע געהאַלטן?

— אויפן דאָרעם־מיזרעכדיקן.

— איך בין געווען אויפן לענינגראַדער. — דער גענעראַל האָט אַ בליק געטאָן אין דער בלויער פּאַפּקע און מער גאָרניט געפרעגט. נאָר פונקט דעמלט, ווען נאָסן איז געווען זיכער, אַז אויף דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער עקזאַמען, דאָס פרווון אים כאַפּן אין פאַלשעווען, האָט דער גענעראַל מיטאַמאָל האַסטיק אַרויסגעבראַכט:

— וויפל קוילן איז אין אַ ביקס?

פאַר דעם עלטערן לייטענאַנט נאָסן לעוויטינען, וואָס האָט פון די ערשטע טעג מילכאָמע געהאַלטן מיט די דײַטשן, און דערנאָך אין מאַנדזשוריע מיט די יאַפּאַנער, איז צוויי מאָל פאַרוווּנדעט, באַלוינט מיט די אָרדענס „רויטער שטערן", „פּאַטערלענדישע מילכאָמע פון דער ערשטער מאַדרייגע" און עטלעכע מעדאַלן, איז דעם גענעראַלס פראַגע געווען אַזאַ דערנידעריקונג, אַז ס'האָט זיך בא אים ניט געעפנט דאָס מויל דערויף ענטפערן.

— ביסט טויב? — ווי פאַרגעסנדיק, אַז ער איז דאָ ניט אַליין און ניט דער עלטסטער, האָט אויסגעשריִען דער מאַיאָר און איבערגעכאַזערט דעם גענעראַלס פראַגע: — וויפל קוילן איז אין אַ ביקס?

— זעקס, — האָט, אָפּקערנדיק פונעם גענעראַל די אויגן, זיך אָפּגערופן נאָסן, דערבײַ ווידער אָנגעטאָן זיך אַ קויעך, אַז ער זאָל ניט אַ פרעג געבן דעם מאַיאָר: „און ווו ביסטו געווען בייס דער מילכאָמע, האָסט געהאַלטן אין דער האַנט אַ ביקס?". ער ווייסט ניט פאַרוואָס, נאָר דאָס זעלבע האָט זיך נאָסענען געוואָלט פרעגן אויך דעם גענעראַל. באַמערקט, ווי דער גענעראַל האָט פונסנײַ געכאַפּט אַ קוק אין דער פּאַפּקע, האָט נאָסן דערפון פאַרשטאַנען, אַז דער עקזאַמען האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט, דער גענעראַל

קלײַבט זיך אים אָפּאָנעם מאַכן לויט אַלע פּונקטן פֿון דער פֿאַרפֿילטער אַנקעטע. ס׳האָט קײן מינוט ניט געדויערט, און נאָסן האָט דערהערט אינגאַנצן שוין אַ מעשונע־ווילדע פֿראַגע:

— אין געפֿענקעניש זײַט איר געווען? — דער גענעראַל האָט באַצײַטנס אָפּגעשטעלט דעם מאַיאָר, ער זאָל צוװאַרטן מיט זײַן גרײטקײַט פֿאַריכטן דעם דערלאָזטן פֿעלער, אויף װעלכן ער האָט אים דאָ פֿריִער אָנגעוויזן אין שײַכעס מיטן פֿירן מיט אַזעלכע, ווי נאָסן לעוויטין, די פֿאַרהערן. — אײַך וווּנדערט עפּשער, וואָס כ׳פֿרעג אײַך דערפֿון?

— כאָווער גענעראַל... — נאָסן האָט זיך אָבער באַלד פֿאַרכאַפּט. — אַנטשולדיקט, בירגער גענעראַל־מאַיאָר. אַוואַדע וווּנדערט מיך עס. איך זאָל געווען אַרײַנפֿאַלן אין געפֿענקעניש וואָלט איך דאָ איצט ניט געשטאַנען פֿאַר אײַך. כ׳דאַרף דאָך אײַך ניט דערציילן, בירגער גענעראַל, וויִאַזוי די דײַטשן פֿלעגן זיך באַגײן מיט די געפֿאַנגענע ייִדישע שלאַכטלײַט.

— דאָס איז מיר באַוווּסט. איך ווייס אָבער אויך, אַז ס׳זײַנען געווען פֿאַלן, ווען אײַערע האָבן, אַרײַנפֿאַלנדיק אין געפֿאַנגענשאַפֿט, געדינט די דײַטשן מיט לײַב און לעבן. אײַערע זײַנען אויף אַלץ פֿעיִק. דער ייִדישער אַנטיסאָוועטישער קאָמיטעט איז דער בעסטער באַווײַז פֿאַר דעם. זעצט זיך צו. כ׳האָב אײַך אַרויסגערופֿן ניט אויף קײן פֿינף מינוט. בײַ אונדז וועט זײַן מיט אײַך אַ גרויסער געשפּרעך וועגן זייער וויכטיקע זאַכן. — ער האָט אָנגעוויזן נאָסנען אויפֿן אָפּגערוקטן בענקל פֿון דער וואַנט אַנטקעגנאיבער דעם טיש מיט די טעלעפֿאָנען, בײַ וועלכן ער איז געזעסן.

דאָס בענקל איז ניט געווען צוגעשמידט צום דיל. דער מאַיאָר האָט עס געוווּסט. געדענקענדיק, אַז פֿון זײַן באַשולדיקטן קען מען אַלץ דערוואַרטן, איז ער צוגעגאַנגען נעענטער צו אים.

— הערט זיך אײַן, נאַטאַן זאַכאַראָוויטש. — דער גענעראַל האָט זיך אויפֿגעשטעלט, נאָר פֿון הינטערן טיש ניט אַרויס, בלויז ברייטער צעשפּרייט אויף אים די הענט. — איך האָב זיך געניי באַקענט מיט אײַער איניען און מוז אײַך זאָגן, אַז די לאַגע אײַערע איז זייער אַ שווערע. נעמענדיק אין אַכט, אַז איר זײַט געווען אויף דער מילכאָמע, איז ווי אַ פּראָנטאָוויק אַ פּראָנטאָוויק וויל איך אײַך קומען צו הילף. צוליב דעם פֿאָדערט זיך פֿון אײַך בלויז אײנס: אָפֿן און פֿולקום דערציילן וועגן אַלע אײַערע פֿאַרברעכנס, ווער האָט אײַך פֿאַרוועֶרבירט און ווען האָט איר פֿאַרוועֶרבירט אין דער שפּיִאָנישער נעץ?

פֿיר יאָר שוין, ווי נאָסן האָט אויסגעטאָן די שינעל, נאָר דער מיליטערמאַן האָט זיך פֿון אים נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעוועפּט. ער האָט ניט געקאָנט בלײַבן זיצן, ווען אַ פֿיל העכערער פֿון אים לויטן ראַנג, דערצו נאָך אַ גענעראַל, איז געשטאַנען אַנטקעגן אים. נאָסן האָט זיך אויך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט. אָבער קײן דערלויבעניש ענטפֿערן, ווי דאָס פֿאָדערט זיך לויטן מיליטערישן אוסטאַוו באַם ווענדן זיך צו אַן עלטערן פֿון זיך, האָט ער בײַ אים ניט געבעטן.

— אויף די אַלע באַשולדיקונגען, בירגער גענעראַל, האָב איך שוין ניט אײן מאָל געענטפֿערט מײַנע אויספֿאָרשער. קײן אַנדער ענטפֿער האָב איך דערויף ניט. כ׳האָב זיך קײנמאָל ניט פֿאַרנומען מיט קײן שפּיִאָנאַזש, קײנער האָט מיך ניט פֿאַרוועֶרבירט און איך האָב קײנעם ניט פֿאַרוועֶרבירט.

— און מיט אַנטיסאָוועטישער טעטיקײַט האָט איר זיך אויך ניט פֿאַרנומען? זעצט זיך צו.

דאָס מאָל איז עס שוין געזאָגט געוואָרן, ווי אַ באַפֿעל. נאָר נאָסן האָט זיך אויך איצט ניט צוגעזעצט ביז דער גענעראַל האָט צוריק ניט פֿאַרנומען זײַן פּלאַץ אינעם ווייכן טיפֿן פֿאָטעל.

ניט העכערנדיק פֿאַר דער גאַנצער צײַט דאָס קאָל, האָט דער גענעראַל, אָנכמורענדיק עטוואָס די געדיכטע ברעמען, רויִק געפֿרעגט:

— וויפֿל און וועלכע אַמטן זײַנען אײנצײַטיק געווען בײַ אײַך?

קלאָר, אַז דער גענעראַל איז געווען עפּעס אַנדערש אויסן מיטן פֿרעגן דערפֿון, ווײַל

אַלע זײַנע שטעלעס, נאָסנס, זײַנען דאָך אַנגעוויזן אין דער אַנקעטע. אַף דער ווײַטערדיקער פראַגע, פאַרוואָס האָט ער אַזוי צי אַנדערש געדינט, קומט אויס, אין אַלע ייִדישע אַנשטאַלטן, האָט נאָסן זיך פאַרשווערקט ענטפערן, כאָטש זוכן דערוף אַן ענטפער האָט ער ניט באַדאַרפט. פון דער מילכאָמע האָבן זיך ניט אומגעקערט פיל שרײַבער און צווישן די לעבנגעבליבענע זײַנען קימאַט ניט געווען קיין רעדאַקטאָרן.

— ניט יעדער גוטער שרײַבער אַפילע קען זײַן אַ רעדאַקטאָר. מע דאַרף דערצו האָבן גרויס דערפאַרונג. איך בין אַ קאָמוניסט און ווי אַ קאָמוניסט ניט געקענט זיך אָפּזאָגן, קיין רעכט ניט געהאַט זיך אָפּזאָגן פון אײַנשפּאַנען זיך אין דער אַרבעט צו פּופּצן־זעכצן שאָ אין מעסלעס.

— הם, הם... קומט אויס, אַז קיינער האָט אײַך אין ערגעץ ניט געשיקט, אַלץ איז פאָרגעקומען צופעליק פון זיך אַליין, אַזוי, אַזוי. — דער גענעראַל האָט אַ קער געגעבן דעם קאָפּ צום מאַיאָר. — זעצט זיך אָט אַהער צום טיש און פירט דעם פּראָטאָקאָל פונעם פאַרהער. — און, ניט הערכערנדיק די שטים, איבערגעכאַזוערט: — אַלץ, הייסט עס, איז פאָרגעקומען ניט לויט אײַער אייגענעם פאַרלאַנג, נאָר צופעליק. קעגן אײַער ווילן.

— כ׳האָב אַזוי ניט געזאָגט.

— און ווי האָט איר געזאָגט?

— ס׳האָבן אויסגעפעלט רעדאַקטאָרן. ניט געווען, ווער עס זאָל אַרבעטן. כ׳האָב ניט געהאַט קיין רעכט זיך אָפּזאָגן. איך בין אַ קאָמוניסט.

— אַ געוועזענער קאָמוניסט. נו, גוט. זאָל זײַן ווי איר זאָגט. מירן אַזוי פאַרשרײַבן אין פּראָטאָקאָל.

די רויִקײַט, מיט וועלכער דער גענעראַל האָט געפירט דעם פאַרהער, האָט אונטערגעזאָגט נאָסענען, אַז מיטן שלאָגן זיך מיט זײַן אויספאָרשער האָט ער אויסגענומען באַם גענעראַל. מעגלעך, אַז ער איז פאַר אים דער ערשטער צווישן די אַרעסטירטע ייִדישע שרײַבער און מיטגלידער פונעם צוגעמאַכטן ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, ווער ס׳האָט ניט געלאָזט זיך דערנידעריקן, זיך אײַנגעשטעלט פאַר זיך, געענטפערט אַף אַ קלאַפּ מיט אַ קלאַפּ, אַף אַ פּאַטש מיט אַ פּאַטש.

— באַ אונדז זײַנען אָבער אַנדערע אָנגאַבן, פאַרוואָס האָט מען גראַדע אײַך אַזוי אײַנגעשפּאַנט אין וואָגן, ווי איר האָט עס אָנגערופן. מיר וועלן אײַך מיט די דאָזיקע באַווײַזן פון אײַערע לײַט נאָך באַקענען. איר ווילט, מיר זאָלן אײַך גלייבן, אַז בלויז דערפאַר, ווײַל איר זײַט געווען אַ גוטער רעדאַקטאָר, האָט מען אײַך אָנגעטרויט גרייטן די פּאָטשט פאַר דער אויסלענדישער פּרעסע? דער געוועזענער אָנפירער פון אײַער קאָמיטעט בענשאָלעם דערקלערט עס אַ ביסל אַנדערש. פון זײַנע באַווײַזן דרינגט אַרויס, אַז דער קאָמיטעט האָט געזען אין אײַך ניט בלויז אַן ערשטראַנגיקן רעדאַקטאָר... מירן זיך אין דעם, פאַרשטייט זיך, פאַנאַנדערקלײַבן, נאָר פאַר אײַך, ווי כ׳האָב שוין געזאָגט, וועט זײַן אַ סאַך בעסער, אויב איר וועט אַליין עס אונדז דערציילן, גענוי דערציילן, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די פּאָטשט פאַר דער אויסלענדישער פּרעסע, לויט וועמענס און וועלכע אײַנשטעלונגען פלעגט איר אָפּקלײַבן די אַזויגערופענע ווערק, וווּהין פלעגט איר דאָס אַלץ אָפּטראָגן, וועמען אין די הענט עס אַלץ איבערגעבן. איז אָט, נאַטאַן זאַכאַראָוויטש, אויב איר ווילט, מיר זאָלן אײַך גלייבן, איך בין גרייט דערצו, איז דערציילט אָפן און אויספירלעך. אויסבאַהאַלטן האָט ניט קיין זין. מיר ווייסן פון דעם אַלעם מער ווי איר שטעלט זיך עס פאָר.

אַלע זײַנע פריִערדיקע אויספאָרשער, ווי אויך „די מעשיגענע קאָפּ", וואָס פירט דעם פּראָטאָקאָל פונעם איצטיקן פאַרהער, האָבן אים ניט איין מאָל דערפון פאַנאַנדערגעפרעגט און אַלעמען האָט ער אַף דעם געענטפערט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט דערוף צו ענטפערן דעם גענעראַל: איין אײַנשטעלונג איז באַ אים געווען בייסן צוגרייטן די כוידעשלעכע פּאָטשט פאַר די ייִדישע אויסלענדישע צײַטונגען — דערציילן די ייִדישע לייענער פון אויסלאַנד דעם עמעס, וויִאַזוי עס לעבן די סאָוועטישע ייִדן. די נאָוועלעס, דערציילונגען, פאַרצייכענונגען, לידער האָבן געדאַרפט זײַן פון אַ הויכער קינסטלערישער מאַדרייגע.

דעם גענעראַל, פּונקט ווי נאָסנס פֿריִערדיקע און איצטיקע אויספֿאָרשער, איז אַזאַ ענטפֿער ניט אונטערגעגאַנגען.

— ווּ האָבן אײַערע אַוטאָרן גענומען שטאָף פֿאַר זייערע דערציילונגען, פֿאַרצייכענונגען און אַזוי ווײַטער? — דער גענעראַל האָט ניט פֿאַרלאַנגט פֿון נאָסענען קיין אויספֿירלעכן ענטפֿער. ער האָט אַליין אויספֿירלעך געענטפֿערט דערויף. — זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אַווּ. אויף די זאַוואָדן, פֿאַבריקן, וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוטן, אין די קאָלווירטן, סאָווירטן. לויט זייערע שרײַבערישע בילעטן, קאָמאַנדירונג־שײַנען האָבן זיי אומעטום געהאַט אַ צוטריט. — די אויגן באַם גענעראַל האָבן מיטאַמאָל אַ בלענד געטאָן מיטן קאָליר פֿון געשליפֿענעם שטאָל, נאָר דאָס קאָל בײַ אים האָט אויך דאָס מאָל פֿאַרהיט אין זיך די רויִקײַט. — נאַטאַן זאַכאַראָוויטש, הערט אויף מאַכן זיך טאַמעוואַטע. איר פֿאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז דאָרט, ווּהין איר האָט געשיקט די פּאָטשט, איז ניט אָנגעגאַנגען, פֿון וואָס פֿאַר אַ קינסטלערישער מאַדרייגע זײַנען געווען די צוגעשיקטע „ווערק". זיי איז אָנגעגאַנגען די פֿאַרמאַסקירטע שפּיאָנישע מיטיילונגען אין די ווערק און פֿאַר דעם האָבן זיי געצאָלט מיט דער ברייטער האַנט, אָנגעטאָן אײַך אַלעמען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אויסגעשטאַט פֿאַר דעם אַנטיסאָוועטישן נאַציִאָנאַליסטישן פֿאַרלאַג אַ טיפּאָגראַפֿיע. אַפֿילו אַן אַווטאָמאָביל צוגעשיקט דעם קאָמיטעט, און נאָך אַוועלכן אַווטאָמאָביל. די אַמעריקאַנער אויסשפּיר־דינסט קאַרגט ניט קיין געלט פֿאַר אירע אַגענטן.

דאָס אַלץ האָט נאָסן ניט איין מאָל שוין אויך געהערט פֿון זײַנע אויספֿאָרשער אויף די פֿאַרהערן, נאָר ניט אין אַזאַ פֿאָרנעם און ניט מיט אַזויפֿיל איינצלהייטן, ווי ער האָט עס איצט געהערט פֿונעם גענעראַל, וועלכער איז פֿאַר אים געווען אַ רעטעניש. גייענדיק אַהער, האָט ער, נאָסן, זיך געריכט, אַז מע האָט דאָ פֿון זײַנטוועגן צוגעגרייט אַזוינס, אַז בלויז פֿונעם געדאַנק אַליין, וואָס אים דערוואַרט באַם הויכן שעף אין קאַבינעט, האָט זיך שיִער ניט אָפּגעשטעלט דאָס האַרץ. אַ פֿראָסט איז דורך איבערן לײַב. לאָזט זיך גאָר אויס, אַז דער גענעראַל פֿירט דעם פֿאַרהער אויף אַ געמיטלעכן רויִקן אופֿן, ווי ער זאָל בעעמעס זײַן אויסן געבן אים, נאָסענען, אַ מעגלעכקײַט אָפּלייקענען דאָס אַלץ, דערווײַזן, אַז דער קאָמיטעט, דער פֿאַרלאַג, די ייִדישע שרײַבער האָבן צו די אַלע אָנגערופֿענע באַשולדיקונגען קיין שום שײַכעס, אַז דאָס זײַנען ווילדע, אומגעלומפּערטע אויסטראַכטענישן פֿון מעשׂהגאָיִם, און וואָס עס גלייבן ניט אַפֿילו די רעשאָיִם דאָ, אין ווען די כּײַע האָט קימאַט אײַנגאַנצן פֿאַרצוקט דעם מענטשן. דער גענעראַל האָט נישט נאָר זיך ניט צוגערירט צו אים מיט אַ פֿינגער. ער האָט פֿון אים אויך ניט געהערט קיין איין וואָרט פֿון יענער באַזונדערס רײַכער רוסישער שפּראַך פֿון די אויספֿאָרשער, וואָס האָבן אַריבערגעשטיגן די גרעסטע שפּראַך־קענער פֿון רוסיש, ווען אים איז אויסגעקומען הערן אַפֿן פֿראָנט בײַס אַ שלאַכט.

דער מאַיאָר באַהאַלט ניט אויס, ווי פֿאַרוווּנדערט ער איז פֿונעם גענעראַלס פֿירן דעם פֿאַרהער. ער זיצט קוים אײַן אַפֿן שטול, אײַלט, מיסטאַמע, שטעלן דערפֿון צו וויסן ווּ מע דאַרף, כאָטש נאָסענען דוכט זיך, אַז דעם מאַיאָר, פּונקט ווי דעם גענעראַל, גייט קנאַפּ אָן דאָס ווילזײַן פֿונעם לאַנד, אין ווּעמענס נאָמען זיי ריידן, אַז אינדערעמעסן גייט זיי בלויז אָן דאָס אײַזערנע ווילזײַן. צוליב דעם זײַנען זיי גרייט אויף אַלץ. און דאָך...

## 13

דאָך איז צווישן דעם גענעראַל און דעם מאַיאָר „די מעשיגענע קאָפּ" פּאַרט פֿאַראַן אַן אונטערשייד. דער גאַלעך, מיט וועמען נאָסן איז אַ קורץ שטיקל צײַט געזעסן צוזאַמען אין איין קאַמער און גאַנצע טעג געפֿירט מיט אים וויקוחים וועגן רוכניעס און גאַשמיִעס, איז אַפּאָנעם גערעכט מיט זײַן אײַנטיילן די מענטשן אויף צאַדיקים, אין ווען ס'איז אויך דאָ עפּעס פֿונעם ראָשע, און אויף רעשאָיִם, אין ווען ס'איז פּאָרט צו געפֿינען עפּעס אויך

פֿונעם צאַדיק. צו וועמען געהערט „די מעשיגענע קאָפּ", האָט ער ניט, נאָסן, וואָס צו פֿאַרקלערן זיך. צו וועמען אָבער געהערט דער גענעראַל, צו די רעשאָיִם — ווײַבאַלד ער אַרבעט דאָ מוז ער דאָך ווערן אַ ראָשע, און וועמען ס'איז אויך דאָ עפּעס פֿונעם צאַדיק, צי אַ צאַדיק — ווײַבאַלד ער פֿירט אַזוי געמיטלעך, רויִק דעם פֿאַרהער, און וועמען ס'איז אָבער אויך צו זען דעם ראָשע.

קיין ענטפֿער דערויף האָט נאָסן ניט געפֿונען בײַ זיך אויך אַפֿילע נאָך דעם, ווי דער גענעראַל האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אים זיך אַנערקענען, אַז דער קאָמיטעט האָט זיך פֿאַרנומען ניט בלויז מיט עקאָנאָמישן, נאָר אויך מיט מיליטערישן שפּיִאָנאַזש. צוליב דעם האָט ער געשיקט זײַנע פֿאַרווערבירטע אַגענטן, די ייִדישן שרײַבער, אויף די מיליטערישע זאַוואָדן, ווו די דירעקטאָרן זײַנען געווען ייִדן, און די מיליטערישע טיילן, וועמענס קאָמאַנדירן עס זײַנען נאָך געווען אויך ייִדן.

און ווען נאָסן האָט עס פּונקט ווי די אַלע פֿריִערדיקע באַשולדיקונגען אויך אָפּגעוואָרפֿן, זיך פֿאַרופֿן אויף דעם, אַז די אויסגערעדאַגירטע ווערק, וועלכע ער האָט געגרייט פֿאַר דער אויסלענדישער ייִדישער פּרעסע האָט אָפּגעשיקט אַהין ניט ער, נאָר די מעלוכע, די סאָווינפֿאָרמביוראָ, האָט דער מאַיאָר, בעטנדיק דערויף אַ דערלויבעניש בײַם גענעראַל, זיך אַרײַנגעמישט:

— מיט דער סאָווינפֿאָרמביוראָ האָט דעמלט אָנגעפֿירט דער ייִדישער בורזשואַזער נאַציִאָנאַליסט, שפּיִאָן און פֿאַררעטער אַבראַם לאָזאָווסקי.

— סאָלאָמאָן אַבראַמאָוויטש לאָזאָווסקי איז דעמלט געווען אַ מיטגליד פֿון צק. — נאָסן האָט עס געזאָגט ניט צוליב אַראָפּנעמען פֿון זיך דורך דעם די שולד, נאָר קעדיי אונטערזאָגן דעם אויספֿאָרשער און זײַן הויכן שעף, אַז לאָזאָווסקין האָט מען גערופֿן ניט אַבראַם, נאָר שלוימע, סאָלאָמאָן אַבראַמאָוויטש.

דערפֿון, אַז מע האָט אַרײַנגעזוצט לאָזאָווסקין, האָט נאָסן זיך דערוווּסט מיט עטלעכע כאָדאָשים פֿאַר דעם, ווי מע האָט אויך אים אַרעסטירט. פֿאַר וועלכע זינד זיצט לאָזאָווסקי איז געווען אַ סאָקאָנע בײַ עמעצן פֿרעגן, כאָטש אַלציינס וואָלט קיינער פֿון די באַקאַנטע ניט געקענט דערויף ענטפֿערן, ניט בלויז ווײַל ער האָט ניט געוווּסט, נאָר ווײַל ער האָט ניט געוואָלט דערפֿון וויסן, ווי וועגן יעדן איינעם, וועמען מע נעמט אַוועק, צומאָל אַפֿילע וועגן אַ לײַבלעך־נאָענטן מענטשן.

מיטן געוועזענעם שעף פֿון דער סאָווינפֿאָרמביוראָ איז נאָסן נישט נאָר ניט געווען באַפֿרײַנדעט, אַפֿילע רעכט ניט באַקאַנט. ער האָט אים בעסאַכאַקל געזען פֿונדערנאָענט צוויי מאָל. דאָס ערשטע מאָל אין קויבישעוו, אינעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף דער ווענצעקע־גאַס אין דער געבײַדע פֿון דער סאָווינפֿאָרמביוראָ. דאָס לעצטע מאָל שוין נאָך דער מילכאָמע אינעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער אויף דער פּרעמיערע פֿון בענשאָלעמס דראַמע „די זון פֿאַרגייט ניט".

מיט אַ צוויי־דרײַ טעג פֿאַר דעם, ווי ער האָט זיך אומגעקערט, נאָסן, פֿונעם קויבישעווער האָספּיטאַל צוריק אין פֿראָנט, איז ער אַרײַן אין שול, עפּשער וועט ער דאָרט טרעפֿן עמעצן פֿון באַקאַנטע. ס'איז פּונקט געווען יאָמים־נויראָיִם. דער יונגערמאַן, און וועמענס מאַכזערל נאָסן האָט אַרײַנגעקוקט און שטיל נאָכגעזאָגט דעם באַלמוסעף, האָט בײַסן דאַוונען אים אָנגעוויזן אויף אַ וווּקסיקן ייִדן מיט אַ שיינער געדיכטער באָרד בײַ דער מיזרעך־וואַנט:

— דאָס איז לאָזאָווסקיס טאַטע, רעב אַוורום. ער האָט אויף די יאָמים־נויראָיִם געקויפֿט פֿאַר זיך אַ שטאָט אין שול.

אַ טאָג פֿאַרן אָפּפֿאָרן צוריק אין פֿראָנט איז נאָסן אַרײַן אין קאָמיטעט זיך געזעגענען. בײַ אַכנעסן אין קאַבינעט, ווו בײַ איין טיש פֿאָנעם־על־פּאָנעם איז געזעסן רעפֿאָעל אַכרימאָוו, בײַם שכיינעסדיקן טישל, רעכטס פֿון אַכנעסן, בענשאָלעם, האָט ער געטראָפֿן צוויי געקומענע מיליטערלײַט פֿון פֿראָנט, דעם באַרימטן דראַמאַטורג, דיוויזיִאָנעם קאָמיסאַר אַלעקסאַנדער קאָרנייטשוק און זײַן פֿרוי — געקליידט אין איינע לעדערנע מאַלבושים, וואָס האָט דערמיט געמאַכט מער ענלעך אויף אַ מאַנצבל — די באַוווּסטע פּוילישע שרײַבערן

פאָלק־קאָמיסאר וואנדע וואסילעווסקע. נאָסן איז פונקט אָנגעקומען בייס קאָרנייטשוק האָט מעלאָדיש־ווייך געזונגען:

בין נהר — פרת ונהר = חדקל
על ההר מתמר דקל,
ובדקל בין עפאָיו
תשכן — לה דוכיפת זהב

צפור זהבי עופי, חוני
צאי ובקשי לי בן־זוני,
ובאשר תמצאיהו —
כפתי אותו והביאיהו

אין שײַכעס מיט וואָס האָט דער קינפטיקער פארטרעטער פונעם אויסערן־מיניסטער פון לאנד, דער אוקראַיִנישער דראמאטורג געטומען זינגען ביאליקס א ליד, האָט נאָסן זיך אָן ערעך פאָרגעשטעלט. מיסטאמע איז פאר זײַן ארײַנקומען אהין געווען דאָ א רייד וועגן דער יִידישער ליטעראטור. נאָר פונוואנען קומט צום אוקראַיִנישן שרײַבער קענען כאַיִם־נאכמען ביאליקס „בין נהר — פרת ונהר־חדקל", דערצו אזוי עכט ארויסברענגען אף העַ־ברעיִש די ווערטער?

— בייס די פאָגראָמען אין שעפעטאָווקע, פונוואנען איך שטאם, האָבן בא אונדז אין קעלער זיך אַיִסבאהאלטן פון די פעטליוראָווצעס און פון אנדערע באנדעס עטלעכע יִידישע באָכערים און מיידלעך. איך בין געווען בא זיי דער פארבינדלער, איבערגעגעבן, וואָס סע טוט זיך פון אויבן. נאָר אונטן אין קעלער בין איך געווען מער ווי אויבן. מיר איז געווען געפעלן זײַן מיט זיי. ווי נאָר ס'האָט זיך געמאכט א רויִקע מינוט, איז זי בא זיי אוועק אין זינגען. פון די אלע לידער, וועלכע כ'האָב זיך דאן אָנגעהערט פון זיי אין דער באהעל־טעניש, האָט זיך מיר מער פון אלץ פארגעדענקט די דאָזיקע ליד, א גרויסער, זייער א גרויסער דיכטער געווען ביאליק.

— סאשע, און דעם באטײַט פון די ווערטער פארשטייסטו? — האָט בענשאָלעם, ווי זײַנעם אן אלטן באקאנטן, מיט וועמען ער איז אף „דו", גוטברודעריש געפרעגט קאָר־נייטשוקן.

— ניט אלץ, אָבער איך פארשטיי, זיי האָבן מיר עס דעמלט פארטײַטשט. אף רוסיש אין זשאבאָטינסקיס איבערזעצונג קלינגט עס אזוי:

Между Тигром и Евфратом
На пригорке, на горбатом
В листьях пальмы, вся блистая
Княжит пава золотая...

די ווײַטערדיקע פערזן פון דער פארגעדענקטער ליד האָט קאָרנייטשוק ניט באוויזן איבערלייענען. אין צימער איז ארײַן לאָזאָווסקי, ארײַנגעקומען באגריסן אכנעסן מיט דער קײַלעכיקער דאטע פון זײַן געבוירן — זעכציק צי פינף און זעכציק. פינקטלעך געדענקט ער שוין ניט, נאָסן.

אָן קיין שום פארוועך אַון פארוואָס, פאָשעט פון ניט באטראכטן זיך, האָט בא נאָסענען זיך מיטאמאָל ארויסגעכאפט פון מויל:

— סאָלאָמאָן אבראמאָוויטש, איך האָב ראָשעשאָנע געזען אײַער פאָטער אין שול.

— איך ווייס. מײַן טאטע מאכט דערפון קיין סאָד ניט. ער האָט אפילע א שטאָט אין דער שול געקייפט, ווי אלע יִידן קויפן. וואָס איז ער, קיין יִיד ניט?

נאָר דערפאר, ווײַל דער עוואקויִרטער קיין קויִבישעוו לאָזאָווסקיס טאטע, רעב אוו־ראָם, איז יאָמים־נויראָיִם געגאנגען אין שול און געקויפט דאָרט פאר זיך א שטאָט, האָט מען דאָך דעם זון זײַנעם, דעם שעף פון דער סאָווינפאָרמביוראָ, דעם אלטן קאָמוניסט, מיטגליד פון צק פון דער פארטיי, ניט געקאָנט דאָך ארײַנזועצן. דאָס וואָלט געווען שוין ביז גאָר טיפשעס, מער נאָך ווי טיפשעס. אַון א סמאך צו קלערן, אז ס'האָט געקאָנט האָבן א שײַכעס צום פארמאכטן קאָמיטעט, ווי ער האָט וועגן דעם אָקאָרשט דערהערט פונעם מאיאָר, האָט נאָסן אויך ניט געהאט. און ווי האָט ער געקאָנט אזוי קלערן, אויב בא דער

סאָווינפּאַרמביוראָ זײַנען געווען אויך אַנדערע קאָמיטעטן און קיין איינעם פון זיי האָט מען ניט צוגעמאַכט.

ווי פֿל איז אכנעס אַלט געווען בעשאַס לאַזאָווסקי איז אַרײַן אים באַגריסן, זעכציק צי פֿינף און זעכציק?

פֿאַרטראַכט האָט זיך נאָסן דערויף, ווײַל ער האָט אין די דאָזיקע רעגעס ניט געפֿונען עפּעס אַנדערש, באַ וואָס זיך אָפּשטעלן צו פֿאַרצאַמען פֿאַר זיך דעם וועג פֿון די אַנגע־לאָפֿענע דערמאָנונגען. לאַנג זיך פֿאַרהאַלטן באַ דעם איז נאָסענען ניט אויסגעקומען. אים האָט געשטערט דערצו דעם גענעראַלס ווייכע רויִקע שטים, וועלכע ער האָט ווידער דער־הערט:

— פֿאַרייכערט. — דער גענעראַל האָט צוגעשאַרט צום בּרעג טיש דאָס אָפֿענע שאַכטל פּאַפּיראָסן „קאַזבעק" צוזאַמען מיטן קעסטעלע שוועבעלעך.

— אַ דאַנק. איך רייכער ניט.

— ווי קומט עס, אַז אַ פֿראָנטאָוויק זאָל ניט רייכערן? איך האָב נאָך דערווײַל אַזעל־כע ניט באַגעגנט.

— ער האָט גערייכערט, כאָוער גענעראַל, ערשט ניט לאַנג צוריק געוואָרפֿן. — ענט־פֿערנדיק אָנשטאָט נאָסענען, איז דער מאַיאָר געווען דערמיט אַפּאַנעם אויסן זאָגן דעם שעף, אַז ער האָט וועגן זײַן באַשולדיקטן לעוויטינען אַלץ אויסגעקלאָרט, אַלע זײַנע געגנג, זיטן און געוווינהײַטן.

— האָט איר, קומט אויס, זײַענדיק שוין דאָ, באַ אונדז געוואָרפֿן רייכערן.

נאָסענען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיט דעם, וואָס ער האָט געפֿונען אין זיך אַ ווילן וואַרפֿן רייכערן און דערמיט אָפּגעשוואַכט באַ זײַנע אויספֿאָרשער אָנווענדן צו אים, צו אַ מענטשן, וועלכער האָט קיין איין טאָג אין מעשעך פֿון אַזויפֿיל יאָרן ניט געקענט זיך באַ־גיין אָן דעם ביטער־זיסלעכן רויך, אַזאַ אויסגעפּרוּווט געוווּער האָט ער אויך אויסגענומען באַם גענעראַל.

„די מעשוגענע קאָפּ" האָט די געשיכטע מיט נאָסנס וואַרפֿן רייכערן, אין וואָס דער גענעראַל האָט געקענט אײַנזען עפּעס מער פֿון אים און אויך עפּעס אַנדערש פֿון אים, האָט געצײַלט מאַכן די געשיכטע צונישט:

— ער האָט געוואָרפֿן רייכערן, כאָוער גענעראַל, ווײַל ער האָט ניט פֿאַר וואָס צו קויפֿן. באַ אים איז אויסגעגאַנגען דאָס געלט, וואָס ער האָט מיטגענומען פֿונדערהיים, און זײַן פֿרוי האָט פֿאַר דער גאַנצער צײַט קיין קאָפּיקע ניט איבערגעגעבן פֿאַר אים.

— זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון אים?

— ניין, כאָוער גענעראַל. ער גייט זי פּאַשעט מער ניט אָן. ער האָט ניט באַוויזן, ווי סע זאָגט זיך, נאָך צומאַכן הינטער זיך די טיר, האָט זי שוין אָפּגעזוכט וועמען צו לייגן מיט זיך אין בעט.

„ווי פֿל איז אכנעס אַלט געווען בייס לאַזאָווסקי איז אַרײַן אים באַגריסן? זעכציק צי פֿינף און זעכציק?" נאָסן האָט זיך ווידער אָנגעכאַפּט פֿאַר דעם, אַנדערש וואָלט ער אַ כאַפּ געטאָן פֿון אונטער זיך דאָס בענקל... און כאָטש נאָסן האָט מיט גאָרניט אַרויסגעוויזן, ווי אין אים האָט אופּגעברויזט דער פֿראָנטאָוויק, ער האָט בלויז שטײַפֿער צוגעדריקט די דלאָ־ניעס פֿון די הענט צו די קני, פֿונדעסטוועגן האָט „די מעשוגענע קאָפּ" זיך מער נעענטער צוגערוקט מיטן שטול צום גענעראַלס טיש.

דער גענעראַל האָט זיך אופּגעשטעלט, אַ מאַך געטאָן בעשאַסמײַסע מיט דער האַנט צו נאָסענען, אַז ער דערלויבט אים בלײַבן זיצן און מיט שטילע ווייכע טריט זיך דורכ־געגאַנגען אַ פּאָר מאָל איבערן קאַבינעט. פֿאַרהאַלטן זיך אַ ווײַלע באַם פֿענצטער, איז ער פֿון דאָרט מיט די זעלבע שטילע טריט צוגעגאַנגען צו נאָסענען און, ניט געהעכערט דאָס קאָל, אַ זאָג געטאָן צו אים:

— איך ווייס ניט וויאַזוי איז באַ אײַך. באַ אונדז, פּראַוואָסלאַוונע, איז אין אַזעלכע פֿאַלן אָנגענומען אַ וואָרף טאָן דאָס היטל אָפּן דיל און אַ קלאַפּ טאָן זיך אין דער ברוסט.

גענוג, הייסט עס, דרייען איינער דעם אנדערן דעם קאָפּ. צײַט פירן אַן אָפענע שפּיל. ערלעך אין אַלץ זיך מודה זײַן, גאָרניט פאַרלייקענען, אַלץ דערציילן.

— איך האָב ניט וואָס צו פאַרלייקענען, און וואָס זיך מודה זײַן. כ׳האָב אַלץ דערציילט.

— אַלץ?

— יאָ, אַלץ.

— איך זע לויט אײַער אויפירן זיך, נאַטאַן זאַכאַראָוויטש, אַז איר שטעלט זיך ניט פאָר וואָס אײַך דערוואַרט, אויב איר וועט זיך ניט אַנטוואָפענען, גענוי ניט דערציילן וועגן אײַער שפּיאָנישער נעץ.

באַם גענעראַל האָבן אַ בלענד געטאָן די אויגן מיט אָנגעשאַרפטן שטאָל. נאָסן האָט דעם קאָפּ ניט אָפּגעקערט.

— איך ווייס ניט פון קיין שום שפּיאָנישער נעץ, כ׳האָב זיך דערמיט קיינמאָל ניט פאַרנומען.

— איז פאַרוואָס, אויב אַזוי, האָט איר בײַסן אָפּטראָגן אין סאָווינפאָרמביוראָ די פּאָטשט פאַר אויסלאַנד געהאַט געזאָגט, אַז דאָס קען אײַך קאָסטן טײַער, אַז איר קענט דערפאַר טײַער באַצאָלן?

— איך האָב אַזוי ניט געזאָגט.

— און ווי האָט איר געזאָגט?

ביידע, דער גענעראַל און דער מאַיאָר, וואָס האָט געפירט דעם פּראָטאָקאָל פונעם פאַרהער, האָבן נאָכגעפאָלגט נאָך נאָסענען מיט זייערע אָנגעשטעלטע בליקן אַף אים.

— איך געדענק ניט.

— געדענקסט ניט, הינטישער זון? וועלן מיר דיר עס באַלד דערמאָנען, און דײַן מאַמעס מאַמען אַרײַן, מאָרזשאַווער פּאָמפּ, נעוויילע, געגנויעפּטע נעקייווע...

— מעשוגענע קאָפּ!

אינעם בלאָנדן מאַיאָר מיטן אונטערגעקלאַפּטן העל־בלויען אויג האָט נאָסן פון סאַמע אָנפאַנג פאַרשטאַנען, אַז ער וועט אין אים ניט געפינען קיין סימען פונעם מענטשן, ער איז ניט דער ראָשע, אין וועמען מע קען נאָך געפינען, לויט דעם גאַלעכס טוירע, עפּעס פון אַ צאַדיק. נאָר אַז אין דעם גענעראַל, אין וועמען ער האָט ביז אַהער געזען מער דעם צאַדיק, ווי דעם ראָשע, אַז די כײַע האָט אויך אין אים פאַרצוקט דעם מענטשן, דערויף האָט ער, נאָסן, זיך ניט גערעכט.

וויאַזוי קלײַבט זיך דער גענעראַל אים דערווײַזן, אַז ער האָט געהאַט אַזוי געזאָגט? קיינער איז דאָך ניט בײַגעווען, ער האָט עס געזאָגט, דאַכט זיך, בלויז זאַלמענען אונטער פיר אויגן. זאָל זײַן... ניין, זאַלמען האָט ניט געקאָנט עס איבערגעבן, אויב אַפילע ער איז אויך שוין דאָ און מע האָט אים געצוווּנגען אַלץ אונטערשרײַבן, אַלצדינג נעמען אַף זיך.

— און אַז באַם אויפקומען פון אײַער מעלוכע יִסראָעל האָסטו געזאָגט, אַז זי וועט אונדז קאָסטן בלוט, נאָר כ׳גיי דערויף אײַן, בין גרייט דערצו געדענקסטו אויך ניט, פאַרקויפטע פעל?

דאָס האָט ער אויך געזאָגט זאַלמענען. ס׳איז אָבער בײַגעווען, ווי סע געדענקט זיך, יעשיִע רויזען.

— שווײַגסט? ברענגען דיר עפּשער איידעס, זיי זאָלן דיר זאָגן ווער דו ביסט און מיט וואָס האָסטו זיך פאַרנומען? כ׳קען עס דיר צוליב טאָן.

דער גענעראַל האָט זיך אומגעקערט צום טיש און אַראָפּגענומען דאָס טעלעפאָן־טרײַבל.

— כאַווער פּאָלקאָווניק. איך וואַרט אַף אײַך. נו, פאַרשטייט זיך.

## 14

דער אריינגעקומענער אין דער באַגלייטונג פונעם הויכן, ווי אויג מעלער האַבאַשן, מעגושעמדיקן פאַלקאָווניק איז ניט געווען ענלעך אַף קיין איינעם פון די אידעס, מיט וועלכע דער גענעראַל האָט אים געשראָקן און וועמען נאָסן האָט זיך געריכט באַלד דערזען. דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז דער אריינגעבראַכטער וועט זײַן בליומקין, איז מער נאָך ניט צו גלייבן. ס'איז אָבער פּאָרט געווען ער, לייבע. וויאַזוי האָט ער ענדלעך דערקענט אינעם אויסגעדאַרטן סוטולן מאַנצבל מיטן אָפּגעשוירענעם קאָפּ דעם ביז ניט לאַנג צוריק נאָך שיינעם שטאַלטנעם בליומקינען, האָט נאָסן אַליין ניט געקאָנט זיך עס דערקלערן. מיסטאַמע האָט ער עפּעס באַמערקט פונעם פריערדיקן לייבן, וואָס בײַ זײַן אריינקומען איז עס געווען פון אים פאַרבאָרגן, מאַכמעס דער אויג מעלער האַבאַשן האָט לייב בליומקינען קימאַט אינגאַנצן פאַרשטעלט מיט זיך.

לאַנג זיך צוקוקן צום אריינגעקומענעם צי איז ער זיך אין אים ניט טויע איז בײַ נאָסענען ניט געווען דערויף קיין צײַט און ס'איז אויך ניט געווען שוין נייטיק. ווי נאָר דער פאַלקאָווניק איז אַפּ אַן אַ זײַט און איבערגעלאָזט זיי ביידן שטיין איינער קעגן דעם אַנדערן אַף אַ מעהאַלעך פון געציילטע עטלעכע טריט, האָט דער גענעראַל, אָנווײַזנדיק מיט דער האַנט אַף נאָסענען, געפרעגט בליומקינען:

— איך קענט אָט דעם מענטשן?

אָפּקערנדיק די אויגן פונעם אַנטקעגנשטייענדיקן נאָסענען, האָט לייבע שטיל ארויסגעבראַכט:

— יאָ.

— וויאַזוי רופט מען אים?

— נאָסן לעוויטין.

— נאָסן? — דער גענעראַל האָט נעענטער זיך צוגערוקט מיטן פאָטעל צום טיש.

— אַף זייער זשאַרגאָן הייסט ער אַזוי, — האָט, אויפכאַפּנדיק אַף זיך דעם גענעראַלס פרעגנדיקן בליק, דערקלערט נאָסנס אויספאָרשער, — אַף רוסיש שרײַבט ער זיך נאַטאַן.

— אַהאַ. נו און איר? — מיט דער זעלבער באַוועגונג פון דער האַנט האָט דער גענעראַל אָנגעוויזן נאָסענען אַף לייבן. — איר קענט דעם דאָזיקן מענטשן?

נאָסן האָט געהאַט די פולע רעכט ענטפערן: — „ניין". וואָרעם ער האָט אין אים ווידער אויפגעהערט דערקענען לייבן. פאַר אים איז געשטאַנען לאַכלוטן אַן אַנדער מענטש. דאָך האָט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט ענטפערן:

— פאַרשטייט זיך. דאָס איז דער באַרימטער דיכטער, דער קלאַסיקער פון דער יידישער פּאָעזיע לעוו בליומקין.

— און אַלץ? מער האָט איר וועגן אים גאָרניט צו זאָגן?

— ניין. — און גלײַך צוגעגעבן. — פאַרוואָס? וועגן זײַנע ווערק האָב איך זייער פיל צו זאָגן. אין זיי איז אַף אַ הויך־קינסטלערישן...

— מאַכט זיך ניט טאַמעוואַטע, לעוויטין, — האָט דער גענעראַל אים שאַרף איבערגעשלאָגן. — איר פאַרשטייט גאַנץ גוט וועגן וואָס איך פרעג, וועגן זײַן אַנטיסאָוועטישער נאַציאָנאַליסטישער טעטיקײַט פרעג איך.

— דערפון האָב איך ניט וואָס צו דערציילן. מיר איז דערפון גאָרניט באַוווּסט.

— און וועגן דער שפּיאָנישער פאַרעטערישער נעסט אין אײַער אַנטיסאָוועטישן יידישן קאָמיטעט,־פון וועלכן אײַער קלאַסיקער, ווי איר קרוינט אים, איז געווען אַ מיטגליד איז אײַך אויך גאָרניט באַוווּסט? און וועגן זײַנע שעדלעכע ביכער, דערשינענע אונטער אײַער רעדאַקציע אינעם יידישן אַנטיסאָוועטישן נאַציאָנאַליסטישן פאַרלאַג, איז אײַך אויך גאָרניט באַוווּסט? — דער גענעראַל האָט אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ צו בליומקינען. — בײַ אײַך, ווי ס'איז צו זען פון די אונטערגעשריבענע פּראָטאָקאָלן, איז אַ בעסערער זיקאָרן. איז העלפט אײַער גוט־באַקאַנטן זיך דערמאָנען וועגן דעם אַלעם, וויבאַלד ער טײַנעט, אַז ער הייבט פון גאָרנישט ניט אָן צו וויסן.

עפּעס האָט לייבע דערוף געענטפֿערט, נאָסן האָט ניט דערהערט. דאַכט זיך, אַז אויך דער גענעראַל האָט ניט דערהערט, ווײַל ער האָט גלײַך אים איבערגעפֿרעגט:

— וואָס ברומקעסטו דאָרט אונטער דער נאָז?

— די צונג האָט זיך בײַ דיר אָפּגענומען? — איז געקומען צו הילף דעם הויכן שעף זײַנעם בליומקינס אויספֿאָרשער, דער פֿול־לײַביקער פּאָלקאָווניק, וועמענס אויסזען אַליין וואַרפֿט אָן אַן אײמע. — רייד מיט אַ מויל, מע זאָל הערן, אימפּעריאַליסטישער אַגענט.

נאָר ווי נאָסן האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט, איז קיין איין וואָרט צו אים אַלצייגס ניט דערגאַנגען. דער פּאָלקאָווניק איז, זעט אויס, געררעכט. בײַ לייבן האָט אָפּגענומען זיך ווירקלעך אָפּגענומען די צונג. די ליפּן בײַ אים שעפּטשען עפּעס, אָבער אָן איין קלאַנג. נאָסן האָט אָפּגעפֿירט פֿון לייבן די אויגן, ניט געקאָנט צוזען, ווי דער באַרימטער דיכטער, וואָס איז געווען אַ שײַנדל באַם פֿאָלק, מיט וועמען דאָס פֿאָלק האָט שטאָלצירט, אָפּגעגעבן גרויס קאָוועד, איז דאָ איצט אַרויסגעשטעלט אויף כויזעק, דערפֿירט דערצו, אַז ס׳איז אים קימאַט ניט צו דערקענען: דאָס שיינע ליכטיקע געזיכט — געלב, אויסגעצערט; די קינדעריש־אומשולדיקע לויטערע אויגן מיטן שטענדיקן ליבן שמייכל אין זיי — אויסגעלאָשענע. צוויי בלינדע פֿענצטערלעך פֿון אַ פּוסטער שטוב: דער הויכער שטערן פֿון אַ טאַלמיד־כאָכעם — אין איינע קאַרבן, און דער קאָפּ, דער שיינער שוואַרצער קאָפּ האָר — אינגאַנצן אַ נאַקעטער. די מילדע זינגעוודיקע שטים, וואָס פֿלעגט אים בייסן פֿאַרלייענען זײַנע קינדער־לידער אַליין פֿאַרוואַנדלען אין אַ באַגײַסטערט קינד, איז אויך געווען שוין ניט זײַנע, געוואָרן אַ פֿאַרדומפּטע, אַ הייזעריק־טויבלעכע.

— איר האָט שוין אויך אָנגעווירן דעם זיקאָרן? אײַך דאַרף מען אויך שוין דערמאָנען ווי אָט דעם ניט־אַנטוואָפּנטן סוינע פֿון פֿאָלק, דעם שפּיאָן און פֿאַרעטער? מיר קענען אײַך קומען צו הילף. — דער גענעראַל האָט זיך האַלב אויסגעדרייט צו דעם פֿאַרגליווערט שטייןגעבליבענעם, ווי אַ מאָנומענט, מעגושעמדיקן פּאָלקאָווניק. — די פּראָטאָקאָלן פֿונעם פֿאַרהער זײַנען מיט אײַך?

— יאָ, כאָווער גענעראַל. — דער פּאָלקאָווניק האָט געעפֿנט די העל־ברוינע פּאַפּקע און אַרויסגענומען פֿון דאָרט עטלעכע אַקוראַט פֿאַרשריבענע בלעטלעך פּאַפּיר.

— אײַער באַשולדיקטער לעוו מענדעלעוויטש בליומקין האָט זיי אונטערגעשריבן?

— יאָ, כאָווער גענעראַל, אונטערגעשריבן אַלע ביז איינעם. — דער פּאָלקאָווניק האָט געענטפֿערט, ווי אים וואָלט פֿאַרוווּנדערט, וויאַזוי קען דער שעף גאָר אַזעלכס פֿרעגן. דער שעף ווייסט דאָך, אַז ס׳איז ניט געווען נאָך ביז איצט דער פֿאַל, אַז עמעצער פֿון זײַנע באַשולדיקטע, מיט וועמען ער האָט געהאַט צו טאָן, זאָל ניט געווען אונטערשרײַבן די פּראָטאָקאָלן פֿונעם פֿאַרהער.

דערהערנדיק דעם פּאָלקאָווניקס אויספֿײַנען זיך פֿאַרן גענעראַל, אַז זײַן באַשולדיקטער לייבע בליומקין האָט אונטערגעשריבן אַלע פּראָטאָקאָלן, און דאָס דאַרף ווערן אויסגעטײַטשט, אַז מע קען אים ניט פֿאַרגלײַכן מיט נאָסנס אויספֿאָרשער, מיטן מאַיאָר „די מעשוגענע קאָפּ“, האָט נאָסן אַ קלער געטאָן, אַז צו אָט דעם אויג מעלעך האַבאַשן איז גיכער פֿון אַלץ מיסטאָמע אַרײַנגעפֿאַלן אויך מאַרק פּאַלאַנער, וועלכער איז, ווי ער, נאָסן, געוויס מעקאַיעם דעם געבאָט פֿון „שייך טאַכאַס שיין“. וועגן מאַרק פּאַלאַנערן, אויב ער איז אויך אַרײַנגעפֿאַלן צום דאָזיקן פּאָלקאָווניק, וועט ער זיך ניט קענען אויספֿײַנען פֿאַרן גענעראַל, אַז פּאַלאַנער האָט אונטערגעשריבן בײַ אים אַלע ביז איינעם פּראָטאָקאָלן.

— גיט זיי מיר אַהער. — דער גענעראַל האָט גענומען באַם פּאָלקאָווניק די געבראַכטע פּראָטאָקאָלן, זיי אַוועקגעלייגט פֿאַר זיך אויפֿן טיש, אָנגעטאָן די פּענסנע מיט די שטראַלנדיקע גלעזער און מיטן באַזונדערן פֿאַרגעניגן פֿון אַ זיגער איבער אַ באַזיגטן געפֿרעגט לייבן: — וויאַזוי דערריידן מיר זיך? איר וועט אַליין דערציילן וועגן דעם פֿאַרעטער לעוויטינען, צי איך זאָל פֿאַרלייענען אײַערע אונטערגעשריבענע באַווײַזן וועגן אים?

נאָסן האָט אויסגעמיטן אַ קוק טאָן אויף בליומקינען ווי ער שטייט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, צוקט מיט די אַקסל, ניט באַנעמענדיק, ווײַזט אויס, אַז אונטער דעם אַלץ, וואָס דער גענעראַל לייענט פֿאָר, איז דאָ זײַן כסימע.

אָפּגעשטעלט זיך א ווײַלע און באטראכט נאָסענען, וויִאזוי האָט ער אופגענומען דאָס אויסגעלייענטע וועגן אים אין בליומקינס אונטערגעשריבענע פּראָטאָקאָלן, האָט דער גענעראל ניט געײַלט פאָרגעזעצט לייענען: „אונדז איז פון פאר דער מילכאָמע נאָך געווען באַוווּסט לעוויטינס נאציִאָנאליסטישע שטימונגען. ניט צופעליק האָט דער סוינע פון פאָלק, דער געוועזענער רעדאקטאָר פון דער צענטראלער ייִדישער צײַטונג עליע וואקאָוו אים אָנגעטרויט רעדאגירן דעם ליטעראַרישן אָפּטייל פון דער צײַטונג, און דער פארעטער שלוימע בענמיכאָעל האָט אים אײַנגעלאדן פאר א לעקטאָר פון קונסט צו זיך אין דער טעאטראַלער שול. דערפון אליין שוין איז קלאָר, אז לעוויטין איז געווען דער פּאסיקסטער מענטש אָף צוגרייטן פאר אויסלאנד די פּאָטשט. מיט דער צײַט איז ער געוואָרן דער אָנפירער פון דער פארמאסקירטער שפּיאָנישער נעץ אינעם קאָמיטעט און פארלאג.

ווּעמען פון די מיטארבעטער פון קאָמיטעט, פון פארלאג, פון די שרײַבער האָט לעוויטין פארווערבירט, איז מיר ניט באַוווּסט. מיר איז אָבער באַוווּסט, אז צווישן די אָפּגעשיקטע ווערק קיין אויסלאנד זײַנען געווען אויך אזעלכע, ווּ ס'האָט זיך דערציילט וועגן אינדוסטריִעלע זאוואָדן, וויסנשאפטלעך־פאָרשערישע אינסטיטוטן. וועגן איינעם א מעטאלורגישן זאוואָד, וועמענס דירעקטאָר ס'איז געווען א ייִד, האָב איך אָנגעשריבן א גרויסע פארצייכענונג. לעוויטין האָט מיט דער האסקאָמע פון אכנעסן און בענשאָלעמען מיך געשיקט קיין קרים דערציילן וועגן די ייִדישע דערפער. פון די געשפּרעכן, וועלכע ער האָט פאר מײַן פאָרן אהין געפירט מיט מיר, האָב איך פארשטאנען, אז מע שיקט מיך פאר אן אויסקוקער פונעם לאנד, ווּ מע האָט זיך געקליבן, ווי אמעריקע האָט פון אונדז פארלאנגט, גרינדן א ייִדישע מעלוכע..."

אויסגעטאָן די פּענסנע, האָט דער גענעראל, אָפּלייגנדיק אָן א זײַט דעם פּראָטאָקאָל, זיך אָנגערופן צו בליומקינען:

— דאָס ווײַטערדיקע אינעם פּראָטאָקאָל, וועט איר אזוי גוט זײַן, אליין דערציילן. דאָרט גייט ווײַטער א רייד וועגן אײַער אנטלויפן בייסן בירגערקריג צוזאמען מיט רעפאָעל אָכרימאָווון קיין דײַטשלאנד. נאטאן זאכאראָוויטש לעוויטין האָט געוווּסט, בעשאס ער האָט אײַך פארווערבירט פאר אן אגענט פון דער אמעריקאנער אויסשפּיר־דינסט, אז איר האָט זיך אומגעקערט פון דײַטשלאנד צוריק קיין סאָוועטנלאנד, ווי א דײַטשישער שפּיאָן?

— יאָ.

— און אז אין אײַערע צוגעשטעלטע ווערק אָפּצושיקן קיין אויסלאנד זײַנען געווען פארמאסקירט שפּיאָנישע מיטיילונגען האָט לעוויטין געוווּסט?

— יאָ.

— און אז דער פארלאג „עמעס" האָט פארפּלאנירט ארויסגעבן אין א מער גרעסערער צאָל אנטיסאָוועטישע נאציאָנאליסטישע ביכער?

— יאָ.

— וואָס יאָקעט איר די גאנצע צײַט, — איז דער גענעראל ארויס פון געדולד, — ענטפערט מיט א מויל. פונוואנען האָט איר זיך דערוווּסט, אז דער פארלאג קלײַבט זיך ארויסלאָזן אזעלכע ביכער?

— ער האָט עס מיר געזאָגט.

— ווער? ווער איז אָט דער ער? רופט אים אָן.

בליומקין האָט אראָפּגעלאָזט נידעריקער דעם קאָפּ.

— ווער איז אָט דער ער? — דער גענעראל האָט געהעכערט די שטים.

— לעוויטין.

דאָ האָט נאָסן שוין ניט אויסגעהאלטן.

— גאָט איז מיט אײַך, לעוו מענדעלעוויטש, וואָס רעדט איר? ווי קענט איר אזעלכס זאָגן? באדענקט זיך...

בא לייבן איז דער קאָפּ שוין אינגאנצן ארײַן אין די אקסל. נאָסן האָט אָנגעהויבן צווייפלען, צי דער מענטש, וועלכער שטייט אנטקעגן אים איז ווירקלעך לייבע בליומקין, צי האָט מען לויט בליומקינס פּאָרטרעט ניט פארגרימירט דאָ עמעצן פון זייערע. בייס די

פאַרמילכאַמעדיקע פּראָצעסן אױף די געװעזענע פּירער פֿון לאַנד איז אין פֿאָלק אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז אױף דער באַשולדיקונגס־באַנק זיצן ניט די, װעגן װעמען דאָרט גײט אַ רײד, נאָר פֿאַרגרימירטע כּעװרעלײַט פֿון לוביאַנקע. װאָרעם ס'איז פּאַשעט געװען אומעגלעך צו גלײבן, אַז מענטשן, װעלכע זײַנען אינעם קײסערס צײַטן יאָרנלאַנג אָפּגעװען אין די טורמעס, אױף קאַטאָרגע, געװען גרײט גײן אױפֿן עשאַפֿאָט, נאָר זיך ניט אײַנגעבראָכן, זיך ניט אונטערגעגעבן, זאָלן פּלוצעם מעלדן װעגן זיך פֿאַר דער גאַנצער װעלט, אַז זײ זײַנען אַלע ביז אײנעם געװען שפּיאָנען, פֿאַרעטער, שעדיקער און מיט אַזױפֿיל אײנצלהײַטן דערצײלן דערפֿון אי װעגן זיך, אי װעגן זײערע נאָענטע. נאָר אױב ס'איז עמעס, אַז אױף דער באַשולדיקונגס־באַנק זײַנען געזעסן װירקלעך די, װעמען מע האָט געמישפּעט, האָט מען זײ זיכער פֿאַרפֿריִער אַלע פֿאַרהיפּנאָטיזירט. צוליב דעם האָט מען געדאַרפֿט פֿאַרהיטן יעטװידעס אָנזיכט. לײבען איז אָבער קימאַט ניט צו דערקענען.

— מע האָט אײַך שטאַרק געפּײַניקט? — האָט נאָסן אַפּגיך, ער זאָל באַװײַזן אַרױסברענגען אַלע װערטער, געפֿרעגט בליומקינען.

— מעשוגענע קאָפּ! — דער מאַיאָר האָט דראָענדיק אַ מאַך געטאָן צו נאָסענען מיט דער פֿױסט, — שױן זעץ איבער, װאָס האָסטו אים געזאָגט אױף דײַן זשאַרגאָן?

— כ'האָב אים געפֿרעגט, — האָט נאָסן געענטפֿערט, ניט אָפּקערנדיק די אױגן פֿון זײַן אױספֿאָרשער, — צי איז מען זיך דאָ מיט אים אױך באַגאַנגען, װי מיט מיר, װײַבאַלד ער רעדט אַזעלכע מעשונע־װילדע זאַכן, טראַכט אױס אױף זיך און אױף יענעם אײן גאָט װײסט װאָס.

— אַזױ האָט ער אײַך געזאָגט? — דער מעגושעמדיקער פּאָלקאָװניק אױג מעלעך האַבאַשן האָט געמאַכט אַ טראָט צ' לײבן.

— יאָ.

— און װאָס קענט איר דערױף ענטפֿערן? אין די פּראָטאָקאָלן איז עפּשער פֿאַרשריבן ניט אַזױ װי איר האָט געזאָגט?

נאָסענען האָט ניט געװוּנדערט, װען לײבע האָט אױף דעם געענטפֿערט: „אין די פּראָטאָקאָלן איז פֿאַרשריבן אַזױ, װי איך האָב געזאָגט". ניט יעדערער, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, קען זײַן אַ איִעװ. און װאָס זײַנען אַלע איִעװס לײדן אין פֿאַרגלײַך מיט די לײדן און פּײַניקונגען, װאָס זײַנען דאָ פֿאַרגרײט פֿאַר יעדן אײנעם, װער עס לאָזט זיך ניט אײַנברעכן? צי װעט אים, נאָסענען, אױף לאַנג נאָך קלעקן קױכעס און מוט איבערטראָגן די נײַע פּײַניקונגען, װעלכע דערװאַרטן אים דאָ? צוגעבן עפּעס דערצו, װאָס ער האָט געזאָגט לײבן, װאָלט נאָסן סײַװי ניט באַװיזן. דער גענעראַל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פֿון דער טיר. ס'איז געװען צו זען, אַז דער גענעראַל, בײדע אױספֿאָרשער האָבן געקוקט אױף בליומקינען װי אױף אַ מעס. נאָך דער באַגעגעניש דאָ אױג אױף אױג מיט לײבן װעט די „מעשוגענע קאָפּ" קוקן שױן אױך אױף אים, נאָסענען, װי אױף אַ מעס.

— װאָס װעט איר זאָגן אַצינדער? — דער גענעראַל האָט זיך אױפֿגעשטעלט און גרױזאַם אָפּגעשטופּט פֿון זיך מיטן פֿוס דעם פֿאָטעל. — װײַטער פֿאַרזעצן לײקענען שטײן און בײן, אַז איר הײבט ניט אָן פֿון גאָרנישט ניט װיסן? איר האָט געהערט, װאָס אײַער נאָענטער פֿרײַנט לעװ בליומקין האָט געזאָגט? מיט זײַן אַנערקענען זיך אין די באַגאַנגענע שװערע פֿאַרברעכנס און אַנטפּלעקן די פֿאַרמאַסקירטע ייִדישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן כאָטש ער האָט פֿאַר זײַנע פֿאַרברעכנס פֿאַרדינט, מע זאָל אים שטעלן צום װענטל. איר, װי איך זע, װעט עס ניט אױסמײַדן, װײַבאַלד איר האָט ביז איצט זיך ניט אַנטװאָפּנט, פֿאַרבליבן ביז איצט אַ פֿאַרביסענער קעגנער פֿון אונדזער סאָציִאַליסטיש הײמלאַנד. באַדענקט זיך, װאָס אײַך דערװאַרט. קײן סאַך צײַט זיך צו פֿאַרטראַכטן דערפֿון איז אײַך ניט געבליבן. — דורכגעגאַנגען זיך מיט די אױגן איבער די פֿאַרשריבענע זײַטלעך פֿונעם הײַנטיקן פֿאַרהער, האָט ער, אומקערנדיק זײ צוריק דעם מאַיאָר, אים געהײסן איבערשרײַבן דעם פּראָטאָקאָל אױף רײן און ברענגען דעם באַשולדיקטן מאָרגן אַהער צו פֿופֿצן אַזײגער.

— ער װעט בא מיר אָן אײן איבעריק װאָרט אונטערשרײַבן מאָרגן דעם פּראָטאָקאָל. אָט דאָ אין קאַבינעט װעט ער אים בא מיר אונטערשרײַבן.

— סוכאַנאָווקע, כאַוער גענעראַל, פֿאַלט דערוויַיל אָפּ אויב אַזוי?
— ער וועט נאָך באַוויַיזן דאָרט זיַין. סוכאַנאָווקע, נאַטאַן זאַכאַראָוויטש, וואַרט פֿון לאַנג שוין אויף איַיך. באַטראַכט זיך, ביזוואַנען ס'איז נאָך ניט שפּעט. — ער האָט אָנגעקוועטשט די קנאָפּקע אויפֿן טיש.

אין אַ מינוט אַרום איז אַריַין אַן אופֿזעער און פֿאַרנומען נאָסענען פֿון קאַבינעט.

## 15

אַלץ האָט נאָסן געקענט איבערקלערן, צוריקקומענדיק אין קאַמער און אָנשטאָט זיַינע דריַי פֿריִערדיקע שכנים געטראָפֿן דאָרט אַן אומבאַקאַנטן פֿאַרשוין, וואָס אין וווּקס און פּאַרנעם פֿון די אַקסל איז ער איבערגעשטיגן ליבע בליומקינס אויספֿאָרשער — דעם פּאָלקאָווניק „אויג מעלעך האַבאָשן". איין זאַך פֿון אַזאַ איינעם איז איבערגענוג אויף צעשפּאַלטן יענעם דעם שאַרבן. דאָס האָט, קענטיק, דער גענעראַל באַפֿוילן אַריַינזעצן דעם דאָזיקן פֿאַרשוין אַהערצו, אַז ער זאָל ווי סע דאַרף צו זיַין צוגרייטן אים, נאָסענען, צו דער מאָרגנדיקער באַגעגעניש באַם גענעראַל אין קאַבינעט, צוגרייטן אַזוי, אַז ער זאָל זיך אויך אַנערקענען אין די אַלע מעשונע־ווילדע צוגעטראַכטע פֿאַרברעכנס, וועלכע עס האָט גענומען אויף זיך ליבע, און זיך אויך כאַסמענען אונטער די פּראָטאָקאָלן מיט די ניט־געשטויגענע, ניט־געפֿלויגענע באַשולדיקונגען. קעדיי באַפֿריַיען די קאַמער פֿון זיַיטיקע איידעס, איבערלאָזן זיי דאָ בלויז אינצווייען, אים און דעם אומבאַקאַנטן, האָט מען באַדאַרפֿט ציַיט אויף צוזוכן פֿאַר יעדן איינעם פֿון די פֿריִערדיקע דריַי שכנים אַ ניַיע פּאַסיקע וווינונג. דערפֿאַר, אָפּאָנעם, האָט מען אים נאָכן פֿאַרלאָזן דעם גענעראַלס קאַבינעט אָפּגעהאַלטן היפּשע עטלעכע שאָ פֿאַרשפּאַרט אין אַ דושנעם פֿינצטערן באָקס. ביז היַינט האָט ער אויסגעהאַלטן אַלע באַגעגענישן מיט די קוילער־יונגען און גאָרגלשניַידער, ווי רעפֿאָעל אָכרימאָוו האָט אין איינעם זיַינעם אַ ווערק וועגן דער מילכאָמע געקרוינט די היטלעראָווצעס, פֿון וועמען עס שיידן זיך קנאָפּ אונטער די ליַיט פֿונעם דאָזיקן הויז. זיי האָבן אים ניט איין צאָן שוין אויסגעהאַקט, ניט איין ריפּ צעבראָכן, אָבער זייערס האָבן זיי ניט אויסגעפֿירט. קיין איין פּראָטאָקאָל וועגן שפּיאָנאַזש און פֿאַראַט האָט ער ניט אונטערגעשריבן, אויף זיַינע באַקאַנטע ניט געלאָזט פֿאַלן קיין איין שלעכט וואָרט. נאָר יעדעס מאָל באַם באַגעגענען זיך מיט אָט די יונגען האָט אים דורכגענומען אַ קעלט, אַז דאָס האַרץ פֿלעגט פֿון שרעק שיר ניט בליַיבן שטיין.

אָט דעם גוט באַקאַנטן פּראָסט אין ליַיב האָט נאָסן דערפֿילט אויך באַם דערזען דאָ איצט פֿאַר זיך דעם אומבאַקאַנטן פֿאַרשוין.

קיין טיַינעס צו ליבן, וואָס פֿאַר זיַינע באַוויַיזן וועגן אים אויפֿן פֿאַרהער באַם גענעראַל וועט ער דאָ באַלד אַריַינכאַפּן קלעפּ, האָט ער ניט, נאָסן, צו אים. וואָס פֿאַר אַ טיַינעס קען מען האָבן צו אַ מענטשן, וועלכן מע האָט דערפֿירט דערצו, אַז ער איז גרייט אַלץ נעמען אויף זיך, אַלץ אונטערשריַיבן, אַבי גיכער פֿאַרלאָזן דעם קאַבינעט פֿונעם אויספֿאָרשער, אויסשטיין די איבערמענטשלעכע פּיַיניקונגען און דערנידעריקונגען און זיך אומקערן צוריק אין דער איפּעשדיקער אָבער שוין היימיש־געוואָרענער קאַמער צווישן אייגענע, אַזעלכע, ווי ער. און אַז מע האָט בליומקינען דערפֿירט צו אַזאַ צושטאַנד, איז גליַיך צו זען. באַ נאָסענען איז געווען דער איַינדרוק, אַז מע האָט ליבן געבראַכט צו פֿירן אויף דער באַגעגעניש מיט אים אויג אויף אויג באַם גענעראַל אין קאַבינעט פֿונעם קאַרצער אָדער נאָך עטלעכע שלאָפֿלאָזע מעסלעס. נאָסענען האָט מען שוין אַזויפֿיל געהאַלטן פֿאַרשפּאַרט אין קאַלטן קאַרצער און אַזויפֿיל נעכט און טעג ניט געלאָזט צומאַכן קיין אויג, אַז אים איז דאָס אַלץ גאַנץ גוט באַקאַנט. מער נאָך פֿון דעם איז אים באַקאַנט דאָס שוידערלעכע מיימעסן, וואָס דערוואַרט אים זיכער אויך איצטער דאָ פֿונעם דאָזיקן יונג.

לאַנג אָבער וועלן אָט די באַגעגענישן מיט די שלעגער־יונגען, וואָס ענדיקן זיך יעדעס

מאָל מיט אָפּגיסן אים מיט קאַלט וואַסער, ניט אָנהאַלטן. אין אים לעבט נאָך דערווײַל דער פּראַנטאָוויק. צוויי מאָל שטאַרבט מען ניט און איין מאָל וועסטו אים אַלציינס ניט אויסמײַדן. סײַווי האָט ער ניט אויף וואָס צו האָפֿן, קוים זיי האָבן פֿאַרטראַכט אים פֿאַרשטעלן ווי אַן אָנפֿירער פֿון אַ שפּיאָנישער נעץ. איז צו וואָס אָפּציִען? ער וועט אויף איינער פֿון די נאָענטסטע באַגעגענישן מיטן אויספֿאָרשער, צי מיט דעם, אין וועמענס הענט „די מעשוגענע קאָפּ" וועט אים איבערגעבן, קעדיי אָנלערנען ווי זיך אויפֿצופֿירן אויפֿן פֿאַרהער, צונויפֿקלײַבן אין זיך די פֿאַרבליבענע קויכעס. דאָס וועט זײַן די לעצטע באַגעגעניש ניט בלויז פֿאַר אים. זי וועט אויך זײַן די לעצטע פֿאַר דעם, וועמעס ס'וועט אויפֿהייבן אויף אים די האַנט. ער וועט ניט אָפּקומען מיט אַן אויפֿגעלאָפֿענער באַק און אַן אונטערגעהאַקט אויג, ווי דער מאַיאָר מיט די כיין־גריבלעך. דאָס מאָל וועט ער, נאָסן, זיך אײַנקלאַמערן יענעם אין האַלדז און ניט אָפּלאָזן.

מעגלעך, אַז דאָס וועט געשען הײַנט, דאָ, און טאַקע שוין. אים וועט ניט אָפּשטעלן, וואָס ער איז אויף אַ קאָפּ נידעריקער און אין די אַקסל צוויי מאָל שמעלער פֿון דעם, וועמען ער האָט דאָ געטראָפֿן.

דערווײַל האָט דער אומבאַקאַנטער מיט גאָרניט אַרויסגעוויזן, וואָס אַזעלכס האָט נאָסן פֿון אים באַלד צו דערוואַרטן. דער פֿאַרשוין קוקט זיך צו אים, זעט אויס, פֿריִער צו, שאַצט אָפּ זײַנע קויכעס, באַטראַכט, פֿון וועלכער זײַט אָנפֿאַלן. בײַ נאָסענען זײַנען ווי פֿון זיך אַליין צונויפֿגעגאַנגען זיך די פֿינגער פֿון די הענט מיט די דלאָניעס, געוואָרן האַרט, ווי שטאָל.

מיטאַמאָל האָט דער אומבאַקאַנטער זיך צעלאַכט:

— פֿאַר וועמען נעמט איר מיך אָן, וואָס איר זײַט געבליבן שטיין בײַ דער טיר? לאָמיר זיך באַקאַנען. — ער האָט אויסגעשטרעקט נאָסענען די האַנט. — מע רופֿט מיך מאַרעל. מאַרעל קאָוועל. איך בין אַ סטודענט פֿונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט. אַ פֿילאָלאָג. געווען שוין אויפֿן לעצטן קורס.

צי הייסט ער ווירקלעך אַזוי, צי ער גיט זיך אַרויס אונטער אַ צוגעטראַכטן נאָמען, איז נאָסענען ניט אָנגעגאַנגען, אַז ער זאָל דאַרפֿן מאַכן אַ סאָד, וויִאַזוי מע רופֿט אים. נאָר דער כשאַד, אַז דער יונגערמאַן מאַרעל קאָוועל, ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, איז דער, פֿאַר וועמען ער האָט אים אָנגענומען בײַם דערזען דאָ אומגעריכט אין קאַמער, האָט אויך נאָך זײַן צעלאַכן זיך אַלציינס זיך פֿון נאָסענען אינגאַנצן ניט אָפּגעטאָן. נאָסן האָט נאָכגעפֿאָלגט נאָך זײַן איטלעכער באַוועגונג, נאָך יעדן ריר פֿון דער האַנט.

— שוין לאַנג, אַז איר זײַט אַ היגער? — האָט מאַרעל קאָוועל אָן איבעריקער נײַגעריקײַט געפֿרעגט און, ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפֿער, אָנגעגעבן וועגן זיך: — מיך האַלטן זיי שוין דאָס אַנדערע יאָר. כ'בין פֿאַר דער צײַט שוין איבערגעווען קימאַט אין אַלע מאָסקווער טורמעס. אַהער האָט מען מיך געבראַכט פֿון דער לעפֿאָרטאָווער. דאָ, אויף לוביאַנקע, בין איך שוין צום צווייטן מאָל.

פֿונדערנאָענט האָט דער באַכער שוין ניט געמאַכט אויף נאָסענען דעם אײַנדרוק פֿון אַזעלכן, וועד ס'קען מיט איין זעץ מיט דער האַנט שפּאַלטן יענעם דעם שאַרבן. אַלציינס אָבער, כאָטש דאָס פּאָנעם איז בײַ אים אויסגעצערט, דער קאָפּ אָפּגעשוירן אין איינע טרעף, דאָך האָט נאָסן נאָך אַלץ ניט דערלאָזט אין געדאַנק, אַז דער יונג איז אויך אַן אַרעסטאַנט און אַז ער זיצט שוין דאָס אַנדערע יאָר. סײַדן... גיכער פֿון אַלץ איז עס מיסטאַמע אַזוי. קוים איז ער איבערגעווען, ווי ער דערציילט, קימאַט אין אַלע מאָסקווער טורמעס, איז קען זייער זײַן, אַז ער געהערט צו די, וועמען מע זעצט בעקיוון אַרײַן אונטערהערן, וועגן וואָס רעדט מען צווישן זיך אין קאַמער און עס דערנאָך אָפּטראָגן צו די, וועלכע האָבן אים צוליב דעם אַרײַנגעשיקט. נאָסן קאָן אָבער ניט פֿאַרשטיין, צוליב וואָס האָט מען באַדאַרפֿט באַפֿרײַען די קאַמער פֿון זײַנע דרײַ פֿריִערדיקע שכיינים. בלויז צוליב אים איינעם וואָלט מען דאָך אַזעלכן אַהער ניט אַרײַנגעשיקט. דער געוועזענער יעווסעק, דער אַרבעטלאָזער פּראָפֿעסאָר פֿון מאַטעמאַטיק שאַמײַ בינקין, וועלכער איז אין יענע יאָרן מעגלעך געזעסן אין דער זעלבער קאַמער, ווו נאָסן זיצט אַצינד, איז געוויס גערעכט, אַז ס'איז פּאַשעט

נאריש זוכן בא די דאָזיקע לײַט לאָגיק. אלץ, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ניט די מינדסטע שײַכעס צום סייכל־האיאָשער, צום קלאָרן, ניכטערן מענטשלעכן פארשטאנד. אָף יעדנפאל האָט נאָסן זיך באמיט זײַן מיטן באָכער צוריקגעהאַלטן, פאַרזיכטיק, געהיט מיט אן איבעריק וואָרט.

— איז וויפל, זאָגט איר, זיצט איר שוין? — האָט מארעל קאָוועל איבערגעפרעגט נאָסענען אויך דאָס מאָל אָן איבעריקער נײַגעריקײַט.

ס׳איז אויך דאָך ניט קיין סאָד, אז נאָסן זאָל דארפן עס אויסבאהאלטן פון אים.

— באלד א יאר שוין.

— און די גאנצע צײַט אָף לוביאנקע?

— יאָ.

— און איך, ווי כ׳האָב אײַך געזאָגט, בין שוין אומעטום אויסגעווען, פארפעלט בלויז איין טורמע, סוכאנאָווקע. כ׳וועל מיסטאמע אויך דאָרטן נאָך זײַן. מײַן לעצטער אויספאָרשער האָט עס מיר צוגעזאָגט.

— וואָס שטעלט זי מיט זיך פאָר, אָט די סוכאנאָווקע, וואָס מע שרעקט אזוי מיט איר? — נאָסן האָט אליין ניט פארשטאנען, לעמײַ באהאלט ער אויס, אז אויך אים האָט מען צוגעזאָגט סוכאנאָווקע און ניט אבי־ווער, נאָר א גענעראל.

— סוכאנאָווקע? גלײַכער פון איר ניט וויסן. מענטשן, זאָגט מען, גייען דאָרט אראָפּ פון זינען. פון די, ווער ס׳איז געזעסן אין סוכאנאָווקע, האָב איך זיך אָנגעהערט אזוינס... ס׳איז ניט צו דער נאכט צו דערציילן... אנטשולדיקט. בא אײַך וועט זיך ניט געפינען פון מײַנטוועגן א סיגארעטל? כ׳האָב נאָך הײַנט ניט גערייכערט.

נאָסן האָט צעפירט די הענט:

— צום באדויערן, — ער האָט זיך אָבער גלײַך פארענטפערט, ווי ער זאָל זיך פילן שולדיק דערינען. — איך רייכער ניט.

— א געבענטשטער מענטש.

דער באָכער איז ניט דער ערשטער, פון וועמען נאָסן הערט אזוינס וועגן זיך. און ווײַל ער איז ביז ניט לאנג צוריק נאָך געווען א פארברענטער רייכערער און ווייסט, וואָס באטײַט פאר א מענטשן, באזונדערס נאָך דאָ, אויב ער האָט ניט מיט וואָס זיך צו פארציִען, אים אונטערגעזאָגט טאָן אָט ווי ער: אין איינעם א מעסוקן שווערן טאָג, ווען בא אים זײַנען אויסגעגאנגען די סיגארעטן, גענומען און געוואָרפן דאָס רייכערן.

— כ׳וועל ניט זאָגן, אז מיר איז עס אָנגעקומען לײַכט. איך בין זיך אָבער בײַגעקומען. מײַן אויספאָרשער, דארף מען פארשטיין, איז עס ניט שטארק געפעלן.

— זיכער. זיי קענען דאָך אײַך שוין דערמיט ניט פּײַניקן, ווי דעם, ווער סע רייכערט און ווארט, אז דער אויספאָרשער זאָל אפן פארהער אים צוּוואַרפן א סיגארעטל.

— און אײַך פּײַניקן זיי ז׳ערמיט?

— איך בין ניט דער, וועמען מע זאָל קענען נייטן נעמען אָף זיך אפילע די קלענסטע שולד, אויב כ׳בין זי ניט באגאנגען.

— דאָס זעט מען. אײַער אויספאָרשער האַלט זיך מיסטאמע מיט אײַך בייסן פארהער פונדערווײַטנס.

— ס׳איז ווי אמאָל. אויב אין קאבינעט איז אויסער אים קיינער ניטאָ, איז פירט ער דעם פארהער מיט מיר פונדערווײַטנס, וואגט ניט דערנעענטערן זיך.

— ווי מײַנער.

— ווי אײַערער? — א דערשטוינטער פונעם דערהערטן, האָט מארעל זיך אָנגעבויגן צו נאָסענען און שטיל געפרעגט: — איר האָט זיך געשטעלט אים קעגן?

— געווען אויך אזעלכס.

— איר האָט מיך דערפרייט. און וויפל זײַט איר דערנאָך אָפּגעזעסן דערפאר אין קארצער?

— איך האָב באצאָלט פאר דעם א ביסל טײַערער ווי מיט זיצן אין קארצער און מיט ניט לאָזן מיך שלאָפן.

שוין ניט אזוי, ווי פֿריִער, אָבער פֿאָרט נאָך גאַנץ הויך האָט מארעל פֿונדאַסנײַ זיך צעלאַכט:

— זאָגט דעם עמעס, וואָס האָט איר געקלערט, ווען איר האָט מיך דערזען דאָ בײַ אײַך אין קאַמער? איך פֿרעג עס מאכמעס מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז איר זײַט געווען שטארק דערשראָקן.

„און איר אַף מײַן אָרט, — האָט נאָסן געוואָלט אים דערויף ענטפֿערן, — וואָלט זיך ניט דערשראָקן, דערזעענדיק פֿאַר זיך פֿלוצעם אין קאַמער אזא גוואַר, ווי איר, וועמען מע האָט ארײַנגעשיקט, האָב איך געקלערט, מיך אָנלערנען, וויִאזוי זיך אויפֿירן אַפֿן פֿאַרהער". אַנשטאָט עס אים אופֿריכטיק ארויסזאָגן האָט נאָסן, זײַענדיק קימאט אינגאַנצן שוין זיכער, אז דער באַכער איז ווירקלעך דער, פֿאַר וועמען ער גיט זיך אַרויס, אים פֿאָרט געמאכט א שטיקל פֿאַרהער, ווי ס'איז אײַנגעפֿירט אין די קאַמערן באַם באַקאַנען זיך מיט א נײַעם אײַנוווינער און וואָס הייבט זיך צום אַלעם ערשטן געוויינלעך אָן ניט מיטן פֿאַנאַנדערפֿרעגן, פֿונוואַנען מע איז און ווער מע איז, נאָר פֿון די פֿונקטן פֿונעם אכט־און־פֿופֿציקסטן אַרטיקל.

— אין וואָס באַשולדיקט מען מיך, ווילט איר וויסן? אין א קלייניקײַט. אין טעראָר. מיך האָט ארויסגעגעבן אײינער אַן אויסוווּרף, א מיִעסע באַשעפֿעניש. מיט וועמען כ'האָב זיך באַקאַנט אין ביבליאָטעק פֿונעם היסטאָרישן מוזיי. מיר זײַנען געזעסן אינעם לייענזאַל בײַ איין טיש. כ'האָב אים יאָ געהאַט עפּעס געזאָגט, קאָן זײַן, וואָס מע טאָר ניט, אָבער ס'האָט געהאַט א שײַכעס צו טעראָר, ווי איר, אַשטייגער, צום רוימישן פּויפּסט. גיי אָבער דערווײַז, אז כ'האָב אַזעלכס ניט געזאָגט, אז דער צופֿעליק־באַקאַנטער מײַנער האָט אָנגע־רעדט, אויב בײַ מיר איז לויט הײַנטיקע צײַטן יענער ייִכעס... ביידע, אי דער פֿאָטער, אי די מוטער, זיצן. נאָך אין יעזשאָווס צײַטן האָט מען זיי ארײַנגעזעצט און ווי אין וואַסער ארײַן. ביידע אַלטע קאָמוניסטן, כאָטש לויט די יאָרן זײַנען זיי נאָך גאָר יונגע, בײַ די פֿערציק. אַפֿן פֿערעקאָפּ זײַנען זיי ארײַן אין דער פּאַרטיי. די מאַמע איז בייסן בירגערקריג אויך געווען אַפֿן פֿראָנט. מיט אזא ייִכעס, ווי בײַ מיר, א זון פֿון אַזעלכע צוויי סאָנים פֿון פֿאָלק, וואָלט מען סײַוויסײַ, ווען דער באַקאַנטער זאָל אפֿילע ניט געווען אזוי אָנריידן אַף מיר, ניט געלאָזט לאַנג נאָך ארומגיין אַף דער פֿרײַ. אבי דער גרויסער פֿאָטער אונדזערער האָט געזאָגט, אז די קינדער טראָגן ניט קיין אכרײַעס פֿאַר זייערע עלטערן. אינדערעמעסן אָבער זיץ איך ניט אזוי דערפֿאַר, ווײַל כ'האָב עפּעס יאָ געהאַט געזאָגט ניט אזוינס, נאָר ווײַל איך בין א זון פֿון פֿאַרמישפּעטע טאַטע־מאַמע. דאָס גאַנצע לעבן, ווי ס'האָט מיך פֿאַרזיכערט דער אויספֿאָרשער, וועט מען עס מיר דערמאָנען, ווען דאַרפֿן צאָלן פֿאַר דעם

פֿון די געציילטע פּסוקים, וועלכע נאָסן האָט פֿאַרגעדענקט פֿון טאַנאַך, וואָס ער האָט געלערנט ביז עלף־צוועלף יאָר, האָט זיך אים געגעבן איצט א דערמאָן פֿון ייִרמעיאָהו: „אבות אָכלו בסר ושני באנים תך הינה". נאָר מארעל קאָוועלן מיטן עכט סלאַווישן אויסזען האָט נאָסן, איידער ער האָט עס אים פֿאַרטײַטשט: „די עלטערן האָבן געגעסן די ניט־צײַטיקע פֿרוכט און בײַ די קינדער זײַנען אײַליק די ציין", אפּריִער געפֿרעגט, צי האָט ער, ווי א פֿילאָלאָג, ארײַנגעקוקט אין דער ביבל, ווען־ניט־איז געלייענט ייִרמעיאָהו הא־נאָווי?

— ניט אויסגעקומען, — איז קאָוועל זיך מודע געווען, — נאָר פֿון אזא נאָווי האָב איך געהערט. ווען האָט ער עס געזאָגט?

— מיט א פּאָר טויזנט יאָר נאָך צוריק. עס גילט אָבער, ווי איר זעט, ביז איצט נאָך.

— אויך פֿאַר אײַך?

— נאָך א מין!

— וואָס שרײַבט מען אײַך?

קיין גרויסן פֿעלער וואָלט נאָסן ניט דערלאָזט, ווען ער זאָל געווען ענטפֿערן, אז בײַ ביידן איז, אייגנטלעך, איינע און די זעלבע שולד: זייער ייִכעס. בײַ מארעלן מאָנט מען אויף מיט איבערמענטשלעכן פֿײַניקן, ווײַל די עלטערן זײַנען בײַ אים אַלטע באָלשעוויקעס, מאקריוו געווען דאָס לעבן לעשעם דער נײַער מאכט אַף די פֿראָנטן פֿונעם בירגערקריג, און בײַ אים, נאָסענען, ווײַל זײַנע עלטערן זײַנען ייִדן.

סאָפּקאָלסאָף האָט נאָסן עס אים געזאָגט און געווען איבעראַשט, דערהערנדיק פֿון קאָוועלן, אַז ער איז אויך אַ ייִד.

כאָטש נאָסן האָט זיך שוין איצט אַנדערש צוגעקוקט צום באַכער, דאָך האָט ער אַלציינס ניט געפֿונען אין אים קיין סימען, לויט וועלכן מע זאָל קענען דערזען אַ ייִדן. אַלנפֿאַלס ניט דערפֿאַר, ווײַל צווישן ייִדן באַגעגענען זיך ניט אַזוי אָפּט אַזעלכע וווּקסיקע, ברייטפּלייציקע יונגען, וואָס קענען אַן אָקס פֿאַרלענדן פֿאַר די הערנער. זײַן באַקאַנטער, באַרימטער ייִדישער זינגער מוישע בוים, וועמען מע האָט אַרעסטירט מיט אַ כאַדאָשים צוויי פֿאַר אים, איז געווען נאָך העכער און וווּקסיקער. גיכער פֿון אַלץ עפּשער האָט נאָסן אינעם פּילאָלאָג ניט דערזען דעם ייִדן, ווײַל די אויסשפּראַך איז בא אים געווען פֿון אַן עכט רוסישן מענטשן. אויסערלעך זײַנען בא אַלעמען, נאָכדעם ווי מע זיצט אָפּ עטלעכע כאַדאָשים, דאַכט זיך, איין אויסזען.

אַרויסזאָגנדיק דאָס אַלץ דעם נײַעם שאָכן זײַנעם, האָט נאָסן פֿאַרײַנוועגס אים שוין געפֿרעגט:

— פֿונוואַנען קומט צו אײַך אַזאַ נאָמען? ס'ערשטע מאָל הער איך אַ ייִדישן נאָמען מאַרעל.

— מײַנע עלטערן זײַנען ניט נאָר געווען אַלטע באָלשעוויקעס, נאָר פֿאַרברענטע באָלשעוויקעס, פֿון יענע רעוואָליוציאָנערן, וועלכע האָבן אַפֿילע צוגעקליבן פֿאַר זייערע קינדער אַנדערע נעמען... רעוואָליוציאָנערע. מאַרעל איז אַ ראָשעטייוועס פֿון מאַרקס — ענגעלס — לענין. די ייִנגערע שוועסטער מײַנע האָבן זיי אָנגערופֿן אווראָרע.

„און פֿאַר זיך? אַוועלכע נעמען האָבן אײַערע עלטערן צוגעקליבן פֿאַר זיך?“ — האָט נאָסן כיישעק געהאַט פֿרעגן, פּונקט ווי דערפֿון, צי האָבן מאַרעלס און אַווראָרעס עלטערן געענדערט זיך די נעמען, וועט ער קענען מאַכן אַן אויספֿיר צי האַלטן זיי זיך פֿאַר ייִדן, אָדער באַהאַלטן עס דורך דעם אויס.

— צי דען איז די גאַנצע שולד אײַערע דערינען, וואָס איר זײַט אַ ייִד? — האָט מאַרעל געוואָלט עס אויסקלאָרן פֿאַר זיך.

— ניין, ניט אינגאַנצן דערפֿאַר. איך בין דערצו נאָך אויך אַ ייִדישער שרײַבער.

מאַרעל איז שיר ניט אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט:

— איר האָט געהערט פֿון אַזאַ דיכטער ווי נאָום דאַווידאָוויטש וואָלינער?

— אַנטקעגן וואָס פֿרעגט איר עס?

— איך בין געזעסן מיט אים אָף לעפֿאָרטאָוואָ אין איין קאַמער. ער האָט זיך אַרויסגעגעבן פֿאַר אַ ייִדישן פּאָעט.

— איר זײַט געזעסן מיט נאָום וואָלינערן? — פֿון דער רעגע אָן איז דער באַכער אים געוואָרן האַרציק־נאָענט. — איר ווייסט כאָטש, ווער וואָלינער איז, וואָס פֿאַר אַ גרויסער דיכטער ער איז? דאָס איז דער ייִדישער טיוטשעוו, בונין, בלאָק. איך טרײַב ניט איבער. אַזאַ גרויסן דיכטער, אַזאַ צאַרטן לײַדנשאַפֿטלעכן ליריקער האַלט מען הינטער די גראַטעס... לאַנג זײַט איר מיט אים געזעסן?

— עטלעכע כאַדאָשים. זאַלבעדריט זײַנען מיר געזעסן. איך, נאָום דאַווידאָוויטש וואָלינער און דער גענעראַל, אַ געוועזענער קאָמדיוו, גריגאָרי טערענטיעוויטש וואַסיליעוו. איז האָט ער, הייסט עס, ניט אויסגעטראַכט, אַז ער איז אַ דיכטער? און אַ גרויסער דיכטער, ווי איר זאָגט? און מיר האָבן אים ניט געגלייבט. די לידער, וואָס ער פֿלעגט אונדז פֿאַרלייענען, זײַנען טאַקע געווען זייער ליריש, טיף פֿילאָסאָפֿיש. מיר זײַנען אָבער געווען זיכער, אַז ס'איז ניט זײַנע.

— פֿאַרוואָס האָט איר אַזוי געקלערט?

— געווען אַ גרונט אַזוי צו קלערן. איך ווייס שוין איצט אַליין ניט, ווער פֿון אונדז איז געווען גערעכט, איך צי דער גענעראַל: טאָג־אויס, טאָג־אײַן פֿלעגט מיר אויסקומען זיך אַרײַנמישן אינעם געשלעג, זיי פֿאַנאַנדערנעמען.

— איך פֿאַרשטיי ניט. — נאָסן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אינעם ווענטל פֿון זײַן אײַזער־

נעם בעטל און קימאט שעפּטשענדיק ארויסגעבראכט: — וואָס פאר א געשלעג, וועלכער געשלעג, ווער מיט וועמען האָט זיך געשלאָגן?..

— נאום וואַלינער מיטן גענעראל. באם פאנאנדערנעמען זיי האָב איך בעשאסמײַסע פון ביידן ארײַנגעכאפּט א היפש ביסל קלעפּ. נאום דאווידאָוויטש, ווי מיר שײַנט, איז ניט אינגאנצן שוין באם זינען. עטלעכע מאָל אין טאָג פלעגט ער אַנקלאפּן אין דער קאָרמושקע, און ווי נאָר דער אופזעער פלעגט זי עפענען, האָט וואַלינער גענומען מאכן פארשיידענע האווײַעס: קרימען זיך, טאנצן, זינגען און בעטן פאר דעם באם אופזעער געצאָלטס — א שיסל קאשע.

— ריבוינעשעלוילעם...

— דער גענעראל האָט ניט געקענט עס פארטראָגן. ער האָט געהאלטן, אז וואַלינער מאכט זיך, טוט עס בעקיוון, וויל, מע זאָל אים אָנעמען פאר א דולן, שפּילן די ראָל פון א מעשוגענעם, וואָרעם א פּסיכיש־קראנקן קען מען ניט מישפּעטן. פלעגט דער גענעראל שטעלן זיך וואַלינערן אין וועג, ניט צולאָזן אים צו דער קאָרמושקע, און איבער דעם זײַנען עטלעכע מאָל אין טאָג אויסגעבראָכן צווישן זיי געשלעגן, און מיר איז אויסגעקומען נאָכאנאנד זיי פאנאנדערנעמען. דאָס איז געווען, שטעלט זיך פאָר, ניט אזוי פּראָסט אפילע פאר אזא, ווי איך. נאום דאווידאָוויטש, האָט זיך ארויסגעוויזן, איז א גאנץ קרעפטיקער מענטש, ניט שוואכער פונעם קאָמדיוו, כאָטש ער איז אף א קאָפּ נידעריקער פון אים. איך צווייפל אָבער, אז וואַלינער זאָל עס האָבן געשפּילט, געוואָלט דורך דעם זיך ארויסגעבן פאר א צעמישטן. ווײַזט אויס, ער האָט זיך טאקע גערירט פון זינען.

נאָסן איז ניט געווען אימשטאנד א וואָרט ארויסברענגען — ס׳האָט אים אזוי פארשטיקט אין האלדז, אז ער האָט זיך קוים געקענט אָפּרופן בעשאס דער אופזעער האָט פלוצעם געעפנט דאָס טירל פון דער קאָרמושקע און געפרעגט, אף וועלכן אָס פאנגט זיך אָן בא אים די פאמיליע.

— דאָס איז מען געקומען נאָך מיר, — האָט דער בלייכגעוואָרענער גוואר מארעל קאָוועל א זאָג געטאָן צו נאָסענען, נאָך איידער ער האָט אָנגערופן דעם בוכשטאב „קוף“, פון וועלכן ס׳הייבט זיך אָן די פאמיליע.

— סליעכקאָ!

ווי אויסגעמאטערט נאָסן איז ניט געווען פון דער באגעגעניש אויג אף אויג מיט לייבע בליומקינען און פון זײַן אוף עטלעכע נעכט נאָכאנאנד ביז דעם, האָט דער שלאָף אים סײַווי ניט גענומען. פון די שטײַף־צוגעשלאָסענע אויגן איז אף קיין רעגע ניט אָפּגעטראָטן נאָכעם וואַלינער. אָט האָט ער אים, נאָסן, געזען ארומטאנצן און ארומשפּרינגען מיט א שיסעלע קאשע אין די הענט, ווי סימכאסטוירע צו די האקאָפעס און גלײַך נאָכדעם צו־לויפן צו דער קאָרמושקע, אָנקלאפּן אהין און נעמען זיך קרימען, פּאטשן מיט די הענט און זינגען מיטן האלב־וואָכעדיקן ניגן פון האמאוודילביין קוידעש לעכויל:

אוועק דער שאבעס שוין
אף ווײַטע שנייען
א גרויסער עמעצער
שיט גראָוון אש...

דאכט זיך, אז אויך ער, נאָסן, רירט זיך פון זינען. ער קען זיך ניט אָפּשטעלן, אז ער זאָל ניט דערזינגען ביזן סאָף.

און באלד נאָכדעם מיטן ניגן פון לייענען די טוירע:

...און וויל ניט קלערן,
אז ס׳ווארט די קו אף מיר,
אף היי, אף נאכט...

...פון יענער זײַט טיר דערהערן זיך שווערע טריט. דאַס גייט מען שוין נאָך אים. די קאמער, וווּהין מע וועט אים באלד אוועקפירן צוגרייטן צו דער מאָרגנדיקער באגעגעניש באם גענעראל אין קאבינעט, איז אים באקאנט... מיט וואָס וועט זיך דאָס מאָל ענדיקן, אויך בלויז מיט אָפּמינטערן אים מיט אן עמער קאלטן וואסער?.. די שווערע הילכיקע טריט דערווײַטערן זיך. צוביסלעכווײַז גייט אָפּ דער פראָסט, וואָס האָט אים צונויפגעפרעסט, אז ער האָט מיט קיין אייווער ניט געקאָנט א ריר געבן... און ווידער דערזעט ער פאר זיך אין דער געדיכטער פינצטערניש פון די שטײַף צוגעמאכטע אויגן נאָכעם וואָלינערן ארומטאנצן מיט דער שיסל קאשע אין די הענט, ווי מיט א ריײניקײַט סימכאסטוירע בא די האקאָפּעס.

...פרעגסט מיך שטילער ברודער,
ווער וועט צאָלן
פאר די טאָלן בײינער
פאר די טײַכן בלוט?..

דעם ענטפער, וועלכן נאָכעם וואָלינער גיט דערויף, נעמט נאָסן ניט אָן.
— האָסט אן אנדער ענטפער? — זעצט נאָסן פאַר זיך דורכריידן מיט זיך, — נו, איז זאָג!
ער זאָל ניט ארויסברענגען דעם ענטפער, צו וועלכן ער איז דאָ געקומען, אף א *קאָל, האָט נאָסן פארביסן אין די ציין דעם ברעג פונעם אראָפּגעגליטשטן זיך פון די אויגן וואפלנעם האנטעך.*

(פאָרזעצונג קומט)

מױשע פּענס

# דער טרוים פֿון יױשער

## אין דעם איז די געטלעכע קונץ...

מאָשיַעך וועט קיינמאָל ניט קומען.
מאָשיַעך וועט קיינמאָל ניט קומען.
מאָשיַעך וועט קיינמאָל ניט קומען, —
ווײַל שטענדיק ער איז דאָך אין אונדז.
נאָר ער איז געצוווּנגען צו שטומען,
נאָר ער איז פֿארמישפּעט צו שטומען,
נאָר ער איז פֿארורטיילט אַף שטומען, —
אין דעם איז די געטלעכע קונץ.

שוין אַלץ איז געמעלדעט געוואָרן,
שוין אַלץ איז געמעלדעט געוואָרן,
שוין אַלץ איז געמעלדעט געוואָרן,
שוין ווערטער געזאָגט אָן א שיר.

מיט כאָכמע מיר זײַנען באוואָרנט,
מיט הייליקער כאָכמע באוואָרנט,
מיט אייביקער כאָכמע באוואָרנט, —
מע דארף נאָר דערגרייכן צו איר.

צו איר — דורך די פֿלאמען פֿון געגעם.
צו איר — דורך די פֿלאמען פֿון גענעם.
צו איר — דורך די פֿלאמען פֿון גענעם, —
פֿארברענען דעם טײַוול אין אונדז.
און דאַן ווע‍לן מיר אים דערקענען,
מאָשיַעכן דארף מען דערקענען,
אין זיך און אין יעדן דערקענען, —
אין דעם איז די געטלעכע קונץ.

## דער לעץ

ווי נאָר דער גויען
אין אייביקײַט גייט אָפּ,
קומט באלד דער נאָכקרימער,
פּרעך, אומפֿארשעמט און גראָב,
און קלעטערט אַף דעם אָרט,
וואָס האָט אזוי געשעמט
מיט כאָכמע־וואָרט...
און דאַן, ווען הימל־ערד
אין טרויער שווײַגט,
ווערט ער, דער לעץ,
אוואדע איבערצײַגט,
אז אים האָט גאָט אליין באפוילן
זיך ניט צו פוילן,
כאָטש פּאָכען מיט די זײַטן,
נאָר דעם באלשעם פֿארבײַטן.
און טאקע ניט פֿארוואָס?
ער ווייסט דעם גויען ביזן לעצטן אָס:
און וויאזוי ער זיצט,
און וויאזוי ער עסט,
און וויאזוי ער פֿירט זיך צווישן געסט,
און ווי ער בייזערט זיך,
און ווי ער שנײַצט די נאָז,
און וואָס ער טרינקט,
און מיט אוועלכער מאָס...
בעקיצער,
דער האמויץ
נעמט אוף דעם לעץ אַף קעסט,
ביז יענער
אַף דעם גויען זיך פֿארמעסט
און בלאָזט זיך ווי אן אינדיק:
„כ׳בין א ריזו!
דער גויען — וואָס?
א נישטיקײַט ער איז!"
דאַן טוט דער אוילעם זיך אין קאָפּ א זעץ
און מע דערמאָנט זיך:
„סטײַטש, ס׳איז דאָך דער לעץ!"

## שפּיל, קלעזמער, שפּיל...

מײַן פֿרײַנט זאַלמען שולמאַנען, וואָס איז געבליבן דער איינציקער פֿון אַ גרויסער מישפּאָכע, וועלכע די פֿאַשיסטן האָבן אומגעבראַכט.

שפּיל, קלעזמער, שפּיל, קיין בייז זאָל דיר ניט שאַטן.
האָסט מײַן געוויין פֿאַרבאָרגענעם דערהערט.
דײַן פֿידעלע האָט מיר דערמאָנט מײַן טאַטן
און האָט מיך אין מײַן שטעטל אומגעקערט...

ניטאָ מײַן טאַטע, און ניטאָ קיין שטעטל.
בלויז איך אַליין אין אויסגעהוילטן רוים
פֿאַרבליבן בין, אַן אָפּגעריסן בלעטל,
אַ זייכער פֿון אַן אָפּגעהאַקטן בוים.

טאָ שפּיל זשע, קלעזמער, שפּיל מיר אויס די ווידע,
די טפֿילעס אומבאַהאָלפֿענע צו גאָט,
דעם ווײ־געשריי דערשאָסענעם פֿון ייִדן,
דעם ווידערקאָל פֿון יעדנס לעצטן טראָט...

אַלץ, וואָס איך טראָג אין האַרצן ביזן קייווער
אין איינזאַמקײַט און טרויעריקער קעלט,
זאָל מער אַזוינס ניט אויספֿרוּוון שוין קיינער,
זאָל מער אַזוינס ניט טרעפֿן אויף דער וועלט...

טאָ שפּיל זשע, קלעזמער, שפּיל מיר די אַזקאָרע,
וואַרף אינעם רוים דײַן קלאָגעדיקן רוף.
די קדוישים פֿון די מוירעדיקע קוואָרים
אין קלאַנגען פֿון דײַן פֿידל שטייען אוף...

## אַ נײַע שול אין די בערג

ליגט דער טאָל, מיט באַרג־הויכן אַ באַגרענעצטער.
טראָגט דער טײַך זײַן אייביקן שו־שו.
קוקן זיי פֿאַרכידעשט אויף די פֿענצטער
פֿון אַ שימערירנדיק־נײַער שול.

אַלץ אַרום — אין אורשפּרינגלעכקײַט ווילדער:
פֿעלדזן,ביימער, גראָזן — ווי אַמאָל...
איז פֿונוואַנען קומט ער, דער געפֿילדער,
אַ באַקאַנטער פֿאַר דעם אַלטן טאָל?

ס׳האָט צעלאָזט דעם ווייער אַ האַרמאָניק.
די זורנא צעבויטעט האָט די לופֿט.
פֿליִען פֿון די סטעזשקעס, ווי אויף האָניק,
קינד־און־קייט אין זינגעוודיקן דופֿט.

ס׳האָט איר טיר אַ נײַע שול געעפֿנט,
ס׳איז אַ יאָמטעוו אין די בערג אַרײַן...
וואָס אין זייער מאָרגן זאָל ניט טרעפֿן, —
זאָל פֿאַר קינדער אייביק זײַן די שײַן.

* * *

דאָס לאַנד האָט געעפנט דאָס פּאָנעם,
וואָס טרויערט און טרוימט, און טראכט.
די מאסקע פון שטאָלענעם האָמען
פארלירט שוין איר גרויזאמע מאכט.

אַלץ בוילעטער ווערן געפילן.
אַלץ האסטיקער שטראָמט דער געדאנק.
דאָס פייער פון לוסט און פון ווילן
פארגעסט שוין, ווי עס האָט געצאנקט.

נאָר יענע, פאר וועמען די מאסקע
געווען איז א זיכערע שילד, —
מיט איר זיך דערשיידן ניט מאסקים,
זיי ווארטן פארבאָרגן, פארשטילט...

און דאַן, ווען אין אָנגלי און הארבקייט
זיך ערגערט דאָס הארץ פונעם לאַנד,
אנטפּלעקט זיך די ברוינע באפארבטקייט
פון זייער געהיימען פארלאנג.

ס'איז גרייט און ס'איז אָפן די פאסטקע,
און טוט נאָר א קער זיך די ראָד,
זיי וועלן מיט סימכע די מאסקע
אונדז אָנטאָן מיט פאלשן גענאָד.

זיי ווארטן. אין כאַלעם זיי שטרעבן
צום ווילשטאנד פון זייער „אמאָל”.
זיי וועלן באצירן דאָס לעבן
מיט שטעכלדראָט און מיט שטאָל.

* * *

דער קלוגער קאָפּ
איז מיט גייווע פול,
פון אייגענער גרויסקייט
שיר ניט דול.

ער פאַרייסט זעלבסטצופרידן
צום הימל דעם שטערן

און וויל דאָס טיפשעסדיק הארץ
אפילע ניט הערן.

נאָר ווען דאָס נארישע הארץ
זאָגט פּלוצעם אָפּ, —
פאלט אונטערגעשניטן
דער קלוגער קאָפּ...

## מאמע־לאָשן

פרעגסט,
וואָס האָט זיך דאַן מיט מיר געטראָפן?
אַלץ, דאכט זיך, איז געווען
אזוי נאָענט און אָפן
און אַלץ אָפּגעשיידט:
לייַדנשאפט,
פרייד —
ווי דורך גלעזערנע ווענט
פון א הויז אומבאוווינטן.
אין מיַין זיקאָרן דערשטוינטן
שוועבן ביז איצט
מיַינע געהאמעוועטע הענט,
און דורך די פארכושטע ליפּן
האָפּענונגסלאָזע
פראגעס זיך זיפּן:
ווער,
צוליב וואָס
האָט פארוואָרפן אין דעם גלעזערנעם צאנקען
א ברעקעלע מענטש,
א שטיקעלע הארץ,

א בינטל געדאנקען?
ווער,
ווער האָט מיַין פיַיער פארלאָשן,
וואָס רופט זיך
מאמע־לאָשן?..

* * *

ער האָט אף זיך דעם קרייץ זיַינעם גענומען.
בארג־ארוף ער שלעפט די מידע פיס.
די פּלאָגן פון דער וועלט,
איר גרויסן אומעט,
איר האָפענונג, —
אלץ ווייסט ער אף געוויס.

יאָרטויזנטער
איבער זיַין פלייצע רוישן
מיט א פארנייגטן קאָפּ ער גייט און גייט,
און פוסטריט שלײַכט נאָך אים
דער טרוים פון יוישער,
פון ליבע, פריַיהיַיט, ברודערשאפט און פרייד...

און מיר — באנאנד,
און יעדער מיט זיַין פּעקל
פון קינע, סינע, נישטיקיַיט פון גיַיסט, —
פון אלעמען,
וואָס גיט זיַין לאסט פיר עקן
און וואָס דעם גענעם פלאקערדיקן שפּיַיזט.

ווי שווער איז מיט די פעלקער זיך צעשיידן!
נאָר ער איז פול מיט גלויבן און געדולד:
ער טראָגט אף זיַינע אקסל אונדזער שולד
און וויַיזט דעם וועג
פון גענעם
אין גאניידן...

* * *

דורך אלע ווייטיקן מיר גייען
צו אונדזער אלגעמיינער נויט —
אליין באנעמען און פארשטיין
דעם קוואל פון לעבן
און פון טויט.

מיט אלע אויספּרווון געמאָסטן
איז אונדזער זונענפולע ווערט.
איך גלייב:
אלץ טיַיערער וועט קאָסטן
די טויב,
אלץ ביליקער —
די שווערד.

# גערעכטיקײַט, און ניט נעקאָמע

וועגן דעם דאָזיקן מענטשן זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן ביכער, וועגן אים דערציילן קינאָפילמען. זײַן טעטיקײַט איז אָפּגעמערקט מיט העכסטע מעלוכישע באַלוינונגען אין פיל לענדער, מיט טיטלען פון ערן־דאָקטאָר אין אָנגעזעענע אוניווערסיטעטן פון דער וועלט. בא אונדז אָבער האָט מען אים גערופן „אַגענט פונעם ציִעניזם און אימפּעריאַליזם". און אָט איצט האָט דער זשורנאַליסט אַנאַטאָלי קאָוריגין זיך געטראָפן מיטן באַוווּסטן „יעגער נאָך נאַציסטן" שימען וויזענטאַלן...

...דאָס הויז נומ. 6 אַף דער ווינער זאַלצטאָרגאַסע, ווו עס געפינט זיך דער דאָקומענטאַציע־צענטער פונעם פאַרבאַנד פון ייִדן, וועלכע זײַנען פאַרפאָלגט געוואָרן מיצאַד דעם נאַציזם, — איז פאַר די אַנטיפאַשיסטן א געדענקאָרט. דאָ האָט אַמאָל זיך געפונען דאָס הויז פון דער ווינער געסטאַפּאָ, אין די קעלערס פון וועלכן עס זײַנען אומגעקומען טויזנטער אומשולדיקע מענטשן. איבער די שטילע טרעפּ האָבן מיר זיך אופגעהויבן אַפן צווייטן שטאָק. לעבן דער טיר זיצט א באַוואָפנטער פּאָליציימאַן: דאָקטאָר וויזענטאַל פאַרמאָגט א סאַך פרײַנט, אָבער אויך ניט ווייניק סאָנים. אינעם ניט־גרויסן פּאָרצימער זײַנען אַלע ווענט באַהאַנגען מיט ערן־דיפּלאָמען, אַדרעסן און גראַמאָטעס פון פאַרשיידענע לענדער. די אַרבעט־צימערן זײַנען פונעם דיל ביז דער סטעליע פאַרשטעלט מיט סטעלאַזשן, פול מיט פּאַפּקעס און ביכער. א טעלעפאָן, א טעלעפאַקס, א קסעראָקס, שרײַבמאַשינקעס, אַף א גרויסן טיש — א זאַק מיט דער פרישער פּאָטשט.

## „מיר דאַנקען דעם פיורער"

וויזענטאַל איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל בוטשאַטש (גאַליציע), וואָס איז אַרײַנגעגאַן אין באַשטאַנד פון עסטרײַך־אונגאַרן. אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע האָט מען זײַן פאָטער צוגענומען אין אַרמיי, און ער איז אומגעקומען אַפן מיזרעך־פראָנט הינטער סטאַניסלאַוו (איצט איוואַנאָ־פראַנקאָווסק). די מאַכט אין שטעטל האָט זיך אָפט געביטן, ס'האָבן געהערשט מענטשן פונעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, פּעטליוּרעס גאָרגלשנײַדער, באָלשעוויקעס. בייס איינעם א ייִדישן פּאָגראָם האָט א שיקערער קאַזאַק געטראָפן דעם צענײאָריקן ייִנגל מיט א שווערד, דער שראַם איז פאַרבליבן אַפן גאַנצן לעבן.

דער קאַנט איז אין סאַכאַקל געבליבן בא פּוילן. שימען וויזענטאַל האָט זיך געלערנט אין לוואָוו און פּראָג. נאָך דער גימנאַזיע האָט ער שטודירט אַרכיטעקטור. דעם דיפּלאָם, אַז ער האָט פאַרענדיקט דעם לוואָווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט האָט ער באַקומען פון די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען נאָך דער פאַראייניקונג פון מײַרעוו־אוקראַיִנע צו ססר. אײַנאָרדענען זיך אַף אַרבעט לויטן פאַך, אין אַן אַרכיטעקטור־וואַרשטאַט, האָט אים געשטערט זײַן „סאָציִאַלער אָפּשטאַם" — דער שטיף־פאָטער איז געווען א באַלעבאָס פון א ציגל־זאַוואָדל.

ס'האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע, און שוין אַפן אַכטן טאָג איז לוואָוו געווען אין די הענט פון די דײַטשן. גלײַך האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן פון דער ייִדישער אינטעליגענץ — רעשימעס מיט נעמען און אַדרעסן זײַנען געווען פאַרגרייט פון פריִער. וויזענטאַל




איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער טפּיסע „בריגיטקא“, ווו עס זײַנען טאָגטעגלעך פֿאָרגעקומען מאסן-עקזעקוציעס.

דרײַ טעג האָבן געדויערט די פּאָגראָמען, אין וועלכע עס האָבן באַזונדערס געבושעוועט די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן. סאַפּקאַלסאַף זײַנען פֿון די 149 טויזנט ייִדן, וועלכע האָבן געלעבט אין לוואָוו ביז דער מילכאָמע, געבליבן בלויז קנאַפּע 500. עס זײַנען אומגעקומען קימאַט אַלע וויזענטאַלס קרויווים. ער אַליין איז אַלפּי נעס געבליבן לעבן. דעם 20 אַפּרעל 1943 האָט מען אים צוזאַמען מיט אַ היפּשער גרופּע אַרעסטירטע אַרויסגעפֿירט צום שיסן. די עסעסאָווצעס האָבן געגרייט אַ מאַטאָנע היטלערן צו זײַן געבורטסטאָג. ס'האָט זיך געפֿאָדערט אַ מאָלער, וואָס זאָל מאַכן אַ פּלאַקאַט מיט אַן אויפֿשריפֿט: „מיר דאַנקען אונדזער פֿיורער“. דער אויסוואַל איז געפֿאַלן אויף וויזענטאַלן...

צוויי מאָל האָט ער געפּרווט איבערשנײַדן זיך די ווענעס. ער איז דורכגעגאַן דורך צוועלף קאָנצלאַגערן. דער לעצטער לא-

גער איז געווען מאַוטהאַוזען. אין מײַ 1945, ווען אין לאַגער זײַנען אַרײַן אַמעריקאַנער טאַנקען, האָט ער זיי באַגעגנט אינעם בלאָק פֿון טויט-פֿאַרורטיילטע. בײַ אַ וווּקס 180 סאַנטימעטער האָט ער געווויגן 44 קילאָגראַם... ער האָט געמיינט, אַז ער איז געבליבן איין אַליין, ניט געוווּסט, אַז נאָכן דורכגיין דעם גענעם פֿון דער וואַרשעווער געטאָ, איז געבליבן לעבן אויך זײַן ווײַב.

## בלויז „אין נאָמען פֿונעם געזעץ“

אין מאַוטהאַוזען האָט זיך באַוויזן אַן אַמעריקאַנישע אונטערטייל, וואָס האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט אויסזוכן נאַציסטישע פֿאַרברעכער. וויזענטאַל האָט אָנגעהויבן קומען אַהין יעדן טאָג, פֿאָרגעלייגט זײַן הילף. צוערשט האָט מען אים אָפּגעזאָגט, אָבער נאָכדעם פֿאָרגעלייגט, ער זאָל אָנשרײַבן אַלץ, וואָס ער ווייסט וועגן די מילכאָמע-פֿאַרברעכנס. ער האָט מיט אַלע

פּראָטים באַשריבן די רעציכעס, אָן איידעס פון וועלכע ער איז געווען, אָנגערופן די נעמען פון העכער 90 נאַציסטן, אָרגאַניזאַטאָרן און אויספירער פון די פאַרברעכנס. 70 פאַרברעכער האָט זיך שפּעטער אים אײַנגעגעבן צו געפינען און זיי שטעלן פאַרן געריכט. זײַן פענאָמענאַלער זיקאָרן און די פעיִקײַט קלאָר און דײַטלעך אַרויסזאָגן די באַשולדיקונג האָבן געמאַכט א שטאַרקן אײַנדרוק אפן קאַפּיטאָן טאַראַקוזיִאָ, ביז דער מילכאָמע — א פּראָפעסאָר פון צווישנפעלקערלעכע רעכט אין קעמברידזש. און דאָס האָט פאַרויסבאַשטימט וויזענטאַלס גוירל. א יאָר צײַט האָט ער אונטער דער אָנפירונג פון די אַמעריקאַנער געזוכט נאַציסטן, דערנאָך זיך פאַרנומען דערמיט זעלבשטענדיק — געשאַפן צום סאָף 1946 דעם דאָקומענטאַציע־צענטער, מיט וועלכן ער פירט אָן ביז איצט.

— אין יענער צײַט, — דערמאָנט זיך וויזענטאַל, — האָבן מיר געזאַמלט גוויִעס־איידעס אין די פּליטים־לאַגערן, וועלכע זײַנען געווען פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער גאַנץ אייראָפּע. מיר האָבן צונויפגעשטעלט צעטלען פון פאַרברעכער פאַר די מאַכט־אָרגאַנען פון די פיר מעלוכעס־באַפרײַער, ווי אויך פאַר קאָמפּעטענטע אָרגאַנען פון פּראַקטיש אַלע אייראָפּעיִשע לענדער. קימאַט יעדן טאָג זײַנען אין אונדזער ביוראָ, וועלכע האָט זיך דעמלט געפונען אין לינץ, געקומען צו פאָרן פאַרשטייער פון די לאַגערן, ווו עס זײַנען געזעסן עסעסאָווצעס. מע פלעג זוכן איידעס אין דעם איניען פון די אָדער יענע פּערזאָנען, און מיר האָבן געווינלעך געהאָלפן.

געקומען זײַנען צו אים אין יענע נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן אויך קריגעריש געשטימטע יונגעלײַט — ייִדן, וועלכע האָבן אין די מילכאָמע־יאָרן אָנטיילגענומען אינעם ווידערשטאַנד. זיי האָבן געבעטן: „גיט אונדז די נעמען און אַדרעסן, דאָס איבעריקע נעמען מיר אָף זיך". וויזענטאַל האָט זיי אײַנגערעדט, זיי זאָלן ניט אונטערנעמען קיין שום אַקציעס, זיך אָפּזאָגן פון נעקאָמע. ער האָט פעסט זיך געהאַלטן באַם פּרינציפּ: בלויז דער געזעץ קאָן זײַן אַן ענטפער אָף אומגעזעצלעכקײַט.

— דער ניורנבערגער פּראָצעס האָט ניט אונטערגעפירט קיין ענדגילטיקן סאַכאַקל, — האָט פאָרגעזעצט וויזענטאַל, — פיל פאַרברעכער זײַנען געבליבן אָף דער פרײַ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער „קאַלטער קריג", און איך האָב באַלד דערפילט, אַז די אַמעריקאַנער האָבן פאַרלוירן דעם אינטערעס צו דעמאַסקירן די נאַציסטישע פאַרברעכער. די אומלעגאַלע פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן דערווײַל געקאָנט פאַרווישן די שפּורן, געפינענדיק א מאָקעם־מיקלעט ניט נאָר פאַר די קריגס־פאַרברעכער, נאָר אויך פאַר זייערע מיטהעלפער — די קאָלאַבאָראַציִאָניסטן פון אוקראַיִנע, פון דער בײַבאַלטיק, פון ווײַסרוסלאַנד... די שולד פון אַט די ראָצכים איז אין מײַנע אויגן גרעסער, איידער פון די נאַציסטן: די קאָלאַבאָראַציִאָניסטן האָבן דאָך געהאַרגעט זייערע אייגענע לאַנדסלײַט, דערבײַ האָבן זיי עס געטאָן פלײַסיק, קעדיי פּאָזשיווען זיך מיטן פאַרמעגן פון די קאָרבאָנעס.

פאַר זײַן פיליאָריקער אַרבעט האָט וויזענטאַל מיט זײַנע מיטאַרבעטער אָפּגעזוכט און איבערגעגעבן די יוסטיץ־אָרגאַנען העכער 1100 פאַרברעכער. בלויז דרײַ פון זיי האָבן זיך געשלאָגן אַלכעט און פולקום אָנערקענט זייער שולד. גראָד זיי האָט מען אַרויסגעטראָגן די האַרבסטע שטראָף. אין יענע פאַלן, ווען די באַשולדיקטע האָבן אַלץ אָפּגעלייקנט, זיך פאַרופן אפן שוואַכן זיקאָרן, פאַרפּלאָנטערט דעם געריכט, האָט מען צומאָל אַרויסגעטראָגן גאַנץ ווייכע אורטיילן...

## זאָלן זיי זיך מאַטערן פון שלאָפלאָזיקײַט

יענע קריגס־פאַרברעכער, וועלכע זיצן איצט אָף דער באַשולדיקונגס־באַנק, 80־יאָריקע זקיינים, רופן אַרויס גיכער פון אַלץ ראַכמאָנעס. צי איז ביכלאַל קעדײַ פאָרזעצן צו זוכן זיי און פאַרפאָלגן?

— די פאַרברעכנס פון די נאַציסטן זײַנען אָף אַזויפיל אַכזאָריִעסדיק, אַז פאַר זיי קאָן מען אַלציינס ניט באַשטראָפן אין דער פולער מאָס, — האַלט וויזענטאַל, — וואָס פאַר א שטראָף קאָן מען אָנווענדן צו אַן עסעסאָווען, וועלכער האָט אומגעבראַכט טויזנט מענטשן? דער געריכט איבער באַרבאַרן טראָגט, בעטאָך, א סימבאָלישן כאַראַקטער. די געריכט־פּראָצעסן איבער זיי זײַנען וויכטיק ווי א האַרבע וואָרענונג פאַר מעגלעכע מאָרגעדיקע מערדער. מענטשן דאַרפן פעסט וויסן: אַזעלכע פאַרברעכנס פאַרמאָגן ניט קיין פאַרעלטערונגס־טערמין. קלאָר, אַז גרײַז־גרויע נאַציסטן שטעלן מיט זיך היײַנט ניט פאָר קיין סאַקאָנע פאַר דער געזעלשאַפט. אָבער מע טאָר זיי ניט געבן קיין מעגלעכקײַט צו שטאַרבן רויִק. זייער שלעכטער שלאָף איז אויך א שטראָף.

איצט באַאַרבעט דער דאָקומענטאַציע־צענטער העכער הונדערט קאָנקרעטע איניאָנים. אָף יעדן איניען גייען אוועק יאָרן. ווען פאַר־

ברעכער קומען אָפּט אָן יעדיִעס פּונקט אַזעלכע פאַרברעכער — מאכמעס פאַרשיידענע פאַרדראָסן און באַליידיקונגען פאַר עפּעס. דער צענטער פאַרמאָגט צעטלען פון 60 טויזנט פאַרברעכער, אַף וועלכע ס'איז פאַראַן א כשאַד און מע זוכט זיי. פּראַקטיש קומען אָן יעדן טאָג בריוו מיט פאַרשיידענע יעדיִעס. זיי אַלע ווערן זאָרגזאַם דערלערנט, קאָנטראָלירט, פאַרגליכן מיט אַנדערע פאַקטן און מיט באַווײַזן פון איידעס.

א באַליבטע מאָקעם־מענוכע פון די פאַרברעכער איז געוואָרן קאַנאַדע. אין פּשא און אויסטראַליע האָבן זיך באַזעצט א סאַך בײַבאַלטער און אוקראַיִנער פון צווישן די היטלערישע באַהעלפער. אין די ערשטע נאָכמילכאָמע־יאָרן האָבן פיל נאַציסטן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער אַראַבישער וועלט, אָבער בעהאַדראַגעדיק האָט די מערהײַט פון זיי זיך אַריבערגעקליבן אין לאַטײַן־אַמעריקע, קוידעםקאָל קיין אַרגענטינע, וווּ ס'איז פאַר זיי באַצײַטנס געשאַפן געוואָרן א שטיץ־באַזע.

אין דאַמעסעק, דערציילט וויזענטאַל, לעבט רויִק ביזן הײַנטיקן טאָג, אונטערן נאָמען יאָזעף פישער, אַלאָיִס ברונער, אַן עסטרײַכער, אייכמאַנס רעכטע האַנט. זײַן פאַרגאַנגענהײַט באַהאַלט ער ניט אויס, גיט דורכן טעלעפאָן אינטערוויוען פאַר מיִרעוו־אייראָפּעיִשע צײַטונגען, בראַווירנדיק דערבײַ מיט זײַנע „קאַמפּסגענאָסן”. פראַנקרײַך, דײַטשלאַנד, עסטרײַך, יוגאָסלאַוויע און ניט לאַנג צוריק דער פּרעזידענט פון טשעכאָ־סלאָוואַקיע גאָוועל האָבן זיך געווענדט צו די סירישע מאַכטאָרגאַנען מיט א באַקאָשע אַרויסצוגעבן דעם מערדער. דער ענטפער אָבער פון דאַמעסעק איז איינער און דער זעלבער: עס גיט זיך ניט אײַן אָפּצוזוכן דעם פאַרברעכער.

## צי האָט בִיכלאַל עקזיסטירט אַנאַ פראַנק?

איינער פון די קאָמפּליצירטסטע איניאָנים, איבער וועלכן וויזענטאַלן איז אויסגעקומען זיך מיִען אַפילע מער, איידער צו כאַפּן אייכמאַנען, איז געווען — געפינען דעם מענטשן, וואָס האָט אַרעסטירט אַנאַ פראַנק. אָנגעהויבן האָט זיך דער דאָזיקער איניען אין 1958, ווען וויזענטאַלס טאָכטער פּאַולינע האָט דערציילט, קומענדיק אַהיים פון דער שול: „אייניקע שילער באַהויפּטן, אַז אַנאַ פראַנקס טאָגבוך איז א פעלשונג. זיי זאָגן, אַז זי אַליין האָט ניט עקזיסטירט”.

וויזענטאַל האָט געוווּסט, אַז דער מענטש, וואָס האָט אין אויגוסט 1944 אַרעסטירט אין אַמסטערדאַם די יִדישע מישפּאָכע פראַנק, איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון ווין און אַז זײַן פאַמיליע הייבט זיך אָן מיט „זילבער”... די זוכונג איז געווען א שווערע און א לאַנגע. בלויז אין 1963 האָט זי זיך פאַרענדיקט מיט א דערפאָלג: ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס איז קאַרל זילבערבאַוער, אַן עסעסאָוועץ, וועלכער איז געשיקט געוואָרן אין די מילכאָמעיאָרן קיין אַמסטערדאַם, און נאָך דער מילכאָמע האָט ער פאָרגעזעצט זײַן דינסט אין דער ווינער פּאָליציי. אַף אַזאַ אויפן האָט וויזענטאַל דערוויזן ניט נאָר זײַן טאָכטער, נאָר דער גאַנצער וועלט, אַז אַנאַ פראַנקס טאָגבוך איז ניט קיין לעגענדע, נאָר א ביטערער עמעס...

## קאָנטאַקטן מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד

דעם דאָקומענטאַציע־צענטער ווײַזן אַרויס הילף פאַרשיידענע לענדער. אַקוראַט און פּונקטועל קומען אָן ענטפערס אַף זײַנע אָנפראַגעס פון דײַטשלאַנד. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן אויך וועגן האָלאַנד, נאָרוועגיע, דענעמאַרק און וועגן פיל אַנדערע מיִרעוו־לענדער. מיטן וואַשינגטאָנער „אָפּטייל איבער די איניאָנים פון אָפּזוכן נאַצי־פאַרברעכער” האַלט אונטער דער צענטער פּראַקטיש א טאָגטעגלעכע פאַרבינדונג. ווי מאָדנע עס זאָל ניט זײַן, — אַנערקענט וויזענטאַל, — האָבן ניט גלאַטיק זיך אײַנגעשטעלט די באַציִונגען מיט עסטרײַכישע מאַכט־אָרגאַנען. דרײַ פערטל פון די קאָמענדאַנטן פון די פאַרניכטונגס־לאַגערן זײַנען דאָך געווען עסטרײַכער, זיי האָבן באַטראָפן פיר פינפטל פון אייכמאַנס מיטאַרבעטער...

וויזענטאַל האָט אויך געהאַט קאָנטאַקטן מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד. ביזן 1967 האָט ער געפירט א קאָרעספּאָנדענץ מיטן אַדוואָקאַט פון ריגע ראָדין איבער איניאָנים, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט די זוכונגען. ראָדין האָט געשיקט קיין ווין דאָקומענטן וועגן די פאַרברעכנס אין לעטלאַנד, וואָס די נאַציסטן און זייערע באַהעלפער זײַנען באַגאַנגען.

אָבער נאָך דער אַראַביש־יִסראָעלדיקער מילכאָמע און דעם אָפּשטעל אין די באַציִונגען צווישן יִסראָעל און פּססר האָבן די פאַרבינדונגען זיך איבערגעריסן. שימען וויזענטאַל איז אַרײַנגעפאַלן אינעם „שוואַרצן צעטל”. גלײַכצײַטיק ווי א „ציִעניסט” און ווי א „פאַשיסט”. א באַזונדערן גרימצאָרן האָבן אַרויסגערופן אַפן מיזרעך וויזענטאַלס סענסאַציאָ־

וואָס פאַר א מיינונג האָט וויזענטאַל וועגן דער פאַרייניקונג פון דײַטשלאַנד?

— מײַרעוו־דײַטשלאַנד איז ווירקלעך א דעמאָקראַטישע, רעכטלעכע און פרײַע מעלוכע. די פּאָליטיקער פון באָן ווילן אינדערעמעסן ניט קיין דײַטשישע אייראָפּע, נאָר שטרעבן צו אַן אייראָפּעיִשן דײַטשלאַנד. די באַפעלקערונג פון דײַטשלאַנד האָט איבערגעלעבט צוויי דיקטאַטורן, איינע נאָך דער אנדערער אָן איבעררײַס. בא די מענטשן האָט זיך אַטראָפּירט דאָס געפיל פון פרײַהײַט און גערעכטיקײַט. עס וועלן זיך פאָדערן ניט ווייניקער פון צען יאָר פרידלעך לעבן, קעדיי די מיזרעכדיקע דײַטשן זאָלן זיך אסימילירן מיט די מײַרעוודיקע.

וויִאזוי באַציט זיך דאָקטאָר וויזענטאַל צו די ענדערונגען אין אונדזער לאַנד?

— צו דער אָרדענונג, וואָס האָט עקזיסטירט אין פּססר, — זאָגט ער, — האָב איך געפילט, אזוי צו זאָגן, א פּאָליטישע אַלערגיִע איבער דער אָפּוועזנהײַט פון פרײַהײַט. הײַנט ענדערט זיך די סיטואַציע, אף וויפל איך קאָן אורטיילן, אף א קאַרדינאַלן אויפן. און אין דעם זע איך קוידעמקאָל א פאַרדינסט פון אזעלכע מענטשן, ווי אַנדריי סאַכאַראָוו. פאַר מיר פערזענלעך איז דער דאָזיקער מערקווירדיקער מענטש דער צווייטער רוס נאָך לעוו טאָלסטאָיען, וואָס וועט אף אייביק אַרײַן אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע. אין די יאָרן, ווען מע האָט אים פאַרפאָלגט, בין איך אַרויסגעטראָטן אַלס איינער פון די איניציִאַטאָרן פון דורכפירן סאַכאַראָווישע פאַרלעזונגען אפן מײַרעוו. מיט דעם איז געווען ניט צופרידן די סאָוועטישע פּרעסע. טאַקע מיר געהערט די אידיי, מיט וועלכער ס'איז זײַנערצײַט אַרויסגעטראָטן דער ווינער אוניווערסיטעט: שיקן דעם סאָוועטישן פיזיקער, וועלכער געפינט זיך אין פאַרשיקונג אין דער שטאָט גאָרקי, אַן אײַנלאַדונג קיין עסטרײַך אף א יאָר צײַט, קעדיי צו אונטעריכטן. א שאָד, וואָס די דאָזיקע אידיי איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אינגיכן דאַרף אין סאָוועטנפאַרבאַנד דערשײַנען מײַן בוך „גערעכטיקײַט, און ניט נעקאָמע". איך האָף, אז דאָס וועט זײַן די ערשטע, אָבער ניט די לעצטע באַגעגעניש מיט דער סאָוועטישער אַודיטאָריע. באַזונדערס וואָלט איך געוואָלט זיך טרעפן מיט אײַער יוגנט. איך האָב וואָס איר צו זאָגן.

נעלע דעמאסקירונגען אין 1968 פון די נאַציסטן, וועלכע האָבן געפונען א מאַקעם־מיקלעט אין דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפובליק. עס האָט זיך אים אײַנגעגעבן דעמאסקירן 50 זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן פריִער געטרײַ געדינט אינעם צענטראַלן אָרגאַן פון דער היטלערישער פּאַרטיי „פאָלקישער בעאָבאַכטער" און אין אנדערע נאַציסטישע אויסגאַבעס, און נאָך דער מילכאָמע האָבן זיי פּונקט אזוי געטרײַ אָנגעהויבן רימען דעם קאָמוניסטישן רעזשים. וויזענטאַלן האָט מען באַשולדיקט אין דעם, אז ער האָט געדינט די נאַציסטן און אַדאַנק דעם איז ער געבליבן לעבן. די דאָזיקע פעלשונג האָט זיך באַוויזן אף די שפּאַלטן פון פיל צײַטונגען, אַרײַנגערעכנט „איזוועסטיִא" און „סאָציִאַליסטיטשעסקאיִא אינדוסטריִא".

הײַנטצוטאָג האָט דער דאָקומענטאַציע־צענטער אײַנרעגולירט געשעפטס־קאָנטאַקטן מיט פּוילן, עס ווערן אופגעשטעלט די באַציִונגען מיט סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס, דערונטער מיט דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פּססר. יוריסטן פון קיִעוו האָבן שוין באַזוכט דעם ווינער צענטער. פון דאָרט איז אָפּגעשיקט געוואָרן אַן אָנפראַגע אין ווילנע אף 300 ליטווינער, וועלכע ווערן געזוכט פאַר באַגאַנגענע אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע פאַרברעכנס. קיין ענטפער איז דערווײַל ניט באַקומען געוואָרן.

— לעצטנס, — מערקט אָפּ וויזענטאַל, — האָט זיך באַוויזן א באַדויערנהאַפטע טענדענץ. אין זאַגרעב, דער הויפּט־שטאָט פון כאָרוואַטיע, ווו עס זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן א גרויסע צאָל ייִדן, האָט מען נאָך דער מילכאָמע פאַרפלאַנצט א סקווער געווידמעט די קאָרבאָנעס פונעם ברוינעם טעראָר און אָט איצט האָט מען דעם סקווער געגעבן א נײַעם נאָמען — קיניגלעכער. איך האָב אָפּגעשיקט דעם כאָרוואַטישן לידער טודזשמאַן א טעלעגראַמע פון פּראָטעסט. דער ענטפער איז אָנגעקומען גאַנץ גיך. אין אים ווערט געזאָגט, אז די נײַע מאַכטאָרגאַנען וועלן שאַפן א נײַעם מעמאָריִאַל — די קאָרבאָנעס פון דעם פאַשיזם און... קאָמוניזם. אומבאַגרײַפלעך: עס קומט אויס, אז קאָרבאָנעס פונעם קאָמוניזם זײַנען די פאַשיסטן, וועלכע מע האָט באַשטראָפט נאָך דער מילכאָמע פאַר זייערע רעציכעס. איך האָב שטאַרק מוירע, אז אזעלכע פאַלן וועלן האָבן אַן אָרט אויך אין אנדערע לענדער.

# דער העלד איז באלוינט געוואָרן
# איז 47 יאָר ארום

אין זשורנאל „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 11 פארן 1987 איז אין א ציקל דאָקומענטאַלע דערציילונגען („העלדן שטארבן ניט"), געווידמעט דרייַצן פּילאָטן-יידן, וועלכע האָבן אין די יאָרן פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע דורכגעפירט „פּייַערדיקע טאראנען", אינקורצן באשריבן געוואָרן דער העלדנטאט פון שיקע קאַרדאַנסקין. צווייַ מאָל האָט מען אים צוגעשטעלט צום טיטל „העלד פון סאָוועטנפארבאנד". ער איז אומגעקומען אין א שלאַכט דעם 28 סענטיאבער 1943, אריינשנייַדנדיק זיך אף א טאַרפעדן-טרעגער „באָסטאָן-3" אין די פייַנטלעכע נאפטסקלאַדן, טאקע ניט באקומענדיק די פארדינטע באלוינונגען. און איצט איז אים לויטן אוקאז פונעם פרעזידענט פון כּסםר מ. גאָרבאטשאָוו צוגעייגנט געוואָרן דער טיטל „העלד פון סאָוועטנפארבאנד" (נאָכן טויט) „פאר גוווּרע און העראָיִזם, וועלכע דער קאפּיטאַן שיקע אבראמאָוויטש קאַרדאַנסקי האָט ארויסגעוויזן אינעם קאמף מיט די דייַטשיש-פאשיסטישע פארכאפּער אין דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע פון 1941—1945".

וואָס זשע פאר א העלדנטאט איז באגאנגען דער שטורמאַן פונעם 36-טן מינען-טאַרפּעדן-פאָלק פון די מיליטערישע לופט-קרעפטן פונעם שווארציאַמישן פלאָט שיקע אבראמאָוויטש קאַרדאַנסקי?

דעם 11 אָקטיאבער 1941 האָט דער פּילאָט לייטענאנט טשופּראָוו געשריבן אין דער רויטפלאָטישער צייַטונג „זא פאָבעדו" וועגן קאַרדאַנסקין: „דאָס איז א דערפארענער און דרייסטער שטורמאַן... זייַנע אויסרעכענונגען זייַנען פּינקטלעכע: דער אעראָפּלאַן קומט קעסיידער אקוראט צום ציל. דער שטורמאַן ווארפט אראָפּ די באָמבעס שנעל און טרעפלעך אף די פייַנטלעכע אָביעקטן".

פון דער באלוינונגס-ליסטע:

דורכגעמאכט 86 דערפאָלגרייַכע קאמפּס-פלוגן, 65 פון זיי באנאכט, איבער די אדמיניסטראטיוו-עקאָנאָמישע צענטערס פונעם סוינע. רוינירט א גרויסע צאָל אינדוסטריעלע אָביעקטן, אונטערגעצונדן בענזין-ציסטערנעס און וואכטורעמס אין בוקארעשט — 1 מאָל, פּלאָעשטי — 13, קאָנסטאנצא — 14, סולין, גאלאץ" אא.

דאָס זייַנען אָנגאבן אפן 26 סענטיאבער 1942.

פון אָקטיאבער 1942 ביזן 28 אפּרעל 1943 זייַנען קיין ידיעס וועגן דער צאָל פלוגן אין ארכיוו ניט פאראן. אָנהייבנדיק פונעם 28 אפּרעל ביזן 28 סענטיאבער 1943 איז שיקע קאַרדאַנסקי געפלויגן 37 מאָל: 16 מאָל אף באָמבירן דאָס מיליטער און די טעכניק פונעם פייַנט, 9 — איבער טראנספּארטן און אנדערע שווים-מיטלען, 2 — איבער מינען-אייַנריכטונגען, 7 — אף אָפּזוכן פארפאַלענע עקיפּאזשן. סאכאקל 122 קאמפּסן פלוגן (די אָנגאבן זייַנען גענומען פון די קאמפּס-ראפּארטן און פונעם זשורנאל פון די קאמפּס-אָפּעראציעס פונעם פאָלק).



שיקע קאַרדאַנסקי



שיאַ בידזינאַשווילי

סאָף זומער 1943 האָט די דײַטשישע פּראָפּאַגאַנדע פֿאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז די פֿאַשיסטישע אַסן האָבן פֿולשטענדיק פֿאַרניכטעט די אוויִאַציע פֿונעם שוואַרציאַמישן פֿלאָט. די סאָוועטישע קאָמאַנדשאַפֿט האָט אָנגענומען א באַשלוס באַווײַזן די פֿאַשיסטן די מעכטיקײַט פֿון אונדזער יאַם־אוויִאַציע.

אין 36־טן מינען־טאָרפּעדן־פּאָלק, וועלכער איז געווען דיסלאָצירט לעבן געלענדזשיק, אָפֿן יאַם־ברעג פֿון קאַווקאַז, איז אָנגעקומען דער גענעראַל־פּאָלקאָווניק פֿון אוויִאַציע ס. זשאַוואָראָנקאָוו און געשטעלט אַן אויפֿגאַבע: לויטן באַפֿעל פֿונעם פֿאַרשטייער פֿון דער סטאַווקע פֿון דער אויבער־קאָמאַנדירשאַפֿט, דעם פֿאָלקס־קאָמיסאַר פֿון די מיליטערישע יאַם־קרעפֿטן אַדמיראַל נ. קוזנעצאָוו שטייט פֿאַר די אוויִאַטאָרן דערלאַנגען א טאָרפּעדן־קלאַפּ איבער די שיפֿן און איבער דעם האַפֿן קאָנסטאַנצאַ. פֿליִען איז באַפֿוילן באַטאָג, אָן דער באַגלייטונג פֿון פֿאַרניכטלער.

אַלס פֿירנדיקער איז געווען באַשטימט דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם פּאָלק־קאָמאַנדיר, קאַוואַלער פֿון צוויי אָרדענס פֿון דער רויטער פֿאָן פּאָלקאָווניק שיאַ בידזינאַשווילי. שטורמאַן פֿונעם פֿירנדיקן טאָרפּעדנטרעגער — דער קאַפּיטאַן שיקע קאַרדאַנסקי, אויך א קאַוואַלער פֿון צוויי אָרדענס פֿון דער רויטער פֿאָן, דער ראַדיסט א. קוזנעצאָוו און דער שיסער פּ. באַראַדין — אַזאַ איז געווען דער עקיפּאַזש פֿונעם פֿירנדיקן טאָרפּעדנטרעגער.

דינסטיק דעם 28 סענטיאַבער 1943 האָט די גרופּע טאָרפּעדנטרעגער בעראָש מיטן פּאָלקאָווניק בידזינאַשווילי זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם אַעראָדראָם און גענומען דעם קורס אין יאַם אַרײַן, צו די רומענישע ברעגן. יעדער אַעראָפּלאַן האָט געהאַט צו אײן טאָרפּעדע אָנשטאָט צוויי, ווײַל אָף דורכמאַכן דעם וועג פֿון 800 קילאָמעטער האָט מען געדאַרפֿט שפּאָרן בענזין. קעדיי דער קעגנער זאָל ניט אויפֿדעקן די טאָרפּעדנטרעגער, איז די גרופּע א שטיקל צײַט געפֿליגן אָף די מיטעלע הייכן, דערנאָך אַראָפּגענידערט ביז 100 מעטער. דער עקיפּאַזש האָט שטרענג אָפּגעהיט דאָס ראַדיאָ־שווײַגעניש. ניט געקוקט אָף די אָנגענומענע פֿאָרזיכטיקײַטן האָבן די היטלעראָווצעס באַגעגנט די גרופּע מיט א הוראַגאַן־פֿײַער פֿון זעניט־האַרמאַטן. דאָס האָט אָבער ניט אַראָפּגעשלאָגן די באָמבאַרדירער פֿונעם קורס. מאַנעווורירנדיק, האָבן די עקיפּאַזשן זיך דורכגעריסן דורכן געדיכטן פֿײַער און דערלאַנגט א טאָרפּעדן־קלאַפּ איבער די פֿײַנטלעכע שיפֿן. די ערשטע האָט זיך אָפּגעטיילט די טאָרפּעדע פֿון בידזינאַשווילי'ס אַעראָפּלאַן. ס'האָט אַראָפּגעוואָרפֿן די טאָרפּעדע דער שטורמאַן קאַרדאַנסקי. באַלד נאָכן אויפֿרײַס איז א טראַנספּאָרט פֿון 10 טויזנט טאָן אַוועק צום גרונט.

דער העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד וו. רוקאַוויצין, אַן אָנטיילנעמער פֿון אָט דעם אָנפֿאַל, דערמאָנט זיך: „נאָכן אַראָפּוואַרפֿן די טאָרפּעדעס האָבן מיר זיך דורכגעטראָגן איבער די שיפֿן, איבער דער שטאָט, נאָכדעם זיך אויסגעקערעוועט אָף צוריק. אין אָט דעם מאָמענט האָב איך דערהערט בידזינאַשווילי'ס קאָל: „דער עקיפּאַזש איז אומגעקומען. דער אַעראָפּלאַן ברענט. בלײַבט געזונט, כאַווייריםǃ" אוןווירקלעך, הינטער זײַן טאָרפּעדנטרעגער האָט זיך געצויגן א שוואַרצער רויך־שלייף. בייסן פֿאַרקערעווען אָף צוריק איז דער פּילאָט א שטיקל צײַט געפֿליגן איבערן יאַם, צוקלײַבנדיק, ווי עס ווײַזט אויס, דעם לעצטן ציל, דערנאָך פֿאַרקערעוועט אָף רעכטס און געריכטעט זײַן צווייִמאָטאָריקן אַעראָפּלאַן, אַן אַרומגעכאַפּטן מיט פֿײַער, צו דער אומגעגנט פֿון דער שטאָט. איך האָב א קוק געטאָן אין יענער ריכטונג און דערזען א סקלאַד מיט ברענשטאָף — פֿינף אָדער זעקס

בענזין־ציסטערנעס. עטלעכע סעקונדעס — און דאָרט האָט זיך דערהערט אַן אויפרײַס...״

דאָס איז געווען דער 106־טער טאַראַן, וועלכן ס׳איז באַגאַנגען אונדזער אוויִאַציע אין 1943. צום הײַנטיקן טאָג איז פעסטגעשטעלט, אַז בײַם דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע זײַנען באַגאַנגען געוואָרן 558 פײַערדיקע יאַבאַשע־טאַראַנען, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט 799 פּילאָטן, שטורמאַנס, ראַדיסטן און לופט־שיסער. פון זיי זײַנען לעבן געבליבן 17.

אין דער שטאָט וואָזנעסענסק איז געבוירן געוואָרן דעם 17 אָקטיאַבער 1915 אין אַ ייִדישער מישפּאָכע אונדזער העלד שיקע אבראַמאָוויטש קאָרדאָנסקי.

נאָך דער רעוואָליוציע איז קאָרדאָנסקיס געזינד אַריבערגעפאָרן קיין אָדעס.

דאָרט האָט ער זיך געלערנט אין אַ פאַבריק־זאַוואָדישער שול. אין 1932 איז ער אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע, געאַרבעט אַלס טאָקער אַף אַ זאַוואָד. אין 1935 קומט ער אָן אין דער יעיסקער שול פון יאַם־פּילאָטן, וועלכע ער האָט דערפאָלגרײַך פאַרענדיקט אין 1937.

פונעם ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע און ביזן העלדישן אומקום איז ער געווען אַפן פראָנט.

ש ל וי מ ע  וו ע ר כ אָ וו ס ק י,
מיטגליד פון דער קאָמיסיע
באַם סאָוועטישן קאָמיטעט פון מילכאָמע־וועטעראַנען
פאַר פאַרייביקן דעם אָנדענק
פון די אומגעקומענע שלאַכטלײַט

---

# ווידער וועגן דעם יאַפּאַנישן בײַטראָג אין ייִדיש

אין 12־טן העפט פון „יונגוואַלד״ פאַרן 1990 יאָר האָבן מיר שוין דערציילט וועגן דער געשיכטע און דעם איצטיקן אינהאַלט פון דער ייִדיש־טעטיקײַט אין יאַפּאָניע. ס׳ווײַזט זיך אַרויס, אַז די דאָזיקע טעמע אינטערעסירט ניט נאָר אונדז: די ניו־יאָרקער ייִדישע צײַטונג „פאָרווערטס״ האָט לעצטנס פאַרעפנטלעכט אַ נאָטיץ „יאַפּאַנעזישער סטודענט לערנט ייִדן אין ייִסראָעל רעדן ייִדיש״.

דער העלד פון דער נאָטיץ איז דער 27־יאָריקער טסוגאַיאַ סאַראַקי, וואָס איז אַ סטודענט פון דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין יערושאָלאַיִם. ער לערנט ייִדיש מיט אַ גרופּע פון 15 טאַלמידים אין דעם פרײַען אוניווערסיטעט פון רעכאָוואָט. די גרופּע האָט יעדן פרײַטיק אַ לעקציע מיט זייער יאַפּאַנישן לערער.

ווי אַ ספּעציִאַליסט פון אַראַביש, האָט סאַראַקי באַקומען אַ דיפּלאָם „באַקאַלאַוור פון קונסט״ אין אוניווערסיטעט פון אָסאַקאַ. שפּעטער האָט ער פאָרגעזעצט זײַנע לינגוויסטישע שטודיעס אין קאַיאָטאָ.

מיט צוויי יאָר צוריק איז סאַראַקי געקומען קיין ייִסראָעל, וווּ ער שטודירט ייִדיש אַלס סטיפּענדיִאַט פונעם ייִסראָעלדיקן אויסערן־מיניסטעריִום. זײַן צימער אין קאַמפּוס פונעם העברעיִשן אוניווערסיטעט איז פול מיט ייִדישע ביכער. אַף דער טיר הענגט אַן אויפשריפט: „איך האָב ליב ייִדיש״. ער זאָגט: „יעדעס מאָל, ווען איך קום אין י.־ל. פּרעץ־פאַרלאַג, בין איך דאָרט דער איינציקער קליִענט...״

אים אַרט שטאַרק, וואָס ייִדיש מאַכט אַדורך שווערע צײַטן, און ער וויל העלפן ראַטעווען אונדזער מאַמע־לאָשן. ער ניצט אויס יעדע געלעגנהייט צו רעדן ייִדיש. דערבײַ דערציילט ער אַזאַ קוריאָז: איינמאָל האָט ער גערעדט ייִדיש מיט אַ וועכטער פונעם י.־ל. פּרעץ־פאַרלאַג. אַן אַראַבישער אַרבעטער האָט מיט שטוינונג געקוקט אַף זיי, און ווען סאַראַקי איז אַוועק, האָט דער אַראַבער זיך געווענדט צום וועכטער: „איך האָב ניט געוווּסט, אַז דו רעדסט אַזוי פליסיק יאַפּאַניש...״

איינער פון סאַראַקיס ייִדישע טאַלמידים האַלט, אַז דער לערער רעדט ייִדיש פּונקט ווי דעם טאַלמידס עלטערן, פּוילישע ייִדן — מיטן כאַראַקטערישן פּויליש־ייִדישן אַקצענט.

ארן ווערגעליס

# מיניאַטורן

## ייִדן

מיר זוכן ניט פאר זיך קיין אָנהייב און קיין סאָף,
בא אונדז אונטער די פיס עפּאָכעס אלטע שווינדלען,
מיר זײַנען ווידער דאָ, געקריוודעטע דאָסראָוו,
ווען קומען וועט די צײַט — מיר וועלן נאָכאמאָל פארשווינדן.

נאָר ווידער וועלן קלאפּן אײַנגעשפּארטע טריט,
יאָרטויזנטער זיך וועלן קניפּן און זיך בינדן.
ס'וועט דויערן דאָס לעבן צווישן יאָ און ניט,
און קומען וועט די צײַט — מיר וועלן נאָכאמאָל פארשווינדן.

## נאָכן טויט

ס'איז טויט דער טויטער. אָבער מיטאמאָל
אין אים האָט עפּעס שלוכצעדיק געקלונגען.
דאָס פּרווּט ער אויסשפּײַען די רעשטלעך פון זײַן קאָל,
נאָר ס'רײַסט ארויס די לופט זיך פון די לונגען.

## וועסנע

עס ווערן די פארנאכטן שיטערער און בלאסער,
זיי מאכן צו די אויגן בא דער מאָרגן־שײַן.
דער דעמב האָט זיך צעבלעטערט פריִער פארן יאסען —
א סימען, אז קיין הייסער זומער וועט ניט זײַן.

## הינטער פארמאכטע טירן

אפילע דײַן אלטינקע מאמע... הײַנט צניִעסדיק־קאָשער זי איז,
נאָר דעמלט געכאָלעמט זי האָט, עס זאָל קומען דער שעד און פארפירן,
געהאלטן פארבאָרגן די קליינינקע זינד, דעם געהיימען קאפּריז, —
אין שטוב וועגן דעם מ'האָט געשושקעט זיך הינטער פארמאכטע טירן.

## א גאַנצע מילכאָמע ניט געווען אינדערהיים

יאָ, ליב איז דער שטריב אף די וועגן,
ס׳ליגט אונטער די פיס ניט קיין שטיין.
אז כ׳זאָל גיכער פון דער היים אוועקגיין,
געוואָלט האָט די מאַמע אַליין.

ניט רעד וועגן טעג אומגעלזומפּערטע,
ווען כ׳האָב בא דער שוועל זיך פאַרפעלט.
אז אהיים כ׳זאָל זיך גיכער אומקערן,
געוואָלט האָט די גאַנצע וועלט.

## אַפּרעל

ס׳וועט באַלד דאָס לעצטע פראָסטל נעמען —
זע, די טשעריאָמוכע שוין בליט,
די קליאָנען און בערעזעס ברענען,
דער זומער אָבער ברענט נאָך ניט.

## סיביר

מײַנע ליפּן — אין שניי, דײַנע באַקן — מיט פראָסט,
און עס בלאָזט דער זאַווײַ. אוי, סיביר אף אונדז בלאָזט!
מיטן פראָסט איז דער קוש, ווען די באַק איז צעפלאַמט,
ווי א שפּור פונעם באָרוועסן פוס אף דעם זאַמד.

## א קאַריערע אף דער מילכאָמע

געווען פאַרטאָג קאָמאַנדיר פון א ווזוואָד,
באַטאָג מיט א ראָטע קאָמאַנדעוועט האָט,
באַקומען א פּאָלק אַפדערנאַכט פאַרן שלאָפן,
א קויל האָט באַנאַכט אים אין האַרצן געטראָפן.

## וואָרקוטאַ. מע גייט אף דער אַרבעט

גאַנץ וואָרקוטאַ גייט דורך די זאָנע,
באַגלייט מיט הינטישן געוואָי:
א האַלבע שטאָט — אין דער קאָלאָנע
און נאָך א האַלבע — אין קאָנוואָי...

## שלאָפלאָזיקייט

כ׳ליג אינעם פעלד אף דער סטערטע היי.
לענגער די נאַכט, דער מעסלעס איז קלענער.
קאַליע געוואָרן אין דערפל די הענער.
שיקער-לאָס אונדזער סטרוזש טימאָפיי.

## איך דארף ניט קיין גאניידן

יאָ, אין דײַן סאָד איך רײַס גאניידן־עפּעלעך, ניט ערגערס,
און דאָך אנטלויף איך פונעם סאָד און לעב אין ערגעץ —
ניט ווײַל גאניידן האָט סײַ פרייד, סײַ ליידן,
נאָר ווײַל מיט דיר איך דארף ניט קיין גאניידן.

## „אוי"...

אין פּאָלקישן אַוואר,
פון שפּראַכן אין ערעוו
געוועזן א שעם־דאָוואַר,
דעם ייִדנס שעדעווער;
אויך הײַנט ברענגט ער רעווער
אַף שאבעס מײַן פרוי —
דער קלײנער שעדעווער,
דער ייִדישער „אוי"...

## צווישן ייִדן

פונוואַנען אזא ראַש? —
ניטאָ קיין ייִדן שוין,
און הערט נאָר, סאַראַ טומל,
עס שפּאַלט פון טויטע ייִדן זיך דער הימל!

## פּאַרוואָס...

— באַנאַכט מײַן רויב איך נעם
אַמשנעלסטן און אַמלײַכטסטן.
— דער מעדרעש זאָגט אַף דעם:
לעוואָנע, פּאַרוואָס לײַכטסטו?

— באַטאָג די שײַן מיר העלפט,
עס מערן זיך די שאַנסן
פאַר קלאָוים און פאַר וועלף.
— אָ זון, אָ זון! וואָס שײַנסטו?

## צו א פרוי, מיט וועלכער כ'האָב זיך קיינמאָל ניט באַגעגנט

איך הער מיט פרעמדן אויער דײַנע רייד,
איך זע מיט אויג מיט פרעמדן דײַנע שמייכלען,
נאָר גלײַך פון האַרץ פון דײַנעם, גאַנצערהייט,
שווימט אַפ צו מיר אַן שטערונגען א צייכן.

## וויאזוי עס פירט זיך בא די פיש

וועו אראָפּ איז די צאַם
(אלפּי נעס און ביטניַי),
דאַן האָבן די פיש פונעם שווארצן יאם
עמיגרירט קיין טערקיַי.

נאָר אָדעס בלײַבט אָדעס,
גרייט מען ווידער צום טיש.
ס'הערט זיך א בעטנדיק קאָל, אָבער פעסט:
— שווימט צוריק, ליבע פיש...

## די טויב

ווי אלע, וואָס נייער געגעבן
האָט זיי אינעם קאסטן אַן אָרט,
די טויב איז געווען מיטן לעבן
געקניפּט און געבונדן. און דאָך
(דערפאַר איר נעשאָמע איז קאָשער)
געלאָזט זיך אף קידעש־האשעם
און אָפּגעזוכט די יאבאָשע,
און גרויס אין דער וועלט איז איר שעם.

## די נאַטור

נעם אראָפּ א מאָס זיך פון די זאנגען,
וואָס פון שעפע נייגן זיי אראָפּ די קעפּ.
עס געפעלט מיר, ווען דו פילסט זיך ווי א קראנקע
פון די פולע בריסט און פון די שווערע צעפּ.

## ארויסגיין — אריַינגיין

איך בעט איַיך ארויסגיין פון ליכטיקן טאָג, ווו די מענטשן זיך שטויסן.
איך בעט איַיך אריַינגיין צו מיר אין געראַמען באַנאַכטיקן דרויסן.

## צו א דיכטער

עס טויג מיר ניט, זאָלסט זיַין מיַין כאָסיד
און איַינבייגן פאר מיר דעם קאָפּ.
דו נעם בא מיר א גמילאס־כעסעד,
און גיב צוריק מיר גאָרניט אָפּ.

## צו דער געליבטער

דו מיַין ווונדער־שעביוווּנדער,
מיַין אשירעס און מיַין נײט,
ביסט מיט מיר צונויפגעבונדן
ווי מיַין לעבן מיט מיַין טויט.

## וועלט-פּאָליטיק

געלייגט אין איי עס האָט די הון
פונקט דאַן, ווען ס'האָט ריבוינע-אוילעם
געלייגט אין הימל-רוים די זון
און איך — א פּאָר געדאַנקען ווילע:
אַז הינער ווערן קאַרגער הײַנט,
זיי וואַרפן זיך ניט מיט קיין אייער,
אויך זון ווערט זעלטענער, מיר שײַנט,
און גאָט אין הימל — כּיטרע זייער.

## די שטראָף פאַר פּאַרויסזען די צוקונפט

אין ענגלישן פּאַרלאַמענט קומען פאַר דע־באַטן וועגן אָפּשאַפן א געזעץ פונעם 1677 יאָר, לויט וועלכן יעדער איינער, וואָס פּרוּווט פּאָרויסזען די צוקונפט, ווערט פאַרורטיילט צום פאַרברענט ווערן לעבעדי־קערהייט.

(פון די צײַטונגען)

ווײַזט אויס, אַז אָפּשאַפן מע וועט שוין דעם געזעץ,
נאָר שיידים ווייסן זיי, די לאָרדן מיט די דעפּוטאַטן:
זיי קאָנען אים נאָך אויספּרוּוון אויף מיר צולעצט
פאַר דעם, וואָס כ'זאָג פאָרויס דעם סאָף פון די דעבאַטן...

## בלוט

באַם בלוט וועל איך יוישער פאָדערן.
ניט ענלעך עס זײַנען, כ'ווייס גוט,
דאָס בלוט, וואָס עס פליסט אין די אָדערן,
און ס'בלוט, וואָס מע רופט בייז בלוט.

## ניין!

מיט קאַלטן לונג-און-לעבער, ווי עס איז דער שטייגער,
דו האָסט געזאָגט אַזוינס, וואָס כ'קאָן עס ניט פאַרשטיין:
„די מאַלפּע איז געשטאָרבן און דער לייב — געפּייגערט..."
ניין און ניין און ניין!

## דעם מענטשנס לעבן

דײַן לעבן, אָ מענטש, איז א סאַגע,
א מײַסע, א מיף און א סקאַז.
באַם סאָף שטעלט אַוועק זיך די פראַגע:
— א רעטעניש איז עס? א שפּאַס?

## א וואָרט צום אוילעם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט ארום דעם יאָמטעוודיקן טיש

כ׳בין אריַן אינעם יאָמטעוו געשמאַק,
ווי די ציין אין דעם עפּל,
כ׳וועל פונדאַנען ארויס מיט א קנאַק.
נאָר איר זאָלט מיך ניט שלעפּן, —
ווי מע שלעפּט פון א שיקערער פלאַש,
ווען דער וויַן איז שוין קאַכיק,
מיט באַרימעריַ, מיט קוראַזש
א האַרטנעקיקן קאָרעק.

## איַינגעהאַלטנקיַיט

דו פרעג מיך ניט, און גאָר,
איך וועל דיר גאָרניט זאָגן.
איך זאָג ניט, אז איך פאָר,
ביז כ׳זיץ ניט אין דעם וואָגן.

## דער בער אין געשטאַלט פון א מענטש

איך טראָג אין זיך א בינטל סודעס, וואָס אין גראָז דערציילט עס האָט מיר וועד-ניט-וועד —
די מוראַשקעס, וואָס רעדן דאָרטן לאָשן-האָרע אף דעם בער,
אַז, קלוימערשט, ס׳איז אין האָניק אויסגעשמירט זיַן מאָרדע,
און צוליב דעם, פאַרביַיגייענדיק, ער האָט א שטאָט מיט מוראַשקעס דערמאָרדעט.
(זיי ווייסן ניט, אז שעפּטשענדיק מיר אפן אויער שטילערהייט, געלאַסן,
א מענטשן, וואָס אין בערס כאַטאַים איז פאַרמישט, זיי מאַסערן...)

## מיַין אלעפבייס

דער ערשטער אין מיַין לעבן אָס
באַטיַיט האָט „וואָס?״, דערנאָך — „פאַרוואָס?״
דאָס איז געווען די צאַרטע קעלט,
בייס כ׳האָב באַרירט זיך מיט דער וועלט.
דער צווייטער אָס, וואָס כ׳האָב פאַרפירט,
געווען איז „זיי״, דערנאָכדעם „איר״.
דער דריטער אָס געווען איז „דו״,
„דו״, „דו״, „דו״, „דו״, „דו״, „דו״, „דו״, „דו״, „דו״.
איך שריַיב, מיַין פריַינט, און דו פאַרשטייסט,
וויַיל פּראָסט עס איז מיַין אלעפבייס.

רוון פוסטילניקאָוו

# די ייִדישע מאמע

(היסטאָרישע דערציילונג)

ווען פרומע האָט זיך נאָך לאַנגע מאַטערנישן דערקליבן קיין אָמסק, האָט זי דאָרט שוין געטראָפן פיל ייִדישע מישפּאָכעס — אָפּשטאַמיקע פון יענע, וועלכע האָבן דאָרט געדינט אין דער רוסישער אַרמיי גאַנצע פינף און צוואַנציק יאָר, געוועזענע קאַנטאָניסטן. ווער עס זײַנען געווען קאַנטאָניסטן, האָט פרומע געוווּסט: מע האָט געכאַפּט קליינע ייִדישע קינדער, זיי פאַרפירט אין די טיפע רוסישע גובערניעס, קיין סיביר, זיי געצוווּנגען זיך שמאַדן.

פרומע האָט אויך איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע אין איר שטעטעלע כמעלניק: איר ייִנגעלע געדאַליע — אים איז געגאַנגען דאָס זעקסטע יאָר — האָט מען בײַ איר צוגענומען מיט אַ סאַך יאָרן צוריק, און זי האָט ניט געוווּסט, וווּהין זײַן געביין איז אַהינגעקומען. טאָג נאָך טאָג, יאָר נאָך יאָר האָט זי געבעטן גאָט, ער זאָל אויף איר ראַכמאָנעס האָבן, איר אומקערן דעם זון, נאָר גאָט האָט ניט געהערט איר באַקאָשע. און ווען זי איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר און דער מאַן איז געשטאָרבן, האָט זי פאַרקויפט די שטוב, דאָס ביסעלע צירונג און זיך געלאָזט אין וועג — זוכן איר קינד. דעם קאַדיש אירן.

— באַרעכן זיך גוט, פרומע, — האָבן איר געראַטן מענטשן, — סיביר איז ווײַט, און די קעלטן, וואָס שטייען דאָרט, וועסטו ניט אויסהאַלטן!

נאָר פרומע האָט געטײַנעט:

— ווײַט — ניט ווײַט, שנייען און פרעסט, דאָס ווייס איך, אָבער סײַוויסײַ קאָן איך שוין מער ניט לעבן.

דער כמעלניקער קאַזיאָנער ראַבינער, וועלכער האָט געפירט דעם כעזשבן פון די קינדער, וואָס מע האָט אָפּגעשיקט דינען אין דער אַרמיי, האָט זיך דערבאַרעמט איבער דער אומגליקלעכער מוטער, זיך דערשלאָגן באַם אוריאַדניק, מע זאָל פרומען אַרויסגעבן אַ פּאַפּיר, אַז איר זון איז אַ קאַנטאָניסט און מע דאַרף איר העלפן אין אירע זוכענישן.

גאַנץ כמעלניק איז אַרויס באַגלייטן פרומען אין איר שווערן וועג. פרומע האָט געהאַט אַ שעם פון דער בעסטער סאַרווערן אין שטעטל, און קיין איין כאַסענע, קיין איין סימכע איז מען זיך אָן איר ניט באַגאַנגען. פון אירע לעקעכן און פלאָדנס, פון אירע שטרודלען און קניש־ברויטן האָט מען געלעקט די פינגער, אירע גאָלדענע יויכן מיט מאַנדעלעך, אירע קוגלען האָבן ניט געהאַט צו זיך קיין גלײַכן ניט בלויז אין כמעלניק, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך. האָט מען זי טאַקע באַגלייט מיט גרויס כשיוועס, איר צוגעווינטשעוועט, זי זאָל זײַן מאַצליַעך און געפינען איר זון.

— גאָט איז א פּאַטער, — האָט פרומע געוויינט, — איך וויל גלייבן, אז איך וועל, מירצעשעם, אָפּזוכן מײַן געדאַליען, אים ברענגען אהער, און איר וועט נאָך טאַנצן אויף זײַן כאַסענע.

דער אוריאַדניק האָט איר, אַרויסגעבנדיק דעם פּאַפּיר, אויך געווונטשן א גליקלעכן וועג, ביפראַט נאָך, וואָס מע האָט אים מעכאַבעד געוועזן מיט א גוט גלעזל מאַשקע. קייסער!

— איר מעגט, פרומע, שטאָלצירן מיט אײַער זון, וואָס ער דינט געטרײַ דעם נאָכן צווייטן גלעזל האָט ער צוגעגעבן:

— ביכלאַל האָב איך אײַך, ייִדעלעך, ליב, איר האָט שוין ניט איין מאָל דערוויזן אז איר זײַט פעיִק צו פאַרטיידיקן אונדזער פאָטערלאַנד פון קאַלערליי סאָנים.

אין שטעטל האָט מען גערעדט, אז ווען ס'האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען, אז מע וועט אַרויסשיקן אַלע ייִדן פון רוסלאַנד, זאָל ער האָבן א זאָג געטאָן:

— ניין, אַזוינס קאָן ניט זײַן.

— פאַרוואָס? — האָט מען אים געפרעגט.

— רוסלאַנד אָן ייִדן קאָן זיך ניט באַגיין, ווײַל טאָמער איז עפּעס שלעכט, מוז מען דאָך אויף עמעצן אַרופלייגן די שולד, און איר, ייִדן, זײַט שטענדיק אונטער דער האַנט...

צי האָט ער דאָס געזאָגט ערנסט, צי געשפּאַסט, נאָר מע זאָגט דאָך: וואָס בא א ניכטערן אויף דער לונג, איז בא א שיקערן אויף דער צונג, און קיין ניכטערן האָט מען דעם אוריאַדניק נאָך קיינמאָל ניט געזען.

האַקלאַל, פרומע האָט זיך דערקליבן בעשאָלעם קיין אַמסק, אין סאַמע האַרץ פון סיביר.

די אַמסקער ייִדן האָבן זי אויפגענומען גאַנץ פרײַנטלעך, באַזעצט אין א באַלעבאַטי־שער שטוב. מע האָט מיט גרויס אינטערעס געהערט אירע געשיכטעס, ווי־אַזוי עס לעבן די ייִדן פון וואָלין און פּאָדאָליע, וואָס פאַר א גזיירעס האָבן זיי אויסצושטיין.

— א שלייף איז שטענדיק פאַרוואָרפן אויף אונדזער האַלדז, — האָט זי דערציילט, — מיר ווערן דערשטיקט אין אָרעמקײַט און לייד... ניט צו פאַרגלײַכן מיטן לעבן פון אײַך, סיבירער ייִדן. איר פילט זיך דאָ פרײַ, פאַרהיט אונדזער עמונע, די זיטן, דאָס מאַמע־לאָשן — וואָס זשע דאַרף מען מער? אָן פאַרנאָסע, ווי איך זע, האָט איר אויך. ווער עס האַנדלט מיט וואַלד, ווער — מיט פוטערוואַרג, ווער מיט פּי... איך טראַכט אפילע, אז ווען גאָט וועט מיר העלפן און איך וועל געפינען דאָ מײַן זון, וועל איך אים קיין כמעלניק ניט רופן, זאָל ער שוין בעסער בלײַבן דאָ...

פרומע האָט זיך דערוווּסט, אז די אָרטיקע ייִדן האָבן געפונען א וועג צו די גענע־ראַלן, פאַרשטייט זיך, ניט אָן געלט, מע זאָל לאָזן די ייִדישע סאָלדאַטן ניט פאַרגעסן זייער גלויבן און זיך ניט שמאַדן. דאָס איז געוועזן ניט אָן א ציל: אויסגעדינטע קאַנטאָניסטן האָט מען געקאָנט כאַסענע מאַכן מיט די אַמסקער מיידלעך, און בא קיינעם פון די כאַסאַנים האָט מען דעם ייִכעס ניט געפרעגט — אַבי זיי זאָלן זײַן לײַטישע מענטשן.

פרומע האָט, פאַרשטייט זיך, גלײַך גענומען זוכן דעם זון אירן. מענטשן האָבן איר געהאָלפן — מע האָט געהאַלטן אין איין דורכקוקן די צעטלען פון יענע, וועלכע דינען נאָך אין דער אַרמיי, און אויך פון די, וועלכע האָבן שוין אָפּגעדינט. ניין, א סאָלדאַט מיטן נאָמען געדאַליע גרינבערג האָט זיך אין ערגעץ ניט גערעכנט.

אין אַמסק, האָט פרומע זיך דערוווּסט, איז פאַראַן אַזא הויז, וווּהין ייִדישע סאָלדאַטן קומען זיך צונויף דעריקער ניט צוליב פאַרברענגען די צײַט, נאָר צוליב זײַן אין דער גע־זעלשאַפט פון היימישע מענטשן און טאַקע ניט צו פאַרגעסן, אז מע איז א ייִד. דער באַ־לעבאָס פון דער שטוב איז געוועזן שימען רויזמאַן, אַן אויסגעדינטער קאַנטאָניסט. און אין איינעם א שאַבעס איז פרומע געקומען אהין. דאָס, וואָס זי האָט דערזען, האָט איר גלײַך דערמאָנט דאָס אייגענע שטעטל, דעם בעסמעדרעש, ווו יונגעלײַט זיצן און לערנען טוירע. בא רויזמאַנען אין גרויסן צימער זײַנען בא א טיש געזעסן באָכערים מיט יאַרמעלקעס אויף

די קעפּ, געהאַלטן אין די הענט ספּאָרים און אַרײַנגעקוקט אין זיי. איבער די סאָלדאַטישע מונדירן זייערע זײַנען אָנגעטאָן אַרבעקאַנפֿעס.

פֿרומען האָט מען געמאַכט אַן אָרט, און זי איז געזעסן שטיל, ווי אַנדערע ווײַבלעך און מיידלעך. דערנאָך האָט שימען געדאַווענט, ווי אַ כאַזן, און די יונגעלײַט האָבן אים נאָכ־געזאָגט, ווי מעשוירערים. ווען ער האָט פֿאַרענדיקט, האָט ער פּלוצעם דערזען פֿרומען און איז צוגעגאַנגען צו איר:

— ווער זײַט איר און וואָס האָט אײַך געבראַכט צו מיר? — האָט ער געפֿרעגט.

פֿרומע האָט זיך ניט פֿאַרלוירן.

— ערשטנס, וויל איך אײַך אַלעמען זאָגן אַ גוט־שאַבעס, — האָט זי געזאָגט.

און אַלע האָבן איר געענטפֿערט:

— אַ גוט־שאַבעס!

— און איצט, — האָט זי פֿאָרגעזעצט, — וויל איך אײַך זאָגן, וואָס עס האָט מיך געבראַכט אַהער, צו אײַך קיין סיביר. איך זוך מײַן זון. ער דינט דאָ אין דער אַרמיי, אַ קאַנטאָניסט איז ער...

פֿרומע האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר אַלע יונגע קאַנטאָניסטן, וועלכע זײַנען געווען אין שטוב, האָבן פּלוצעם זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר, זי אַרומגענומען, אָנגעהויבן קושן, און יעדער פֿון זיי האָט געשריִען:

— מאַמע, מאַמע, איך בין דײַן זון!..

פֿרומע האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ געפֿילן עס האָבן אַרומגעכאַפּט די יונגע קאַנ־טאָניסטן. זי האָט יעדן פֿון זיי אַרומגענומען, געצערטלט:

— יאָ, קינדער מײַנע, איך בין אײַער מאַמע... גאָט אַליין האָט מיך צו אײַך גע־בראַכט, ער האָט מיך באַלוינט פֿאַרן שווערן וועג, וואָס איך האָב געמאַכט, קוים אַ לע־בעדיקע אַרויס...

אין געדאַנק האָט זי איבערגעקליבן אַלע זעקס קאַנטאָניסטן, וועלכע זײַנען געווען אין שטוב: עפּשער איז טאַקע איינער פֿון זיי איר גדאַליע?

— מיך רופֿט מען צאַדיק, — האָט זיך אָפּגערופֿן דער ערשטער.

— און מיך רופֿט מען יוינע, — האָט געזאָגט אַ צווייטער.

און אַזוי האָבן אַלע אָנגערופֿן זייערע נעמען:

— שלוימע...

— סימכע...

— גידאָן, — האָט דער לעצטער געזאָגט. — און ווען איך וועל זיך באַפֿרײַען פֿון דער דינסט, וועל איך פֿאָרן מיט דיר אַהיים... כ׳האָב זיך שוין אַזוי פֿאַרבענקט נאָך דער היים!..

— מאַמע, דאָס איז אונדזער פּאָעט, זײַנע לידער טרייסטן אונדז, — האָט געזאָגט צאַדיק.

פֿרומע האָט געשמייכלט:

— איך גלייב, קינדער מײַנע, אַז איר האָט אײַער היים ניט פֿאַרגעסן. איר האָט געוווּסט, אַז אויף יעדערן פֿון אײַך וואַרט אַ מאַמע. און אויך אויף דיר, גידאָן.

— מיר וועלן דיר אָפּזוכן דײַן אייגענעם זון, מאַמע, — האָט איינער איבערגעשריִען דעם אַנדערן.

— ניין, ניין, — האָט פֿרומע טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ, — אַלע זײַט איר מײַנע אייגענע קינדער...

זי האָט ניט געקאָנט זיי זאָגן, אַז צווישן די זעקס קאַנטאָניסטן איז איר אייגענער זון ניטאָ. זי האָט באַקוקט די מיידלעך, וועלכע זײַנען שעמעוודיק געזעסן און זיך וועגן עפּעס געשעפּטשעט איינע מיט דער אַנדערער. דאָס זײַנען אַלע געווען קינפּטיקע קאַלעס פֿאַר די באָכערים. זייערע טאַטעס, אויך געוועזענע קאַנטאָניסטן, האָבן אַלץ געטאָן, מע זאָל די באָכערים ניט שמאַדן. אַהער קומט מען פֿאַרברענגען די צײַט, די מיידלעך זײַנען מעכא־

בעד די באַכערים מיט געבעקס, וואָס זיי אַליין באַקן. אָט אַזוי פאַרבינדט זיך א פּריוואַט־שאַפט, וואָס פון איר קאָן שפּעטער אויסוואַקסן א ליבע.

עס איז געווען נאָך איין אָרט אָף צו באַגעגענען זיך — באַם קלויסטער. אַלע זונטיק, ווען די רוסישע סאָלדאַטן גייען אַרײַן אין קלויסטער, בלײַבן די ייִדישע סאָלדאַטן אין דרויסן — היטן די ביקסן פון זייערע קריסטלעכע כאַווערים. קומען אַהער אויך די ייִדישע מיידלעך, און מע קאָן זיך איבערוואַרפן מיט א וואָרט, מיט א שמייכל איינער צום אַנדערן. קימאַט יעדער ייִדישער קאַנטאָניסט האָט שוין זײַן קאַלע, און מע האָט וועגן וואָס צו טרוימען.

פרומע האָט פאַרגעלייגט:

— כאַסן־קאַלע, נעמט זיך פאַר די הענט, איך וועל אײַך בענטשן לויטן ייִדישן שטייגער.

פינף פאָרלעך האָבן זיך גענומען פאַר די הענט, איין גידאָן איז געזעסן אָן א קאַלע. פרומען האָט עס פאַרכידעשט.

— וואָס זשע, גידאָן, האָסט ניט געקאָנט אויסקלײַבן דײַן זיווע?

— ניין, — האָט ער געענטפערט, — ניט אין דעם גייט עס... איך וויל ניט בלײַבן אין סיביר, איך וויל אַהיים... יאָ, אַהיים, כאָטש איך ווייס נאָך ניט, ווו זי איז, מײַן היים, ערגעץ ווײַט פונדאַנען, אין טכום־האַמוישעוו, אין דער טשערטאַ, עפּשער וועל איך קאָנען מיט עפּעס־וואָס, ווי אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, העלפן מײַנע אומגליקלעכע ברידער...

שימען, דער באַלעבאָס פון דער שטוב, האָט פאַרענדיקט דאַווענען. אויסגעטאָן דעם טאַלעס, איז ער צוגעגאַנגען צו גידאָנען, אים אַרומגענומען:

— דו וועסט אומבאַדינגט דערגרייכן דײַן ציל, קינד מײַנס!

אינמיטן די רייד איז אַרײַנגעקומען שימענס טאָכטער מיט א בילד אין די הענט.

— אָט דאָס איז מײַן ציליע, — האָט שימען געזאָגט צו פרומען, — זי איז א קינסט־לערן, די גאַנצע סיבירער נאַטור קומט אָף אירע בילדער צו אונדז אין שטוב אַרײַן...

— יאָ, — האָט, קוקנדיק אָף ציליעס בילד, געזאָגט פרומע, — אַזאַ שיינקײַט! אָט דער טײַך, דיביימער באַם ברעג, אַפילע די זשאַבעס און די פייגל דערמאָנען מיר מײַן היים, דאָרט איז אויך אַזאַ שיינקײַט...

— פון איין זאַך אָבער האָב איך צאָרעס, — האָט א זיפץ געטאָן שימען, — ס׳איז דאָך הײַנט שאַבעס, און שאַבעס דאַרף מען רוען, און מײַן טאָכטערקע לאָזט ניט דורך קיין איין טאָג, אַפילע שאַבעס מאָלט זי...

פרומע האָט מיט ליבשאַפט געקוקט אָף ציליען.

— ניין, רעב שימען, — האָט זי באַמערקט, — אײַער טאָכטער זינדיקט ניט, זי ברענגט מיט איר מאָלן פרייד אין אַלע הערצער, און דאָס איז א מיצווע־זאַך, און צוליב א מיצווע, זאָגט מען, מעג מען אַפילע טאָן אַן אַווירע.

אין געשפּרעך האָט זיך אַרײַנגעמישט ציפּע, צאַדיקס קאַלע.

— מומע פרומע, — האָט זי געפרעגט, — און קושן זיך מיט א באָכער מעג מען שאַבעס?

אין שטוב האָט אויסגעשאָסן א געלעכטער.

— בא אונדז אין כמעלניק, — האָט פרומע געזאָגט, — קושט מען זיך אונטער דער לעוואָנע, ווײַל א ליבע היט זיך פון א גוט־אויג... נאָר אָט הער איך, אַז די יונגע ווילן א ביסל זיך דורכשפּאַצירן אין סאָד. איך מיין, אַז מע דאַרף... דערלויבן, רעב שימען...

— זאָלן זיי שפּאַצירן, — האָט געענטפערט שימען, — אָבער ניט פאַרגיין ווײַט, ווײַל אינגיכן דאַרף דער אָפיצער קומען נאָך זײַנע סאָלדאַטן, דאַרף מען זען, ער זאָל זיך ניט בייזערן.

מיט ראַש האָבן די קאַנטאָניסטן מיט די מיידלעך זיך א לאָז געטאָן פון די ערטער, און אין שטוב זײַנען געבליבן בלויז שימען און פרומע.

— קומט, פרומע, אין עסצימער, וועלן מיר עפּעס איבערכאַפּן, — האָט שימען צו

איר זיך געווענדט, — איך האָב אפילע א טראכט געטאָן, אז איר קאָנט דאָ ווערן די באַ־לעבאָסטע, איך בין דאָך געבליבן אַן אַלמען...
זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען, און דאָ זײַנען אין צימער אַרײַנגעגאַנגען גידאָן און ציליע.
— איז ווי געפעלט דיר מײַן נײַ בילד? — האָט זי אים אַרײַנגעקוקט אין די אויגן.
— א פּרעכטיק בילד, ציליע, דו ווייסט דאָך, ווי איך שאַץ טײַער דײַנע אַלע אַרבעטן...
— און מיך?
— וואָס זשע, דו צווייפלסט אין דעם?
— אויב אַזוי, פאַרוואָס זשע ווילסטו אַוועקוואַרפן אַלץ און זיך אומקערן ערגעץ אין דער טשערטאַ?
— ציליע, איך האָב דיר שוין ניט איין מאָל געזאָגט, אַז דאָרט וואַרטן אויף מיר טאַטע־מאַמע... יאָ, עס וועט מיר שווער זײַן צו פאַרלאָזן אײַער שטוב...
— נאָר די שטוב?
— כאַפּ מיך ניט פאַרן וואָרט, ציליע, דו ווייסט דאָך, אַז אָן דיר וועט מײַן לעבן קיין לעבן ניט זײַן...
— פאַרוואָס זשע ווילסטו מיט מיר זיך צעשיידן?
— איך וויל, דו זאָלסט מיך פאַרשטיין, ציליע. די בענקשאַפט לאָזט מיך ניט צורו. איך בענק נאָכן קלאַנג פונעם שמידס האַמער, נאָכן קלינגענדיקן קעלכל פונעם בלעך, ווען דער בלעכער קלאַפּט מיט זײַן העמערל, פּונקט ווי פינגער אויף די קלאַווישן פון דער פּיאַנע. און מיט וואָס פאַר א שפּילנדיקן ריטם קלאַפּט דער באַנדער די רייפן אויף דער פאַס. און די גלעקלעך אויף די פערד, ווען דער באַלעגאָלע דיריזשירט מיט זײַן בײַטש — ס'איז דאָך א גאַנצע סימפאָניע, פאָעזיע פון באַלמעלאָכישער מי...
גידאָן האָט גערעדט, זשעסטיקולירט מיט די הענט, מיט די פינגער, ווי ער אַליין וואָלט געווען סײַ דער שמיד, סײַ דער בלעכער, סײַ דער באַנדער, סײַ דער באַלעגאָלע. ציליע האָט געקוקט אויף אים פאַרגאַפט, און זי האָט ניט געקאָנט זיך אײַנהאַלטן:
— דו האָסט מיר פאַרגעשטעלט די שיינקײַט פון דײַן היים, אַז איך בין גרייט זיך לאָזן אין וועג אַרײַן מיט דיר...
נאָר גידאָן האָט זי אָפּגעשטעלט:
— ניין, דײַן טאַטע האָט ניט פאַרדינט, ער זאָל האָבן יסורים דערפון, וואָס איך וויל אַוועקפירן פון אים זײַן טאָכטער. דו דאַרפסט דערצו פאַרשטיין, אַז פאַר דיר וועט דאָס ייִדישע שטעטעלע, דאָס שטעטעלע פון מײַן געבורט, זײַן אין פאַרגלײַך מיט דײַן סיבירער היים פּאַשעט א געגנעם. מענטשן לעבן דאָך דאָרט אין איינע שרעק פאַרן מאָרגנ־דיקן טאָג — אָט קאָן פּלוצעם אויסברעכן א פּאָגראָם, אָט קאָן א נײַע גזירה קומען אויף ייִדן. הײַנט דאָס ביטערע לעבן אַליין. די מאַמעס שטייען בא די אויוונס, בלאָזן אַרויס פון זיך די נעשאָמעס בא די טרינישקעס, קעדיי אָפּקאָכן א טעפּל קאַרטאָפל. דאָס נאַסע האָלץ וויל ניט ברענען — דאַרף מען בלאָזן און בלאָזן. און שלאָפן שלאָפט מען ניט אויף פּעדערן, נאָר אויף שטרוי, און אָפטמאָל דאַרף מען מיט אָט דעם שטרוי אײַנהייצן די הרובעס... ניין, איך טאָר דיך אַהין ניט פירן...
גידאָן האָט נאָך עפּעס געוואָלט דערציילן, נאָר דאָ איז אַרײַנגעקומען דער אָפיצער גרי־גאָרי פּעטראָוויטש, וועלכער פירט אַלע שאַבעס צו שימענען די סאָלדאַטן זײַנע און פירט זיי צוריק אין דער קאַזאַרמע:
— א גוט־שאַבעס אײַך, מאַדמואַזעל ציליע! עפּעס זע איך דאָ ניט מײַנע סאָלדאַטן!
ציליע האָט אים באַרויִקט:
— אַנטשולדיקט, הער אָפיצער, אָט באַלד וועל איך זיי אַרײַנרופן, זיי שפּאַצירן אין סאָד.
— ניין, מע דאַרף ניט, זאָלן זיי נאָך א ביסל פאַרברענגען.
— א דאַנק, הער אָפיצער! — האָט געזאָגט גידאָן און איז אַרויסגעלאָפן.

דער אַפּיצער איז געבליבן מיט צילִיען.

עטלעכע מינוט איז ער געזעסן שווײַגנדיק, דערנאָך געזאָגט:

— אַנטשולדיקט מיך, מאַדמואַזעל צילִיע סעמיאָנאָוונע, נאָר איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווו זײַט איר אײַנדערפרי געווען, ווען איך האָב געבראַכט מײַנע סאָלדאַטן אַהער, זיי זאָלן קאָנען פּראַווען שאַבעס צווישן אייגענע? עפּעס האָב איך אײַך ניט געזען אין שטוב...

— וואָס זשע, הער אַפּיצער, — האָט צילִיע קאָקעטיש געפרעגט, — איר האָט זיך פאַרבענקט נאָך מיר?

— איר האָט טאַקע געטראָפן, צילִיע סעמיאָנאָחנע... אויב איר ווילט וויסן, צייל איך אַלעמאָל די טעג פון דער וואָך און קאָן זיך ניט דערוואַרטן ביז שאַבעס. דאָס ברענגט דאָך ניט בלויז אַ ביסל פרייד פאַר די סאָלדאַטן מײַנע, אויך מיך פרייט עס. ווען איך קום אַרײַן צו אײַך אין דער הייליקער שטוב, הייבט בא מיר אָן דאָס האַרץ אַלץ אָפּטער קלאַפּן, און אַלעמאָל האָב איך אַזאַ געפיל, אַז איך בעט בא אײַער גאָט, ער זאָל מיר פאַרגעבן מײַנע זינד...

צילִיע האָט זיך פאַרטראַכט און געפרעגט גאַנץ ערנסט:

— איך פאַרשטיי ניט, מיט וואָס האָט איר זיך געקאָנט פאַרזינדיקן קעגן מײַן גאָט?

גריגאָרי פּעטראָוויטש האָט אַ שפּאַן געטאָן איבערן צימער און מיט בעטנדיקע אויגן געקוקט אויף צילִיען. ענדלעך האָט ער זיך באַשלאָסן:

— אַך, ווען איך זאָל קאָנען אײַך געטרויען, וואָס עס מוטשעט מיך!..

טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זײַנע אויגן.

צילִיע האָט זיך אַפילו דערשראָקן פאַר דעם, וואָס דער אַפּיצער האָט פּלוצעם זיך צעוויינט.

— איך מיין אָבער, אַז דאָס איז ניט איבער מײַן שולד, — האָט זי געזאָגט.

— ניין, ניין! — האָט ער שיר ניט אויסגעשריִען, — איך בין גליקלעך, וואָס איך קאָן זיך כאָטש אויסוויינען אין אײַער שטוב... ווען איר וואָלט געוווּסט די עמעס סיבע, וואָלט איר געדאַרפט פאַרשפּאַרן די טיר און מיך ניט לאָזן אַריבערטרעטן די שוועל...

צילִיע האָט אים געוואָלט באַרויִקן:

— עפּעס הייב איך, דאַכט זיך, אָן צו פאַרשטיין, הער אַפּיצער, אין וואָס עס באַשטייט אײַער זינד קעגן מײַן גאָט. מײַן טאַטע האָט מיר ניט איין מאָל דערציילט, אַז ווען מע פלעג אַהער ברענגען יונגע קאַנטאָניסטן, נאָך קינדער, האָט מען זיי געצוווּנגען זיך שמאַדן, אָנעמען אײַער גלויבן. אַ סאַך אַזעלכע קינדער האָט מען געשמאַדט. אָבער איינמאָל איז געשען, אַז אַ ייִדיש קינד האָט בשום־אופן ניט געוואָלט אָנעמען אײַער גלויבן, מע האָט אים געפּײַניקט, געשלאָגן, נאָר אים האָט אָפּגעגליקט: איינער אַ געוועזענער קאַנטאָניסט האָט אים אויסגעקויפט... עפּשער זײַט איר אויך געווען צווישן יענע אַפּיצערן, וועלכע האָבן געצוווּנגען ייִדישע קינדער זיך שמאַדן? אין דעם באַשטייט אײַער זינד?

גריגאָרי פּעטראָוויטש האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— זייער גוט, וואָס איר ווייסט וועגן דעם, צילִיע סעמיאָנאָוונע, — האָט ער שטיל געזאָגט, — דאָס הייסט, איר ווייסט, אַז מע האָט ייִדישע קינדער געצוווּנגען אָנעמען דעם קריסטלעכן גלויבן... קליינינקע קינדער... מע האָט זיי געשלאָגן, געמיימעסט, און אַ סאַך האָבן ניט אויסגעהאַלטן...

— איר קענט אַזעלכע?

— אַוואַדע קען איך... באַזונדערס ווייס איך איינעם אַזעלכן גאַנץ גוט, די גאַנצע געשיכטע זײַנע...

— ווער זשע איז ער? — האָט צילִיע זיך פאַראינטערעסירט. — עפּשער וואָלט איר געקאָנט מיך באַקאַנען מיט אים?

— זיך באַקאַנען מיט אים? — גריגאָרי פּעטראָוויטש האָט אַזש אַ ציטער געטאָן. — איר זאָלט קאָנען אין אים זיך נויקעם זײַן, וואָס ער האָט ניט אויסגעהאַלטן און זיך געשמאַדט?

צילִיע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט כידעש:

— זיך נויקעם זײַן? וואָס רעדט איר! פאַרקערט, איך וואָלט אים פאַרגרינגערט זײַנע לײדן, איך וואָלט אים געהאָלפֿן פאַרגרינגערן זײַן װײ.

— זײַן װײ פאַרגרינגערן? — האָט איבערגעפרעגט דער אַפּיצער.

— יאָ, — האָט צילִיע געזאָגט פעסט, איר שטים האָט אַ קלונג געטאָן, ווי אַ שװוּע. — באַװײַזט מיר אַזאַ געליטענעם.

גריגאָרי פּעטראָוויטש האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו צילִיען נעענטער:

— אָט איז ער, אָט שטייט ער פאַר אײַך.

צילִיע איז ווי צעמישט געוואָרן.

— איר?! — האָט זי אויסגעשריִען. — עס קאָן ניט זײַן!

ער האָט אַ קרעכץ געטאָן און קוים אַרויסגערעדט:

— און דאָך איז עס טאַקע אַזוי. איך זאָג אײַך דעם ריינעם עמעס.

און גענומען בעטן:

— איצטער בין איך אינגאַנצן אין אײַער רעשוס, איר קאָנט מיט מיר טאָן, וואָס איר ווילט, נאָר איינס בעט איך בײַ אײַך: זאָל אײַער טאַטע דערפֿון ניט וויסן, ווײַל ער וועט מיך מער ניט אַרײַנלאָזן אין אײַער שטוב, און דאָס וועט פאַר מיר זײַן די ערגסטע שטראָף... און אַזוי ווי איר ווייסט שוין, אין וואָס באַשטייט מײַן שולד, דערלויב איך זיך נאָך אין איין זאַך זיך מוידע זײַן... אָן אײַער שטוב קאָן איך ניט לעבן, און זאָל כאָטש זײַן איין מאָל אין וואָך — שאַבעס, וועל איך האָבן אַ מעגלעכקײַט אויך ווײַטער זײַן נאָענט צו אײַך, נאָענט מיט אײַך, צילִיע...

אין צימער איז אַרײַנגעגאַנגען פרומע:

— צילִיענקע, קום מיט מיר, דײַן טאַטע וויל, דו זאָלסט אים העלפֿן אָנהאָדעווען די סאָלדאַטן, די קינדער מײַנע, קיין הונגעריקע וועט ער ניט אַפּלאָזן אין דער קאַזאַרמע.

צילִיע האָט גענומען פרומען פאַר דער האַנט, זי צוגעפירט צום אַפּיצער:

— זײַט באַקאַנט, גריגאָרי פּעטראָוויטש, דאָס איז אַ ייִדישע מאַמע, זי האָט דורכגעמאַכט אַ ווײַטן וועג און איז געקומען אַהער, קיין סיביר, קעדײ אָפּצוזוכן איר זון, וועלכן מע האָט בײַ איר צוגענומען, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ קלייניקער, אָפּגעגעבן צו די קאַנטאָניסטן. אויב איר ווילט, רעדט זיך דורך מיט איר, אָבער אַפּגיך, די סאָלדאַטן אײַלן זיך...

ווען צילִיע איז אַוועקגעגאַנגען, האָט דער אַפּיצער געפרעגט בײַ פרומען:

— אײַער זון זוכט איר?

פרומע האָט זיך צעוויינט:

— אַ גאַנץ לעבן זוך איך אים... די הײם געוואָרפֿן, פיר כאָדאָשים זיך געשלעפּט איבער גאַנץ רוסלאַנד...

— שוין לאַנג, אַז ער איז אין דער אַרמײ? — האָט דער אַפּיצער אַ קוק געטאָן אויף דער אומגליקלעכער פרוי מיט מיטלײַד.

— צוואַנציק יאָר... דאָס האַרץ מײַנס איז שוין צעריסן פֿון בענקשאַפֿט, פֿון צאַר און פֿון ווייטיק.

— וויאַזוי איז זײַן נאָמען?

— געדאַליע האָבן מיר אים אָנגערופֿן, נאָך מײַן עלטערזיידן... און אַ סימען האָב איך: אויף זײַן לינקן הענטל איז געווען אַ געבוירט־פֿלעק, באַוואַקסן מיט האָר, און געבוירט־פֿלעקן, דאַרפֿט איר וויסן, ווערן קיינמאָל ניט פאַרמעקט.

פרומע האָט ווידעראַמאָל אַ כליפּע געטאָן:

— אַנטשולדיקט, הער אַפּיצער, זײַט מויכל אַן אַלטע ייִדענע, וואָס איך דול אײַך דעם קאָפּ... אָבער קיין אַנדער ברירע האָב איך ניט, ס'איז דאָך מײַן איינציקער זון. ווען ניט די האָפֿענונג, אַז ער וועט זיך אָפּזוכן, וואָלט איך שוין פֿון לאַנג אַוועק פֿונעם לעבן... ווײַל צוליב וואָס לעבן? און צוליב וועמען?

דער אַפּיצער האָט זיך אײַנגעקוקט אין פרומעס פּאָנעם. און פּלוצעם איז ער בלאַס געוואָרן.

— יאָ, יאָ, א געבורט־פּלעק אף דער לינקער האַנט... א געבורט־פּלעק אף דער לינקער האַנט, — האָט ער געגומען שטאַמלען, ווי פאַר זיך אליין. נאָר א זאג געטאַן אַנטשיידן: — איך וועל אים אָפּזוכן, דעם זון אײַערן, איך וועל אים אומבאַדינגט אָפּזוכן... נאָר דערווײַל בעט איך אײַך בלויז איין זאַך...

— איין זאַך? — האָט פרומע ניט פאַרשטאַנען. — און פאַרוואָס דאַרפט איר, א רוסישער אָפיצער, בעטן בא עפּעס אַן אומבאַקאַנטער ייִדענע?

— איין זאַך, — האָט קימאַט אַרויסגעשעפּטשעט דער אָפיצער, — בלויז איין זאַך: דערלויבט מיר אײַך אָנרופן — מאַמע...

— מאַמע? — האָט פרומע זיך צעשמייכלט. — אַוודאי דערלויב איך אײַך, גוטער מענטש וואָס איר זײַט.

— און וואָס וועט זײַן, אז איר וועט זיך דערוויסן, אז אײַער זון האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אײַער גלויבן? — האָט געפרעגט גריגאָרי פּעטראָוויטש. — איר וועט אים מוחל זײַן די זינד? איר וועט אים אַרומנעמען, ווי א מאַמע נעמט אַרום איר אייגן קינד?

פרומע האָט זיך דערשראָקן.

— ניין, כאַלילע, גאָט באַהיט! — האָט זי אויסגעשריִען. — אַזוינס קאָן ניט זײַן, ניט צוליב דעם בין איך געקומען, איך זאָל איבערלעבן אַזא שאַנד. מײַן זון וועט ניט פאַרשעמען די מאַמע זײַנע. ער איז א ייִד, ער האָט אַפילע, מיין איך, ניט פאַרגעסן זײַן מאַמע־לשון.

— אָבער ווען מע האָט אים געצוווּנגען? געשלאָגן, געמיימעסט, די פינגער געבראָכן, אים באַפוילן זיך צײלעמען?

— ניין, הער אָפיצער, — האָט פרומע באַשטאַנען אף אירס, — איר ווייסט ניט די ייִדישע געשיכטע... ווען מע האָט כאַרעוו געמאַכט ירושאָלאַיִם און די ייִדן זײַנען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד, זיך צעשפּרייט און צעזייט איבער צענדליקער לענדער, האָבן זיי זיך געלאָזט שנײַדן די הענט, געגאַנגען אף קידעש־האַשעם, אָבער זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זייער גלויבן... ניין, אויב עס וועט, כאַלילע, טרעפן, איך זאָל אָפּזוכן מײַן זון און ער וועט זײַן פון אַן אַנדער גלויבן, וועל איך אים אַרויסרײַסן פון מײַן האַרץ...

גריגאָרי פּעטראָוויטש האָט קוים זיך אײַנגעהאַלטן צו זאָגן: „מאַמע, דאָס בין איך, אײַער געדאַליע, אײַער זון!“, נאָר דאָ האָבן זיך געיאָוועט די סאָלדאַטן, און מיט זיי שימען, ציליע און אַלע מיידלעך. און ציפּע האָט זיך געווענדט צום אָפיצער:

— א גרויסן דאַנק אײַך, הער אָפיצער, וואָס איר האָט דערלויבט די קאַנטאָניסטן א ביסל פאַרברענגען מיט אונדז, און אַנטשולדיקט, וואָס מיר האָבן זיי פאַרהאַלטן, איצט קאָנט איר זיי נעמען און אָפּפירן אין דער קאַזאַרמע.

גריגאָרי פּעטראָוויטש האָט א שמייכל געטאָן:

— ניין, שיין מיידל, מיט קיין פּאַשעטן דאַנק וועט איר דאָ ניט אָפּקומען...

— וואָס זשע נאָך? — האָבן אין איין קאָל אויסגעשריִען די מיידלעך.

— גאַנץ פּאַשעט, — האָט ער געענטפערט, — קיין סאַך פאָדער איך ניט פון אײַך, נאָר עמעצער פון אײַך זאָל מיר שענקען א קוש...

— הײַנט איז שאַבעס, — האָט זיך אָנגערופן ציפּע, — מע טאָר זיך ניט קושן. נאָר דאָ איז צוגעגאַנגען ציליע:

— עמעס, שאַבעס טאָר מען זיך ניט קושן, אָבער אונדזער מאַמע פרומע זאָגט, אז צוליב א מיצווע מעג מען טאָן אַן אַווירע, — און האָט א קוש געטאָן דעם אָפיצער.

דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט פרומע.

— אָט דער קוש, — האָט זי געזאָגט, — איז אויך פאַר מיר. איר האָט אים בעפּייִרעש קאָשער פאַרדינט, ווײַל איר באַגייט זיך גוט מיט מײַנע קינדער, און אײַך קומט א גרויסער דאַנק, וואָס אַדאַנק אײַך היטן זיי אָפּ זייער ייִדישקײַט.

— אויב אַזוי, — האָט געענטפערט גריגאָרי פּעטראָוויטש, — האָב איך ניט גאָרניט קעגן, איר זאָלט מיך אויך א קוש טאָן.

— מיט גרויס פאַרגעניגן, — איז מאַסקים געווען פרומע און האָט א קוש געטאָן

דעם אַפּיצער. דערבײַ האָט זי צוגעגעבן: — איר ווייסט, קינדער מײַנע, איך האָב באַמערקט אין זײַנע אויגן, אַז בא אים איז א ייִדישע נעשאָמע.

— מאַמע פרומע, — האָט אונטערגעכאַפּט גריגאָרי פּעטראָוויטש, — בא אײַך איז א גוטער כּושו... נו, און איצטער איז שוין צײַט צו גײן אין דער קאַזאַרמע.

— דערלויבט מיר, הער אַפּיצער, א ביסל באַגלייטן מײַנע קינדער, — האָט זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט פרומע.

— אוודע, — האָט ער געענטפערט, און אלע זײַנען אַרויס פון דער שטוב. אלע, אויסער שימענען און צילִיען. שימען האָט ווי געפילט, אַז זײַן טאָכטער וויל אים עפּעס זאָגן. צווישן זיי זײַנען געווען ניט קיין פּאַשעטע באַציִונגען. אָפּטמאָל איז איר ניט געווען צום האַרצן דאָס, וואָס דער טאַטע אירער גיט אָפּ די גאַנצע נעשאָמע די ייִדישע קאַנטאָניסטן. ער האָט געוואָלט, זיי זאָלן נאָך דער דינסט זיך אומקערן מיט שטאָלץ צו זייער פאָלק, ניט פאַרשעמען די הייליקע געבאָטן. איצטער האָט ער געפילט, אַז זײַן אייגענע טאָכטער פירט זיך אויף ניט אַזוי, ווי מע דאַרף. פאַרוואָס, לעמאָשל, שאַבעס, ווען אַהער קומען די ייִדישע סאָלדאַטן, קעדיי צו פאַרברענגען מיט זייערע קינפטיקע קאַלעס, גייט צילִיע גאָר אַוועק אין וואַלד. עמעס, דער וואַלד איז שימענס אייגנטום — ווי אַן אויסגעדינטן קאַנטאָניסט האָט מען אים דערלויבט צו קויפן א שטיקל וואַלד און ווערן א וואַלדהענדלער. די פאַרדינסטן זײַנע זײַנען געווען גאַנץ היפּשע, און ער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען שעפּן א ביסל נאַכעס פון אויפנעמען אלע שאַבעס די ייִדישע באָכערים, אָפּגעריסענע פון דער היים, ווי אויך בייס די ייִדישע יאָמטויווים. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אלע ייִדישע מיידלעך, וועלכע קומען אַרײַן צו זיי אין שטוב, האָבן שוין געפונען זייער זיווג, און בלויז צילִיע האָט קיינעם פאַר זיך ניט אויסגעקליבן. שימענען געפעלט ניט, וויאַזוי זי פירט זיך אויף מיטן אַפּיצער, מיט גריגאָרי פּעטראָוויטשן. וואָס וועלן מענטשן זאָגן? צילִיע קאָן דאָך אים, דעם כאָשעווען סויכער פון אָמסק, פאַרשעמען פאַר גאָר דער וועלט. ער באַמיט זיך דערציִען די אָרעמע ייִדישע קאַנטאָניסטן אין ייִדישן גײַסט, און וואָס קאָנען זיי טראַכטן, זעענדיק, וויאַזוי זײַן טאָכטער האָט א קוש געטאָן א רוסישן אַפּיצער? שימען האָט שוין פון לאַנג געהאַט א כשאַד, אַז עפּעס קומט פאָר צווישן זײַן צילִיען און גריגאָרי פּעטראָוויטשן. מע דאַרף מאַכן א סאָף דערצו. נאָר הײַנט איז שאַבעס, וועט ער מיט איר וועגן דעם ניט ריידן — שאַבעס טאָר מען ניט פאַרשוועכן.

צילִיע, ווידער, האָט געקלערט, וואָס וואָלט איר טאַטע געזאָגט, ווען ער דערוויסט זיך, אַז גריגאָרי פּעטראָוויטש איז גאָר ניט קיין קריסט — ער איז א געשמאַדטער ייִד. אָבער זי טאָר אים דאָס ניט זאָגן, ווײַל דער טאַטע קאָן נאָך אים פאַרבאָטן צו קומען אין זייער שטוב. און דאָס איז דאָך דאָס איינציקע אָרט, וווּ זי קאָן זיך מיט אים באַגעגענען, ביפראַט איצט, ווען זי האָט אים צוגעזאָגט צו פאַרגרינגערן זײַנע ליידן.

און אַזוי האָבן זיי ביידע געשוויגן, ניט אַרויסגעזאָגט איינער דעם אַנדערן דאָס, וואָס זיי האָבן געטראַכט פאַר זיך.

נאָר אַפן צווייטן טאָג איז גריגאָרי פּעטראָוויטש ווידער געקומען צו שימענען אין שטוב. ווי ער האָט אויסגערעכנט, איז אין שטוב געווען איין צילִיע. זי האָט זיך פאַרכידעשט:

— וואָס עפּעס אין א וואָכעדיקן טאָג? ס'האָט עפּעס געטראָפן?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט, — עס האָט געטראָפן אַזוינס, וואָס איך מוז עס גלײַך אַרויסזאָגן. די מאַמע פרומע איז בא אײַך?

צילִיע איז אַזש אופגעשפּרונגען:

— וואָס, איר האָט אָפּגעזוכט איר זון?

— יאָ, ער האָט זיך אָפּגעזוכט.

— אָ, דאַנקען גאָט, — האָט זי זיך דערפרייט, — ווו זשע איז ער און ווער איז ער?

— איר ווילט אים זען?

— אוודע וויל איך אים זען!

— איז אַט, ער שטייט פאר אײַערע אויגן... דאָס בין איך אליין, און איר דארפט מיר העלפן זיך אומקערן ניט בלויז צו מײַן מאמען, נאָר אויך צו מײַן פאָלק...

ער איז מיט א געוויין צוגעפאלן צו ציליען.

אין אַט דער מינוט איז ארײַנגעקומען אין צימער שימען. ער איז געוואָרן דערשטוינט פון דעם דאָזיקן בילד און שטרענג א קוק געטאָן אף דער טאַכטער:

— ציליע, וואָס קאָן דאָס באטײַטן?

זי האָט זיך א וואָרף געטאָן צום טאטנס ברוסט און זיך צעוויינט.

שימען האָט איבערגעפירט דעם בליק אפן אַפּיצער:

— הער אַפּיצער, איך האָב ניט געוואוסט, אז אײַער באזוך אין מײַן שטוב קאָן ברענגען צו טרערן...

גריגאָרי פעטראָוויטש האָט ניט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט. מיט וואָס זיך פארענטפערן פאר אַט דעם ליבן, צוגעלאָזטן מענטשן, וויאַזוי אים דערקלערן, אז אדאנק אים קאָן זיך איצטער דאָס גאנצע לעבן איבערקערן? ציליע האָט ארומגענומען דעם טאטן:

— טאטע, אַט דער רוסישער אַפּיצער איז פרומעס זון!

שימען איז צוגעגאנגען צו גריגאָרי פעטראָוויטשן:

— דאָס איז עמעס?

— עמעס, אײַער טאָכטער ווייסט איצט, ווער איך בין, — גריגאָרי פעטראָוויטש האָט זיך געשטעלט פאר שימענען אף די קני. — איך בין גרייט אופנעמען וואָס פאר א שטראָף איר וועט אף מיר ארופלייגן.

שימען האָט ארופגעלייגט אפן אַפּיצערס קאָפּ ביידע הענט:

— שטיי אוף, מײַן זון, איך ווייס, וויפל בלוט עס האָט דיר געקאָסט, ביזוואנען דו האָסט זיך מוידע געווען אין דײַנע זינד. איך ווייס אויך, אז דו האָסט אַנגענומען אן אנדער גלויבן ניט מיט דײַן אייגענעם ווילן. איך פארגיב דיר דאָס און וועל בעטן גאָט, ער זאָל דיר מויכל זײַן, ווײַל דער וועג צום אייגענעם פאָלק איז פאר דיר אָפן...

אין צימער איז ארײַנגעקומען פרומע. שימען האָט אויסגערופן:

— פרומע, ניט אומזיסט ביסטו געקומען אהער, און ניט אומזיסט האָבן אלע ייִדישע קאנטאָניסטן געוואָלט זײַן דײַנע זין. און אַט איז טאקע דײַן עמעסער זון.

דער אַפּיצער האָט זיך א וואָרף געטאָן צו איר, זי ארומגענומען. טרערן האָבן זיך געקײַקלט איבער זײַנע באקן.

— געדאַלינקע, קינד מײַנס, קאדיש מײַנער! — האָט פרומע זיך צעוויינט.

— מאַמע, — האָט, גלעטנדיק פרומען איבערן קאָפּ, געזאָגט דער אַפּיצער, — אויב דו ווילסט, בין איך גרייט כאָטש אין איין רעגע מיט דיר זיך אומקערן אהיים.

פרומע האָט אים נאָכאמאָל ארומגענומען:

— ניין, קינד מײַנס, איך האָב זיך באטראכט, אז מיר דארפן פארבלײַבן דאָ, ווײַל איך האָב איצט ניט איין קינד, א סאך קינדער האָב איך דאָ געפונען. איך מיין, אז אלע ייִדישע קאנטאָניסטן, וועלכע דינען דאָ, דארפן מיך אויך האָבן...

— עמעס, פרומע, עמעס! — האָט געזאָגט שימען. — פאר אלעמען ביסטו א מאמע, און אונדזער היים וועט זײַן טאקע דאָ, אף דער סיבירער ערד, וואָס איז אונדז געוואָרן טײַער, ווי אמאָל דײַן כמעלניק...

גענאַדי עסטרײַך

# אין סאלאָן פון פּניי־האָיר

אָט די וועלט, ווי זי איז, ווי זי שטייט,
ווי זי גייט...

דאָוויד האָפשטיין

...דערפאר אף אונדזערע געזיכטער — ווען
א שמייכל, ווען צונויפגעקריצטע ציין.

ארן קושניראָוו

קימאט אלע קליינוווקסיקע קײַלעכדיק־בײַכיקע ייִדן, וועלכע איך האָב באגעגנט פאר מײַנע דרײַסיק אוילעמהאזעדיקע יאָר, זײַנען געווען אָדער בוכהאלטערס, אָדער געלערנטע־הומאניטארן. ווי אן אויסנאם דערמאָן איך זיך אין א פאריקמאכער פון ניקאָפּאָל, ווו מיר איז אמאָל אויסגעקומען דורכצולעבן א האלבן טאָג. דער גוירל האָט באשענקט דעם פריזירער מיט די דערמאָנטע אנטראָפּאָלאָגישע סימאָנים, האגאם דער דאָזיקער דאָרעם־אוקראַיִנישער ייִד האָט זיך אפּאָנעם צופעליק ארײַנגעפּאקט אין זײַן מעלאָכע. אנדערש וואָלט ער מיך ניט געהלושעט אין מעשעך פון א גוטער שאָ מיט פילאָסאָפישע כקירעס, געווירצלטע מיט ציטאטעס פון ענגעלסן און פויערבאכן. דערצו האָט ער מיר אזוי אופגעאקערט דעם קאָפּ, אז מיט אָט דעם שער־פאסאָן איז ווארשײַנלעך געווען פארבונדן מײַן ערשטע מאפּאָלע אפן ליבע־פראָנט.

בענציאָן מארקאָוויטש קיסליק איז נאָך נידעריקער אין וווקס פונעם ניקאָפּאָלער פּאריקמאכער. ער איז אָבער אן „עמעסער" פילאָסאָף. איך געדענק, ווי אונדזער לעקטאָר פון פילאָסאָפיע האָט דערקלערט קיסליקס גרויסקײַט:

— בא אונדז אין שטאָט זײַנען פאראן פינף און צוואנציק דאָקטאָרס פון מעדיציניִשע וויסנשאפטן, און די גאנצע רעפּובליק פארמאָגט בלויז אזויפיל דאָקטאָרן פון פילאָסאָפיע. אגעוו, דער פינף־און־צוואנציקסטער איז אונדזערער — קיסליק פון דעם פעדאגאָגישן אינסטיטוט.

איך געדענק אויך, אז פאר מיר איז דעמלט געבליבן ניט קלאָר, צוליב וואָס דער מאָרעשכוירעדיקער לעקטאָר פון היסטאָרישן מאטעריאליזם האָט געבראכט אזא מוסטער, וואָס האָט ער געוואָלט דערמיט ארויסרופן אין אונדז, סטודענטן־טעכנארן: היספּײַלעס צי מיטגעפיל?

מיט קיסליקס זון מיטיע האָב איך זיך געלערנט אין איין מיטלשול, נאָר אין פארשיידענע קלאסן. א געוויסע צײַט איז בא אונדז אפילע געווען דער זעלבער לערער אין דער מוזיקאלישער שול, אָבער איך האָב זיך דאָרט אופגעהאלטן בלויז צוויי יאָר, דאַן ווען מיטיעס קישרוינעס זײַנען געוואָרן א טיינעג פארן אָרטיקן beau mond. „אונדזער ראָבערטינאָ לאָרעטי" — אונטער אזא קעפּל האָט זיך געפּרעגלט פאר נאכעס די געגנטלעכע יוגנט־צײַטונג „...קי קאָמסאָמאָלעץ", דערציילנדיק וועגן מיטיען, ווי ער זינגט זיסשטימיק אוקראַיִנישע פאָלקסלידער און דערצו נאָך אקאָמפּאנירט זיך אליין אף פּיאנע.

איבער אָט דער נאָטיץ האָבן מיר זיך אפילע א ביסל צעבוצקעט. פינקטלעכער, איז מיטיע אף מיר בארויגעז געוואָרן. ער האָט דערהערט, ווי איך דערצייל אן אנעקדאָט וועגן דעם, אז ס'איז געווען אזא צירק־אופטריט: א מאלפּע שפּילט אף א ראָיאַל, און א קראָקאָדיל זינגט לידער; דער דירעקטאָר פונעם צירק קאָן אָבער ניט אנטדעקן דעם טאָך פון דעם אופטריט, זוכט עפּעס א שפּיצל, און דער דרעסירער, קעדיי זיך אָפּטשעפּען פונעם דירעקטאָרס קלאָצקאשעס, האָט „זיך מוידע געווען": אלץ טוט אינדערעמעסן די מאלפּע — אי זי שפּילט, אי זי זינגט.

מיטיע האָט דאַן באשלאָסן, אז איך מיין אים, און איז אָנגעדרודלט געוואָרן. דער

קאָנפליקט האָט זיך אָבער אינגיכן אויסגעשעפּט, ווײַל מיטיע איז אוועקגעפאָרן לערנען קיין אָדעס, פריִער אין עפּעס א שול פאר אָט אזעלכע אילוּים, און שפּעטער אין קאָנסערוואטאָריע צי אין אינסטיטוט פון קולטור.

איך בין געווען אפן פערטן קורס, ווען ער האָט זיך פּלוצעם ווידער באוויזן אין דער שטאָט, און ניט ווי א גאסט, נאָר ווי א סטודענט פון דעם אָרטיקן „מוזפּעד", דאָס הייסט פונעם פאקולטעט פאר מוזיק־לערער אין פּעדאגאָגישן אינסטיטוט, וווּ זײַן פאָטער האָט קאָמאנדעוועט מיט אלע פילאָסאָפן. רײַע זשעזמער, מײַן מאמעס יוגנט־כאווערטע און א ווײַטע קרויווע פון די קיסליקס, האָט אײַנגערוימט אין אויער, אז בא מיטיען איז אין אָדעס געווען א „מײַסע" מיט עפּעס א באגרעס, און די עלטערן האָבן אים קוים ארויסגעריסן פון אָט דער פּאסטקע.

אין א קורצער צײַט ארום האָבן מיר — אויך פון רײַע זשעזמער — זיך דערוווּסט, אז מיטיען האָט מען געשאדכנט מיט מילע שנייער, אף א באזונדערן אויפן אן אינטערעסאנט מיידל, ביפראט ווען איר גיט זיך אײַן אזוי אוועקלייגן אפן פּאָנעם די שמינקע, אז ס'ווערט נאָך מער אונטערגעשטראָכן די אײַנגעבוירענע צולאָכעס.

די עלטערע און די יונגע קיסליקס האָבן געוווינט צוזאמען, אין א גרויסער — „סטאָלינישער" — דירע פון פיר צימערן, דער גרעסטער פון וועלכע איז אויסגעטיילט געוואָרן פאר א „סאלאָן". מעבל איז דאָרט געשטאנען פּרינציפּיעל נאָר אלטס, עמעס גוט רעסטאווּרירטס. ביכער, אויסגעשטעלטע אין א הויכער באגלאָזטער שאפע, האָבן געקאָנט ארויסרופן קינע בא א הויפּט־שטאָטישן בוקיניסט. דאָס וויכטיקסטע אינעם סאלאָן איז אָבער געווען דער מאָלערײַ־„אָפּטייל": בילדער, צייכענונגען, עסקיזן פון די „פּערעדוויזשניקעס". די דאָזיקע קאָלעקציע האָט אָנגעהויבן צונויפקלײַבן נאָך בענציאָן מארקאָוויטשעס שווער, א באקאנטער סאראטאָווער אדוואָקאט, אָבער די קיסליקס האָבן זי מאמאָשעסדיק פארגרעסערט. אפן דיל פונעם סאלאָן האָט זיך אויסגעשפּרייט א גראָבער טעפּיך, און אף אים — אלס אונטערשטע שורע פון די דעקאָראציעס — האָט טאָמיד געדרעמלט א ריזיקע פּערסישע קאַץ.

קיסליקס סאלאָן האָט פונקציאָנירט ניט רעגולער. געוויינלעך איז דאָס געווען פארבונדן מיטן גאסטראָל־ראציאָן, וואָס „גאָסקאָנצערט" אָדער „ביוראָ פּראָפּאגאנדי קינאָאיסקוסטווא", אָדער נאָך עפּעס א קולטור־טרעגערישע אינסטיטוציע האָט באשלאָסן אויסטיילן דער שטאָט. באזונדערס האָבן די קיסליקס געהאלטן פון שעפערישע באגעגענישן. ס'קומט צו פאָרן דער באוווּסטער אקטיאָר אזא און אזא. אין גרויסן זאל פון דער פילהארמאָניע און אין א טאָג ארום אין קלוב אף זשדאנאָווס (אָדער אָרדזשאָניקידזעס) נאָמען דערציילט ער דער אָרטיקער אינטעליגענץ, וואָס זיצט מיט א פארכאפּטן אָטעם, די אוניקאלע געשיכטע פון זײַן לעבן, וויִאזוי ער איז געוואָרן א שוישפּילער. דער באל־סימכע דערציילט אָט די הארצרײַסנדיקע געשיכטע און שטויסט זיך אפילע ניט אָן, אז ער איז שוין ארײַנגעפאלן אין קיסליקס נעץ. צוזאמען מיט די פּארסאכאקלענדיקע אפּלאָדיסמענטן וועט אף דער בינע זיך ארויסקײַקלען א קליין מענטשעלע, דערלאנגען אים (איר, זיי) זײַן וויזיטקארטל („פּראָפעסאָר, דאָקטאָר פון פילאָסאָפישע וויסנשאפטן, פארוואלטער פון דער קאַטעדרע...") און אָנהייבן הארציק־דורכדרינגלעך מורמלען:

— דערלויבט מיר אײַך ארויסגאנווענען אף אָט דעם אָוונט. איך זאָג אײַך צו, אז קיין כאראָטע וועט איר ניט האָבן.

נאָך אזא אָנגריף גייט ארויס קיסליק געוויינלעך צוזאמען מיט זײַן געפאנג און פירט אים אין סאלאָן, וווּ דער גאסט ווערט אזש דערשיטערט סײַ פונעם אנטוראזש, סײַ פון די מײַכאָלים, סײַ פון דער מישפּאָכע גופע.

יעדן אפּדערנאכט זעצט זיך בענציאָן קיסליק צום שרײַבטיש, קעדיי פארייביקן אין זײַן טאָגבוך די געשעענישן און מאכשאָוועס פונעם פארגאנגענעם מעסלעס.

שוין קימאַט פערציק יאָר האַסט ער אָט די צײַט פאַרן שלאָף. האַגאַם ליליע איזראַילעוונע קוקט וואַכזאַם, אַז ס'זאָל אָפּגעהיט ווערן דער מינהעג, וועלכן זי, נאָך אַ סטודענטקע פונעם פילאָלאָגישן פאַקולטעט, האָט אײַנגעפירט פאַר איר מאַן. און קיסליק שרײַבט נעבעך, אונטערקלײַבנדיק פּאַסיקע ווערטער, ווײַל די נאָטיצן זײַנען געווענדט אין דער אייביקייַט. באַזונדערס האָט ער ליב ציטאַטעס, מערסטנס אַף לאַטײַן און פראַנצויזיש, כאָטש די אײנציקע אויסלענדישע שפּראַך, אַף וועלכער קיסליק האָט אַמאָל געקענט לײענען, איז געווען דײַטש. קעדיי פאַרשטיין דעם נוסעך פון זײַן שרײַבן, קאָן מען נעמען, אַשטײגער, דעם צײַטונגס־קאָמפּלעקט פון „...קאיא פּראַוודא" פאַר אָקטיאַבער 1988, וווּ עטלעכע „קעלערס" פאַרנעמען קיסליקס נאָטיצן — אַ מין באַריכט וועגן דעם, ווי ער און ליליע איזראַילעוונע האָבן באַזוכט פינלאַנד. די דאָזיקע נאָטיצן גיבן אונדז, אַגעוו, אַ מעגלעכקייַט אָפּצושאַצן ניט בלויז דעם מעכאַבערס סטיל, נאָר אויך זײַן טאַלאַנט פון קעגנשטעלן, פון געפינען אַף יעדן „יאָ" און „אָך" עפּעס אַן „אָבער"...

אין אָנהײב אַפּרעל 1989 האָט קיסליק פאַרשריבן אין זײַן טאָגבוך:

„הײַנט אינדערפרי האָט מען מיר אָנגעקלונגען פון שטאָטקאָם און געבעטן קומען צו א. פּ. קראַווטשענקאָ.

אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל, האָב איך זיך דערמאָנט אין די צײַטן, ווען אָט דער איצטיקער באַלעבאָס פון דער שטאָט איז נאָך געווען מײַן סטודענט און איך האָב אים גערופן סטאַם אַנדריי. עמעס נאָך אין יענע יאָרן האָט זיך געפילט, אַז ער איז ...a dulescens in quo est senilee àluquid[1]

ווען איך בין אַרײַן אין קאַבינעט, זײַנען דאָרטן שוין געזעסן דער פאַרוואַלטער פונעם אידעאָלאָגישן אָפּטייל ג. א. פּערעפּליוגאַ און מאַרק פייגין, רײַע זשעזמערס אַ שאָכן. ער איז, דאַכט זיך, אַ שטיקל זשורנאַליסט צי עפּעס אַ טוער אין דער געזעלשאַפט „קענטעניש". מע דאַרף גלײַך זאָגן, אַז אָט די בײדע מענטשן האָבן בעשאַס דעם גאַנצן שמועס געשפּילט אַ ראָל פון סטאַטיסטן, וועלכע דער רעזשיסער האָט ניט פאַרטרויט אַרויסצוברענגען כאָטש איין וואָרט. און אויב רעדן ערנסט, האָב איך ביכלאַל ניט פאַרשטאַנען, צוליב וואָס האָט מען גערופן אַזאַ מענטשן, ווי פייגין. די סיבע פון פּערעפּליוגאַס שווײַגן איז מיר געווען קלאָר: ער האָט נאָך אַלץ, ווײַזט אויס, ניט געקאָנט פאַרגעסן, אַז מײַן מיטיע איז אים שיר ניט איבערגעלאָפן דעם וועג — מיטיעס דיסערטאַציע איז געווען וועגן די דיסקאָטעקעס אין מיטלשולן, און בײַ יענעם — דאָס זעלבע, אָבער אין פּראָפעסיאָנעלטעכנישע שולן...

אַנדריי פּאַוולאָוויטש איז אַרויסגעלאָפן מיר אַנטקעגן, האָט גלײַך פאָרגעלייגט טיי מיט בייגל און ביכלאַל אַף אַלערליי אויפאַנים דעמאָנסטרירט זײַן פּיעטעט צו מיר.

— טײַערער בענציאָן מאַרקאָוויטש, איך האָב אײַך פאַרבעטן אַרײַנגיין, ווײַל מיר נייטיקן זיך אין אײַער הילף. דאָ איז אָנגעקומען אַ רעקאָמענדאַציע פון אונדזערע העכערשטייענדיקע כאַווײרים, — קראַווטשענקאָ האָט אויפגעהויבן און ווידער אוועקגעלייגט אַפן טיש עפּעס אַ פּאַפּירל. — דער צירקוליאַר איז וועגן דעם, אַז מע טאָר ניט לאָזן אַף זעלבסטפלוס די פּראָצעסן, וועלכע קומען הײַנט פאָר אין די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. איר האָט געהערט אַפּאָנעם, אַז אין קיִעוו האָט מען שוין געשאַפן אַ ייִדישע געזעלשאַפט?

— יאָ, דאָ איז ניט לאַנג צוריק געווען מײַן קאָלעגע פונעם קיִעווער אוניווערסיטעט, האָט ער מיר דערציילט.

— גוט. אַזאַ געזעלשאַפט דאַרפן מיר איצט מאַכן, און וואָס גיכער, קעדיי די געזונטע קויכעס זאָלן ניט פאַרלירן די איניציאַטיוו.

— און ווער זײַנען זיי, אָט די געזונטע קויכעס? — האָב איך געפרעגט.

— איר, טײַערער בענציאָן מאַרקאָוויטש, — איבער קראַווטשענקאָס פּאָנעם האָט זיך אויסגעלייגט אַ כאַניפעדיקער שמייכל. — מיר לייגן אײַך פאָר צו שטעלן זיך בעראָש פון דער אָרטיקער ייִדישער אָרגאַניזאַציע.

[1] אַ יונגערמאַן, אין וועלכן ס'איז פאַראַן עפּעס זקײנישס (לאַט.).

ווײַטער האָט ער מיר דערקלערט, אַז אין דער שטאָט עקזיסטירט שוין אַ יִדישע ניט־אָפיציִעלע גרופּע, וואָס אירע צילן זײַנען גאָר ווײַט פון דעם, וואָס מע דאַרף, דעריבער איז אַזוי נייטיק אָניאָגן די צײַט, אָנשפּאַרנדיק זיך אָף ניכטערע און אווטאָריטעטע מענטשן, און דער פּראָפעסאָר קיסליק איז צוליב דעם די סאַמע פּאַסיקע פיגור, ווײַל... (דאָ גייען קאָמפּלימענטן אין מײַן אַדרעס).

איך האָב אַ פּרווו געטאָן דערווידערן:

— אַנדריי פּאַוולאָוויטש, איך בין דאָך אַן אמאָרעץ אין די פראַגן פון יִדישער קולטור. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב אופגעטאָן אין דעם געביט, איז דער ציקל אַנטיציִעניסטישע אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך באַוויזן לויט אײַער באַקאָשע...

— עך, בענציִאָן מאַרקאָוויטש, בענציִאָן מאַרקאָוויטש, — האָט קראַווטשענקאָ גענומען טאַדלען מײַן אופירונג, — ניט שייך איז צו מאַכן זיך פאַר אַ נעבעכל. אײַ־אײַ־אײַ! איר מוזט דאָך פאַרשטיין, אַז פאַר אונדז איז וויכטיק אײַער בעקאָוועדיקער נאָמען, און אַ נייטיקע שטיצע וועט איר באַקומען. אָט זיצט, לעמאָשל, דער כאַווער פייגין...

בעקיצער, איך האָב זיך אַרײַנגעפּאַקט".

די אַרטיקעלע צײַטונגען „...קאַיאַ פּראַוודאַ" און „...קי קאָמסאָמאָלעץ" האָבן מיטגעטיילט, אַז אין גרויסן זאַל פון עם הויז פון פּאָליטישער אופקלערונג וועט פאָרקומען אַן אָרגאַניזאַציִאָנעלע פאַרזאַמלונג פון דער שטאָטישער יִדישער קולטור־געזעלשאַפט.

אונדזער שאָכן סטעפּאַן מיטן צונעמעניש „פּאָזיטש טראָיאַק"[1] האָט באַגעגנט מײַן מאַמע מיט אַ האַסראָע:

— מאַטווייעווונע, גיי ניט אַהין. אַזוי איז שוין געווען אין איין־און־פערציקסטן. מע האָט אויך געזאָגט, אַז אײַערע מוזן זיך צונויפקלײַבן. דו ווייסט דאָך, וואָס ס'איז ווײַטער געווען...

— מע דאַרף טאַקע זײַן פאָרזיכטיק, — איז געווען דער קאָמענטאַר פון מײַן פאָטער. — סטעפּאַן האָט, פאַרשטייט זיך, אַ הינערשן קאָפּ, אָבער פון אונדזער מעלוכע קאָן מען זיך ריכטן אָף וואָס דו ווילסט. — באַ אַזאַ מיינונג האָט זיך געהאַלטן דער בעסטער פּראָפּאַגאַנדיסט פון דעם מעטאַלורגישן זאַוואָד אָף אָרדזשאָניקידזעס נאָמען.

מײַן כעווריײַע האָט זיך צונויפגעקליבן פאַרנאַכט באַ זוניע טאָנקאָנאָגי. ער איז געווען אונדזער אַנערקענטער אָנפירער, אין זײַן דירע לעם קינאָטעאַטער „סוואָבאָדאַ" האָבן מיר אין מעשעך פון פיר יאָר געפירט סעמינאַרן פון יִדישער געשיכטע, אַהער פלעגן קומען — פריִער זעלטן און לעצטנס גאַנץ אָפט — שעליכים פון מאָסקווע, אַנדערע שטעט, און עטלעכע מאָל אַפילע פון אַמעריקע און יִסראָעל.

— מיר דאַרפן זיך ניט באַטייליקן אין אָט דער מאַכערײַקע! — האָט געשריִען קאַטיע דובאָוויצקאַיאַ, אונדזער לערערן פון איווריט. — די כשיוועס פון אַזאַ גרופּע, ווי מיר זײַנען, איז די אומאָפּהענגיקײַט פון אַלע מעלוכישע סטרוקטורן. ס'איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער שטאָטקאָם גרייט אַ נײַעם יודענראַט.

— איך מײַן, אַז דו ביסט ניט גערעכט, — האָט זיך אָפּגערופן אַריק טעפּער. ער איז געווען אַן אויסערשטאַטנער קאָרעספּאָנדענט פון עם „...קי קאָמסאָמאָלעץ", געשריבן אָף אוקראַיִניש אונטערן פּסעוודאָנים ג. גאָנטשאַר און האָט זיך געהאַלטן פאַר דעם סאַמע אינפאָרמירטן מיטגליד פון דער כעווריײַע. — אַז די גאַנצע מײַסע האָט מען פאַרטראַכט אין אונדזער „ווײַסן הויז", איז, פאַרשטייט זיך, קלאָר. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז באַ אונדז אין לאַנד שטייט אָף יעדן ראָג עפּעס אַ פּאַרטיי־קאָמיטעט, און די מענטשן, וואָס אַרבעטן דאָרטן, ווילן ניט אָפּגעבן זייער שטיקל ברויט מיט פּוטער. דאָס באַטײַט אָבער בלויז, אַז די קאָמוניסטן זײַנען דערוויַל טיכטיקער פון אַנדערע, און אויב מיר וועלן אַפילע איצט זיך ניט אַרײַנמישן, וועט עס הייסן, אַז מיר אַלע האָבן ניט די ווערט קיין צעבויגענע דענעשקע.

[1] „אַנטליי אַ דרײַערל" (אוקר.).

אין א פּאָר שאָ ארום האָבן מיר זיך שוין פעסט צעטיילט אף צוויי לאַגערן (איך בין געווען — אויב ס'איז אינטערעסאַנט — פאַר אריקן). און דאָ איז פּלוצעם אין דעם טויבן־בלויען רויך ארײַנגעשווומען מיטיע קיסליקס אטלעטישער שטאַלט, געקרוינט מיט א קאָפּ פון א קאַנאַנישן בילדשיינעם נאַווי.

— קריסטוס דערשײַנט פאַרן פאָלק, — מיט אזעלכע ווערטער האָט מיטיען באַגעגנט זאַריק עפשטיין, דער איינציקער צווישן אונדז פרומער ייִד.

— שאַלאָם! — דער אוירעך האָט אופגעהויבן די הענט, באגריסנדיק אונדז ווי א ספּאָרטסמען, וואָס האָט נאַרוואָס אויסגעשפּילט א פאַרמעסטונג.

— שאַלאָם! — איז אופגעשטאַנען אים באַגעגענען זוניע, א פריילעכער, גלײַך ווי אין זײַן שטוב האָט אומגעריכט באַוויליקט צו קומען א הויכער גאַסט. — קאַטיע, ברענג מיטיען א ריינע טשאַשקע, — האָט ער געגומען זיך טומלען. — קום אהער, מיטיע, זעץ זיך אוועק אָט דאָ.

איך האָב געקוקט אף זוניען מיט שטוינונג. וואָס צעלייגט ער זיך אזוי פאַר דעם דאַזיקן העראָי־קאַכאַניק?

— און דו ווייסט ניט? עך, דו, נאַיִוניאַק, — האָט אָפּגעשאָצט מײַן ניט־אינפאָר־מירטקײַט אריק טעפער, ווען מיר זײַנען שוין געגאַנגען אהיים, נאָך דעם ווי די מעסיבע איז אזוי טאַקע ניט געקומען צו א באַשלוס וועגן דער סטראַטעגיע און טאַקטיק אף דער זונטיק־פאַרזאַמלונג. — מיטיעס פרײַנט פון אַדעס לעבט איצט אין מאָסקווע, און ער איז דאָרטן לעצטנס געוואָרן א גאַנצער דריייער אין דער ייִדישער באַוועגונג. זײַן ווײַב איז א מאָסקווער, און זי קאָכט זיך שוין פון לאַנג אין אָט דער סוויווע.

— דו דערציילסט עס אזוי, גלײַך ווי זוניע איז אן אַרטיקער פונקציאָנער פון דער פּאַרטיי און פון מיטיעס כאַווער איז אָפּהענגיק זײַן קינפטיקע קאַריערע.

— און דו מיינסט, אז ס'איז אנדערש? — אריק האָט א קוק געגעבן אף מיר ווי אף א קינד. — ס'איז דאָך א טרויזם, אז יעדע באַוועגונג וואַקסט גלײַך ארום מיט ביוראָ־קראַטישע סטרוקטורן, וועלכע הייבן אָן לעבן לויט זייערע אייגענע געזעצן און פּרינציפּן.

— איך האָב אפילע ניט געוווּסט, אז דו ביסט אזא ציניקער, — בין איך מיט פאַר־געניגן געווען גאַליק מיט אָט דעם אַלצווייסער.

— וואַרט צו, אין א יאָר ארום, און עפשער אפילע פריִער, וועסטו אליין זען, וואָס פאַר א קאַמף וועט זיך אָנהייבן צווישן אונדזערע אייביקע עלטערע אינזשעניערן און עקאָ־נאָמיסטן, ווען פאַר זיי וועט זיך עפענען א מעגלעכקײַט צו לייזן די גויראָלעס פונעם שטאָ־טישן ייִדנטום. איך בין זיכער, אז ס'וועט זײַן פריילעך, ווײַל קיין עמעסע ייִדישע אָנפירער האָבן מיר ניט און די עלטערע עקאָנאָמיסטן וועלן איבערטראָגן אין די ייִדישע געזעל־שאַפטן אַלע זיטן פונעם דעמאָקראַטישן צענטראַליזם, וועלכן מיר האָבן אײַנגעזויגן מיט דער מאַמעס מילך.

— מע קאָן מיינען, אז דו אליין ביסט א גרויסער מומכע אין דער ייִדישער קולטור!

— דו ביסט גערעכט, כ'בין אן אמאָרעץ אין די דאָזיקע זאַכן. אָבער איך נעם זיך ניט אונטער צו לערנען אנדערע, וויאַזוי זיי דאַרפן לעבן. דו באַמערקסט, אז ס'איז זייער א זעלטענע מײַלע פאַר א געוועזענעם פּיאָנער און קאָמסאָמאָלעץ. און איך שווער דיר בע־נעמאָנעס, אז די ייִדישע געזעלשאַפט וועט באַלד זיך צעטיילן אף א בינטל אַלטע ייִדן, וועלכע וועלן אלעמען צײַען אין די קלוימערשט גליקלעכע פאַרקאָסמאָפּאָליטישע יאָרן, און אף א גרופּע יונגע יאַטן מיט נעאָפיטישע שטימונגען.

אפן ראָג אנטקעגן דעם קלוב פון מעדיצינישע טוער האָבן מיר זיך געזעגנט. איידער ארײַנשפּרינגען אין טראַמוויִ, האָט אריק אָפּגעכאַפּט צוגעגעבן:

— און עפשער בין איך דאָפקע ניט גערעכט. האַלעווײַ...

גלײַך נאָך דער פאַרזאַמלונג אינעם הויז פון פּאָליטישער אופקלערונג האָט בענציאָן קיסליק פאַרשריבן אין זײַן טאָגבוך:

„די געפאַר איז, דאַנקען גאָט, פאַרבײַ. איך האָב מוירע געהאַט, אז קראַוויטשענקאָ וועט זיך אײַנשפּאַרן, אָבער — טפו־טפו־טפו, ער האָט זיך גלײַך געכאַפּט, אז מיטיעס קאַנדידאַטור

איז ניט ערגער, און עפּשער אפילו בעסער — פּאַרט א יונגער. און ווער האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף האָבן נאָר א פּראָפעסאָר? מיטיע איז אויך א שטיקל לײַט — א דאָצענט. ער איז, עמעס, ניט קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי, אָבער היינטצוטאָג איז דאָס אפילו א מײַלע.

האקיצער, קראַוטשענקאָ איז מאַסקים געווען. כאָטש איך פאַרשטיי ניט, צוליב וואָס דאַרף עס מיטיע? צי עפּשער פילט ער, אַז פון דעם קאָן זיך עפּעס באַקומען? צי ער וויל האָבן א רעזערוו־וואַריאַנט? אַנדערש צוליב וואָס וואָלט ער זיך אַזוי אַרומגעטראָגן מיט זײַן מאַסקווער כאַווער, מיט אָט דעם באָריסן? נו, גענוג פּראַגעס. כ׳גלייב, אַז מײַן זין האָט א ניכטערן קאָפּ און ער ווייסט, וואָס מע דאַרף טאָן.

דער איקער איז געווען איבערקומען אָט די טומלדיקע פאַרזאַמלונג, מיט אָט די אַלע יונגע שוויצערס און מעיוכעסדיקע וועטעראַנען. נאַיִווע מענטשן! זיי גלייבן, אַז איצט וועלן זיי איבערקערן די וועלט. ערשטנס, מיט וועמען? אין זין פון ייִדישקײַט קענען די יונגע גאָרניט, און די אַלטע האָבן שוין אַלץ גוט פאַרגעסן (אַרײַנגערעכנט דאָס, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געוווּסט). צווייטנס, ווער וועט זיי לאָזן עפּעס טאָן? מע קאָן מיינען, אַז קראַוו־*טשענקאָ האָט עס טאַקע אָרגאַניזירט לעטויוועס דער ייִדישער קולטור. וואָדען! ער דאַרף אוועקשטעלן א פייגעלע אין עפּעס א פּלאַן פון אידעאָלאָגישע זאכביטלען, און שוין.*

בעשאַס דער פאַרזאַמלונג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז דאָך אין טאָך געגומען ניט קלאָר, צוליב וואָס ווערט ביכלאַל געשאַפן די ייִדישע געזעלשאַפט. אויב עס גייט וועגן פּאַרטיידיקן די בירגער־רעכט פון ייִדן, איז פאַרוואָס הייסט זי „קולטור־געזעלשאַפט”? און אויב דער ציל איז טאַקע די קולטור, טאָ וועלכע? קוידעם, אַף וואָס פאַר א שפּראַך? פייגין האָט געטײַנעט וועגן דער רוסיש־שפּראַכיקער ייִדישער קולטור, אָבער איך, א רוסיש־*שפּראַכיקער ייִד, פאַרשטיי ניט, וואָס איז דאָס פאַר א כײַע און מיט וואָס קאָן מען זי עסן.* אויסערלעך זעט אויס דער *געדאַנק גאַנץ אַקסיאָמאַטיש* — די רוסישע ייִדן זײַנען א קול־טורעל פאָלק, הייסט עס, אַז זיי האָבן א קולטור. יאָ, אָבער וואָס פאַר א קולטור? איך בין זיכער, אַז מיר זײַנען, אַלס קלאַל, טרעגער פון דער אַלגעמיינער סאָוועטישער קולטור.

פון אונדזער ייִדישער זעלבסט־אנטפּלעקונג ציט אָפּטמאָל מיט בוכהאַלטעריע. מיר האַלטן אין איין באַוואָפענען זיך מיט ציפערן: וויפל ייִדן זײַנען צווישן די העלדן פון ראַטנ־פאַרבאַנד, וויפל אַקאַדעמיקער, לאַורעאַטן, וויפל... וויפל... דאָס דאָזיקע „וויפל” איז געוואָרן אַן אומעטומיקע מאָדע.

מע דאַרף האָבן א נײַע פילאָסאָפיע, א מין נעאָבונדיזם אָדער אַן אַנדער נעאָ — עפּעס פאַרן ייִדישן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד. עפּשער האָט זי עמעצער שוין פאַנאַנדערגעאַרבעט, אָבער מיר איז דאָס ניט באַוווּסט. נאָך נעכטן האָב איך א פּרוּוו געטאָן רעדן וועגן דעם מיט מיטיען און באַקומען א פּסאַק: „גענוג שוין מיט די טעאָריעס, ס׳איז געקומען די צײַט פון פּראַקטיק”. וואָס האָב איך געקאָנט אים ענטפערן? „קוק, ווּהין דו גייסט, אַניט ווּעסטו קומען אַהין, ווּהין דו קוקסט”.

קיסליקס סאַלאָן איז געוואָרן די שטאַב־קוואַרטיר פון דער ייִדישער געזעלשאַפט. קי־מאַט יעדן זונטיק פלעגן מיר, די פאַרוואַלטונג, זיך צונויפקלײַבן אונטער די בילדער פון די „פּערעדוויזשניקעס”, קעדיי לייזן די לויפנדיקע פּראָבלעמען. יעדער פלעגט ברענגען עפּעס „צום טיש”, און מילע האָט געשפּילט א ראָליע פון א גאַסטפרײַנטלעכער פרוי פון א פּאָליטישן טויער, וועלכע האָט פאַרגעניגן פון מעכאַבעד זײַן די געסט מיט טיי אין דײַטשי־שע טשאַשקעס מיט אָנגעמאָלטע אַף זיי סצענעס פון אַמאָליקן אידילישן לעבן.

אָפּטמאָל פלעגט צו אונדז אין סאַלאָן אַרײַנגיין דער עלטערער קיסליק, אָנגעטאָן אין א געשטעפּט היים־רעקל. „נו, קינדער, וואָס פאַר א שפּיל האָט איר הײַנט פאַר זיך צוגע־טראַכט?” *איז געווען שטענדיק אָנגעשריבן אַף זײַן געשטופלטן פּאָנעם.*

— בענציאָן מאַרקאָוויטש, וואָס טראַכט וועגן אָט דעם אַלעם די מאַרקסיסטיש־לענינישע פילאָסאָפיע? — פלעגט אים טאָמיד פאַרטשעפּען אַריק טעפּער.

— טײַערער אַריק, איר ווייסט דאָך, אַז דער קויעך פון מאַרקסיזם־לעניניזם באַשטייט

אין זײַן ריכטיקײַט, — איז געווען קיסליקס סטאַבילער ענטפער־וויץ. — גלייבט מיר, אַז די דאַזיקע טעאָריע, און נאָך מער די פּראַקטיק, איז בעעמעס אומשטערבלעך, פּונקט אַזוי ווי ס׳וועט אייביק לעבן די אידיי, אַז גלײַכהײַט איז וויכטיקער פון פרײַהײַט.

די הויפּט־רעדנער זײַנען בעשאַס יעדן אונדזערן זונטיקדיקן טיי־טרינקען געווען מיטיע, זוניע און מאַרק פייגין.

די ערשטע צײַט האָט מען פייגינען אופגענומען מיט כשאַד. קאַטיע דובאָוויצקאַיאַ האָט געגאָסן אויף אים פּעך און שוועבל, אַז ער איז אַ מאַסער, אַז אים האָט מען בעקיוון ארײַנגעשטופּט אין אונדזער סוויווע, און אַזוי ווײַטער. מיטיע איז אָבער באַשטאַנען אויף דעם, אַז אויב פייגינען האָט מען אויסגעקליבן אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, האָט ער פּונקט אַזעלכע רעכט, ווי אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג. ביסלעכווײַז זײַנען מיר צוגעוווינט געוואָרן צו אָט דעם שטענדיק שמייכלענדיק מענטשעלע. פּונדעסטוועגן איז פאַר אונדז אַלעמען געווען אַן איבעראַשונג, ווען מאַרק האָט אָנגעהויבן אַרומוויליען אַרום קאַטיען, און זי, אַ לעפּישע, אַבי־ווי אָנגעטאָנענע מויד, האָט רעאַגירט אויף דעם בעפּיירעש ווילמוטיק.

פייגין האָט געוויינלעך געהורטשעט וועגן דער נויטווענדיקײַט צו אַנטוויקלען בײַ דער געזעלשאַפט עפּעס אַ ביזנעס, ווײַל אָן געלט וועלן מיר קיינמאָל ניט האָבן קיין קיום. עטלעכע מאָל האָט ער געבראַכט אויף די זיצונגען נײַע קאָמערסאַנטן, פאַרזיצערס פון פרישגעבאַקענע קאָאָפּעראַטיוון און אַסאָציאַציעס, וועלכע האָבן אונדז צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, אָבער מיט אַ טנײַ — די יידישע געזעלשאַפט מוז ווערן אַ פאַרמיטלער צווישן דעם אָרטיקן ביזנעס און דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל. זיי אַלע — סײַ די צירלעך פאַרפּוצטע יאַטן, וועלכע האָבן שוין קאָנטיק געפונען זייער „אָדער", סײַ די מענאַכעם־מענדלשע טיפּן — זײַנען געווען זיכער, אַז די ראָטשילדס און האַמערס גייען פּאַשעט אויס פון ווילן ארײַנצולייגן כאָטש עטלעכע מיליאָן דאָלאַר אין דעם נײַעם קלאָנדײַק, וועלכן עס שטעלט מיט זיך פאָר אונדזער שטאָט.

טאָנקאָנאָגי פלעגט גלײַך אופגעקאָכט ווערן, הערנדיק אַזעלכע פאָרשלאָגן, און אָנהייבן יאַרידעווען, דערווײַזן, אַז פייגין פאַרוועלוולערט די גאַנצע אידיי פון דער אומאָפּהענגיקער יידישער באַוועגונג, וועלכע איז אַזוי שווער אָנגעקומען פאַר די טויער פונעם פריערדיקן יידישן אונטערערד. און ער — זוניע טאָנקאָנאָגי, איינער פון די וועטעראַנען — קאָן ניט דערלאָזן אַזאַ באַציִונג בענעגייע אָט די אַלטע הייליקע אידעאַלן.

די קאַשע — ביזנעס אָדער אידעאַלן — האָט זיך געקאָכט, ביז דאָס וואָרט פלעגט ניט נעמען מיטיע. זײַן געוויינלעכע נאָרמע פון רעדן איז געווען פערציק מינוט, אָנגעזעטיקטע מיט אויסטערלישע, קאָן זײַן, נאָר אים באַוווּסטע ווערטער, אַדאַנק וועלכע יעדע פראַזע האָט געקלונגען רעטענישפול און גלײַכצײַטיק פלעפּנדיק, ווײַל בלויז זייער אַ דרייסטער און זעלבסטזיכערער מענטש קאָן אָפּן זאָגן, אַז ער פאַרשטייט ניט דעם טאַמציס פון אָט דער קלאַנגען־כוואַליע, וואָס שאַלט קעמוי רוסיש, האַגאַם אַנטהאַלט קימאַט אויסשליסלעך ווערטער פון אַזאַ מין, ווי „לאַטענטנע", „כעפּינינג", „דראַפּט" און אַדג. באַזונדערס שאַרף האָט אויף דעם ווערטער־שטראָם רעאַגירט אַריק. ער פלעגט גלײַך אָנהייבן בעטן זיך ראַכמים בײַ מיטיען:

— צוליב וואָס דאַרף מען אַזויפיל דאַרשענען! פאַרוואָס קאָנסטו ניט זאָגן קלאָר און לויטער — „יאָ" אָדער „ניין"?

אָבער אָפּשטעלן מיטיען איז געווען אוממעגלעך.

— ווען כ׳וועל פאַרענדיקן, קאָנסטו אויך אַרויסזאָגן דײַן מיינונג. לאָמיר זיך פירן פאַרלאַמענטאַריש, — און דער שטראָם פון נעאָלאָגיסטישע אײַנפאַלן האָט זיך געגאָסן ווײַטער.

— די פראַגע שטייט אַנדערש, ניט הײַנט, נאָר אויב דו וועסט אַמאָל פאַרענדיקן, — האָט אַריק אַקשאָנעסדיק געפּרוּווט איבעררײַסן די ריידערײַען, אָבער דאָס איז געווען אַ פּוסטע טירכע.

אין אַזעלכע סאַראָן־באַטאַליעס זײַנען דורכגעגאַן צוויי צי דרײַ כאָדאָשים. דערנאָך

איז אָנגעקומען דער זומער, און ס׳איז געוואָרן שווער צונויפקלײַבן דעם אוילעם — עמעצער איז געווען אין אורלויב, זוניע טאַנקאַנאָגי איז אוועקגעפאָרן צוגאַסט קיין ייִסראָעל, אונדזער קאַזנאַטשיי, א פּאַלקאָווניק אין דעמיסיע, האָט זיך איבערגעקליבן צו זײַן טאָכטער, קיין באָסטאָן.

אָסיען-צײַט האָבן מיר זיך נאָך עטלעכע מאָל פאַרזאַמלט, אָבער אינגיכן איז אַלץ געוואָרן צו נישט. זוניע האָט זיך אומגעקערט פון ייִסראָעל און גלײַך אָנגעגעבן דאָקומענטן אף ארויסצופאָרן, דאָס מאָל שוין אף שטענדיק. זאַריק עפּשטיין האָט זינט זומער געלעבט אין מאָסקווע, ווו מע האָט אים אָנגענומען אין א יעשיווע. פייגין איז געוואָרן דער דירעקטאָן פון עפּעס א קאַבעל-טעלעוויזיע, וועלכע עס האָט געשאַפן דער שטאָטקאָם פונעם קאָמסאָמאָל, און קאַטיע דובאָוויצקאַיא איז בא אים אן אדמיניסטראַטאָר. אריק איז ביכלאל אוועק אין „רוך", פירט דאָרטן א קאַמף פאַר דער זעלבשטענדיקײַט פון אוקראַיִנע.

לעבן מיטיען האָבן זיך באַוויזן נײַע מענטשן — עטלעכע טעטיקע פּענסיִאָנערן און א פאַרקלערטער סטודענט-היסטאָריקער. צוזאַמען מיטן נײַעם אקטיוו האָט מיטיע אויסגעקלאַפּט פאַר דער געזעלשאַפט און דער קעהילע די געבײַדע פונעם ספּאָרטיוון זאַל „טאָרפּעדאָ", ווו ס׳איז פאַר דער מילכאָמע געווען א בעסמעדרעש, און קימאַט די גאַנצע טעטיקײַט האָט זיך קאָנצענטרירט אף אויסזוכן געלט, קעדיי ברענגען אין אָרדענונג אָט די כורווע. עמעס, בא דער געזעלשאַפט האָבן עטלעכע גרופּעס געלערנט איוורית און ביז די ערשטע פרעסט האָט אויך עקזיסטירט א גרופּע פאַר קנעלן ייִדיש. די לערערן, אַן אַלטע פרזי מיט א שטאַרקן פּאַליִארטריט, האָט זיך דערנאָך אָפּגעזאָגט; זי האָט געלעבט אין א בײַשטאָט און האָט מוירע געהאַט פאַלן אין וועג. א געוויסע צײַט האָב איך געלערנט מיט די עטלעכע פאַרבליבענע טאַלמידים, אָבער ביסלעכווײַז זײַנען זיי אַלע אוועק אין די איוורית-גרופּעס.

צײַטנווײַז פלעגט מען אײַנלאַדן לעקטאָרן פון מאָסקווע. קיין גרויסן דערפאָלג האָבן זיי אָבער ניט געהאַט. א היפּשער אוילעם האָט זיך צונויפגעקליבן, בלויז ווען ס׳איז געקומען א יונגער ראָוו פון ייִסראָעל, און אויך די פראַגעס צו אים זײַנען מערסטנטייל געווען וועגן דעם, וואָס מע דאַרף נעמען מיט זיך אין דער ייִדישער מעדינע און וויִאַזוי מע קאָן דאָרטן זיך אײַנאָרדענען.

ניט לאַנג פאַר מײַן אוועקפאָרן, ווען כ׳בין ארומגעלאָפן ווי א פאַרסאַמטער מיט די וויזעס, בילעטן, קאַסטנס, מיט קימאַט אַלץ פאַרקויפן און עפּעס קויפן, האָב איך צופעליק באַגעגנט מיטיען באַם האָטעל „אינטוריסט".

— פאָרסט אוועק? — האָט ער צי געפרעגט צי קאָנסטאַטירט מיט שפּאָט. — כ׳בין די טעג געקומען פון דאָרטן. גלייב מיר, אַז ס׳איז ניט אַלץ אזוי פויגלדיק. פאַרקערט, גראַדע דאָ עפענען זיך אַזעלכע פּערספּעקטיוון... אנטשולדיק, — ער האָט דערזען א גראָוון מאַנצבל, וואָס איז אַקאָרשט ארויס פונעם האָטעל. — כיִ, פרעדי! אײַ עם כיִא! (איך בין דאָ!) — מיטיע האָט מיר אפגיך ארײַנגעשטופּט די האַנט. — איך מוז, צום באַדויערן, לויפן, דאָס לעבן איז איצט ביכלאל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א קעסיידערדיקער ארומטראָגעניש...

און ער האָט געגעבן א לויף צום גראָוון מאַנצבל. מער האָב איך אים דערווײַל ניט געזען.

# כאַווע-יעווע

די געשיכטע מיט א נעסיִע קיין ייִסראָעל האָט זיך געצויגן זייער פּאַוואָליע, קיינער האָט שוין ניט געגלייבט, אַז פון דעם וועט עפּעס ארויסקומען. אפילע דער שרײַבער-

סאטיריקער, וואָס איז געווען אין אונדזער גרופּע, האָט אויך צום סאָף אויסגעשעפּט אַלע רעזערוון פון זיין הומאָר, אַריינגעפאַלן אין סאַרקאַסטישן אומעט און זיך אנטפּלעקט ווי אַן איינגעגעסענער נודניק.

— אָן אַלטער טיפּעש בין איך, — האָט זיך מעצאער געווען דער פּערציקיאָריקער פּוכליק. — איך האָב זיך שוין באַלעקט צו זען דאָס צוגעזאָגטע לאַנד. מיילע, אָן די היסטאָרישע מערקווירדיקייטן וועל איך זיך באַגיין, כ'בין ניט קיין באַלן אָף צו גלאָצן מיט די אויגן. מיין טרוים איז אַ קוק טאָן אָף די נייע ייִדן, ניט די אָדעסער אָדער מאָסקווער, נאָר טאַקע אָף די ייִדן פונעם ייִדישן לאַנד...

נאָר סאַמע ערעוו דעם טערמין פון אַרויספאָרן האָט די פּוילע ווי אַ שטעקן ביוראָקראַטישע מאַשין זיך פּלוצעם פאַנאַנדערגעיאָגט, און אין מעשעך פון די פאַרבליבענע דריי טעג, איבערגעזעטיקטע מיט אַרומלויפעניש, האָט מען פאַר אונדז אויסגעפּאַרטיקט אַלע נייטיקע דאָקומענטן.

די איילעניש איז געווען אָף אַזויפיל גרויס, אַז אין דעם אויסערן־מיניסטעריום האָט מען אַפילע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אָף אייניקע פאָרמאַליטעטן. לעמאָשל, איינער פון מיינע מיטרייזנדער, אַ דעפּוטאַט פונעם אויבער־סאָוועט, האָט אין דער לעצטער רגע זיך געכאַפּט, אַז ער האָט ניט קיין פּאַטאָ פון דעם מוסטער, וועלכן מע פאָדערט פאַר די אויסלענדישע פּאַסן. איז ער טאַקע אַוועקגעפאָרן מיט אַ פּאָשעט קאַרטל, ווי פאַר אַ שיין אין פּאָליקליניק צי אין אַן אַנדער אַנשטאַלט פון ניט זייער אַ וויכטיקן גראַד. אַזאַ מילדע באַציונג בענעגייע אונדז האָט, ווי מיר האָבן פאַרשטאַנען, געשטאַמט פון די הויכע פענצטער, ווו עמעצער האָט די יאַזדע אָפּגעשאַצט ווי אַ געלונגענער גאַנג אין עפּעס אַ דיפּלאָמאַטישן פּאַסיאַנס.

בעכיין, מיט די פּעסער און וויזעס זיינען מיר געווען באַזאָרגט. ס'איז נאָר געבליבן די פראַגע פונעם פאָרן גופע. קריגן אַוויאַבילעטן גלייך קיין ייִסראָעל איז פאַר דעם קורצן צייט־געדויער געווען פּראַקטיש אויסגעשלאָסן. דער קאָנסולאַט אָף דער אַלטער מאָסקווער גאַס באַלשאַיאַ אָרדינקאַ האָט דאַן נאָך ניט גענומען אָף זיך די אַוודע צו זיין אויך אַן אַוויאַ־קאַסע פאַר די אָלים, דאַן ווען די קעסיידערדיקע רעוואָליוציאָנערע סיטואַציע באַ די אַלגעמיינע צווישנפעלקערלעכע אַגענצן איז אַלץ געווען אַ פּאָפּולערע סיפּער־האַמייסע פאַר אויסלענדישע זשורנאַליסטן.

אַכוץ דעם סאַטיריקער און אויך עטלעכע זשורנאַליסטן פון פאַרשיידענע שטעט, זיינען אין דער גרופּע געווען צוויי קאָכלעפל פון דער ייִדישער באַוועגונג. דורך זייערע פאַרבינדונגען איז באַקומען געוואָרן אַ האַסקאָמע פון דעם ייִסראָעלדיקן צאַד, אַז אונדז וועט מען „אונטערכאַפּן" אין אַ באַליביקער אייראָפּעיִשער שטאָט, אַבי מיר זאָלן זיך אַרויסרייסן פונעם לאַנד. אין לעצטן סאַכאַקל — אַדאַנק די להאָטעס פון דעם פאָלקס־דעפּוטאַט — האָט זיך איינגעגעבן צו קויפן בילעטן קיין ווין, ווו עס האָט אונדז גענומען אין אָפּעקע די אָרטיקע פאָרשטייערשאַפט פון סאָכנוט. אַזוי זיינען מיר קימאַט אָף אַ מעסלעס געוואָרן טוישוּווים פון אַ דירע, וועלכע האָט נאָך דעם פונסניי אופגעלעבטן סאַטיריקערס האַסכאָלע גלייך באַקומען דעם נאָמען „די קאַטאָווניע פון סאָכנוט".

אינדערעמעסן איז די „קאַטאָווניע" געווען אַ געראַמע וווינונג מיט אַ פּאָר צענדליק שלאָף־ערטער — טאַכטעס און צווייאַרוסנע בעטן — און מיט אַ טעלעפאָן, וועלכער אַרבעט „אין איין זייט", דאָס הייסט, אַז ער קלינגט, אָבער פון אים קאָן מען ניט קלינגען. די דירע האָט פריִער געדינט אַלס איבערלאָד־פּונקט פאַר דעם כיילעק ייִדישע עמיגראַנטן, פאַר וועלכע די ייִסראָעלדיקע וויזעס זיינען בעעמעס געווען דער ענדציל און ניט סטאַם אַ דורכלאָדשיין אין דער פרייער וועלט. צו דער צייט, ווען מיר זיינען געקומען קיין ווין, האָט דער ייִדישער קאָראַוואַן־וועג דורך דער עסטרייכישער הויפּט־שטאָט אָקאָרשט אָנגעהויבן פאַרשאָטן ווערן מיטן זאַמד פון געשיכטע, און מיר האָבן זיך געפילט ווי אַרכעאָלאָגן, וואָס שטעלן אויף די געשעענישן לויט אייניקע פאַרבליבענע סימאָנים: אַ פּעקל גרוזינישן טיי, קאָנפעקטן פון אַ מינסקער פאַבריק, אַלטע מאָסקווער צייטונגען...

אָפּעסן וועטשערע האָט מען אונדז איינגעלאַדן אין אַ רעסטאָראַן, וואָס איז ערגעץ

אין א בײַשטאָט. איינער פון די יִסרעיילים איז געקומען מיט זײַן פרוי, א ספּאָרטיוו־אָנגע־
טאָן נעפּעשל מיט בורשטין־געלע האָר. א געבוירענע אין ווילנע, האָט זי בעסער גערעדט
יִדיש איידער רוסיש, דעריבער קאַלזמאַן די איבעריקע מעסיבע האָט געפירט א הייסן
„מאַנצבלשן" שמועס אף דער אייביקער טעמע וועגן פאָרן צי ניט פאָרן, און אויב יאָ פאָרן
איז צוליב וואָס, האָט יעווע (אזוי האָט זי זיך פאָרגעשטעלט) מיר דערציילט וועגן אירע
עלטערן, וועלכע האָבן זיך אלפּי נעס געראַטעוועט פון געטאָ.

— איך פאַרשטיי, אז נאָך אלע שרעקלעכע ניסיוינעס האָבן זיי געוואָלט וואָס גיכער
ארויספאָרן אין יִדישן לאַנד, — האָב איך א גלאָנץ געטאָן מיט מײַן האַמצאָאַדיקײַט.

— ניין, — האָט זי מיך איבערגעשלאָגן, — דאָס איז געווען אויסשליסלעך מײַן איני־
ציִאַטיוו. די עלטערן וואָלטן עפּשער נאָך הײַנט געלעבט אין ווילנע. שולדיק איז מײַן נאָ־
מען, איר פאַרשטייט, זיי האָבן מיך אָנגערופן כאַווע, נאָך מײַן פּאַטערס שוועסטער, וועלכע
איז אומגעקומען בייס דעם קריג.

— און מע האָט אײַך, פאַרשטייט זיך, גערייצט איבער אָט דעם נאָמען, — האָב איך
זיך ניט אײַנגענומען.

— כאַסוועכאַלילע, קיינער האָט מיך ניט געטשעפּעט. איך בין געווען אזא איישעס־
כאַיִל, אז אך! — זי האָט מיט געלעכטער עטלעכע מאָל א טרייסל געטאָן מיט די קולע־
קעס. — דער גאַנצער הויף האָט געציטערט פאַר מײַן דער, און גערופן האָט מען מיך ראַק
יעווע. אָבער אין דער מעטריקע בין איך געווען כאַווע, און אזוי איז געשטאַנען אין דעם
קלאַס־זשורנאַל. איז מיר אויסגעקומען צו דערקלערן יעדן נײַעם לערער, אז כ'בין אינדער־
עמעסן ניט כאַווע, נאָר יעווע, ווײַל כאַווע בין איך אין יִדיש, און אף אַנדערע שפּראַכן...
און אזוי ווײַטער.

איך האָב זיך צעלאַכט.

— אומזיסט לאַכט איר, — האָט יעווע זיך בעפּיירעש באַליידיקט.

— אַנטשולדיקט. איך האָב זיך פּאַשעט דערמאָנט, אז מײַן ווײַב האָט אויך געהאַט א
מײַסע מיט איר נאָמען. זי הייסט דינע, און אין אלע אירע דאָקומענטן שטייט טאַקע אזוי
געשריבן. די באָבע מיטן זיידן האָבן זי אָבער פאַרשריבן אין א מאָסקווער שולכל ווי דאָבע־
לייע, און אלע אירע קינדער־יאָרן זײַנען אָפּגעסאַמט געוואָרן מאַכמעס דער מוירע, אז דער
סאָד וועט זיך אַנטפּלעקן.

אונדזער שמועס איז דערנאָך אוועק אף אַן אַנדער וועג, אָבער ווען מיר האָבן זיך
שוין געקליבן אוועקגיין, האָב איך זיך ניט אײַנגעהאַלטן און געפרעגט:

— און פאַרוואָס זײַט איר איצט יעווע און ניט כאַווע?

— צוליב וואָס האָב איך געדאַרפט שלעפּן קיין יִסראָעל אָט די שטעטלשע אַנטועכצן?
כאַווע איז געבליבן אין ווילנע, וווּהין איך וועל שוין קיינמאָל ניט קומען.

אין דער „קאַטאַוויניע" האָבן מיר זיך אומגעקערט נאָך גאַנץ פרי, און דער שרײַבער־
סאַטיריקער האָט פאַרגעלייגט זיך דורכשפּאַצירן איבער ווין. איך בין געווען דער איינצי־
קער, ווער עס האָט זיך אָפּגערופן אף זײַן פאַרשלאָג. און אויך אומזיסט — אלע געדאַנקען
זײַנען שוין געווען אין יִסראָעל, דעריבער האָבן מיך די ווינער שיינקייטן איבערגעלאָזט
גלײַכגילטיק. און גערעדט האָבן מיר בעשאַס אונדזער אַהין־צוריק אויך וועגן יִסראָעל.
ווידעראַמאָל — פאָרן צי ניט פאָרן, און אויב פאָרן, איז צוליב וואָס.

— דו ווייסט, — האָט מיר געזאָגט דער סאַטיריקער, — איך האָב געקוקט אף די
יִסרעיילים און זיך געוווּנדערט. זיי זײַנען דאָך פון דער זעלבער אומע ווי מיר, און גלײַכ־
צײַטיק זײַנען זיי גאָר אַנדערע. עפּשער איז דאָס פאַרבונדן מיט דעם, וואָס זיי זײַנען פרײַ
פון די קאָמפּלעקסן, וועלכע זיצן אין א ליאַדן סאָוועטישן יִיד?

— איך בין אוודע מאַסקים. אָבער איך גלייב, אז מאָרגן וועלן מיר זען א לאַנד,
ווו ניט אלע כאַוועס זײַנען געוואָרן יעוועס.

דער סאַטיריקער האָט אופגענומען מײַן ענטפער ווי א מעטאַפאָר. ער האָט פאַרגעסן,
אז איך בין ניט קיין שרײַבער, און אין דער גרופּע האָט מען מיך גענומען צופעליק —
פּאַשעט ווײַל מע האָט געהאַלטן, אז כאָטש איין מענטש דאַרף קענען יִדיש.

# די פראגע איז געלייזט, פראגן זײַנען געבליבן

## (נאָכוואָרט צו דער דיסקוסיע)

„נעמענדיק אין אכט, אז בלויז א העכערונג פונעם מעלוכע־רעכטלעכן סטאטוס פון דער אווטאָנאָמער געגנט שאפט באדינגונגען, קעדיי זי זאָל פארנעמען א ווירדיק אָרט אלס פולבארעכטיקטער אָביעקט אין דער באנײַטער רוסלענדישער פעדעראציע און אין פססר, זעלבשטענדיק לייזן אָנגעזאמלטע פּראָבלעמען, אויסדריקנדיק די אינטערעסן פון דער באפעלקערונג, וואָס באזעצט די אווטאָנאָמע געגנט, — נעמט אָן דער געגנטלעכער סאָוועט פון פאָלקס־דעפּוטאטן די איצטיקע דעקלאראציע און פּראָקלאמירט א ייִדישע אווטאָנאָמע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק".

(פונעם פּראָיעקט פון דער דעקלאראציע וועגן דעם מעלוכיש־רעכטלעכן סטאטוס פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט).

„אונדז האָט שטארק באומרויִקט דאָס ארומהאווען ארום דער פאָרשטייענדיקער סעסיע פונעם געגנטלעכן סאָוועט פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, אף וועלכער ס'איז געשטעלט געוואָרן די פראגע וועגן פּראָקלאמירן זי אלס רעפּובליק און וועגן איר סוווערעניטעט. ס'איז פּאָשעט ניט צו פארשטיין, וועמען איז עס אײַנגעפאלן אזא זאך? דאכט זיך, דערוואקסענע, סאָלידע „פּאָטערס פון דער געגנט", און זיי נעמען זיך ארײַן אין קאָפּ אן „אוואנטיור". (נ. לאָפּאטין, וועטעראן פון דער מי, מיטגליד פון קפּסס פון 1959, אמורזעט).

„בייס דער וואל־קאָמפּאניע האָבן די אָנפירער פון דער געגנט, דער כ' קאָרסונסקי און דער כ' קאופמאן צוגעזאָגט, אז דער ביז גאָר צעבלאָזענער ביוראָקראטישער פארוואלטונגס־אפּאראט וועט פארקירצט ווערן. אינדערעמעסן אָבער איז געשאפן געוואָרן א טאָפּלטער אפּאראט — אן אויספירקאָם און א פּרעזידיום. און איצט וועט זיך פאָדערן דערצו נאָך אן אויבער־סאָוועט פון דער רעפּובליק, א פּרעזידענט מיט א קאנצעליאריע, א רעגירונג מיט מיניסטאָרן און מיניסטעריומס?" (נ. קוליקאָוו, דאָרף פּאשקאָוואָ).

מע קאָן ברענגען אויסצוגן פון נאָך א סאך בריוו. אויך די דאָזיקע וועלן זײַן גענוג. פאראן בריוו פון ארבעטער, קאָלווירטניקעס, אָנגעשטעלטע, שטוב־באלעבאָסטעס, פון ייִדן, רוסן, אוקראַיִנער, פון קאָמוניסטן און אומפּארטייִשע; פון פאָלקס־דעפּוטאטן און פּאָטשטע־ווײַלער. און מיט א זעלטענעם אויסנאם — א פולקומע ניט־אָנעמבארקײַט פון דער אידיי צו שאפן איצט א ייִדישע אווטאָנאָמע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק. דערבײַ קומען נאָך אלץ אָן בריוו, האגאם דער פּרעזידיום פונעם געגנטלעכן סאָוועט האָט געמאָלדן, אז די פראגע ווערט אראָפּגענומען פונעם טאָג־סיידער פון דער פערטער סעסיע אין צוזאמענהאנג מיט די אויסבעסערונגען.

די אידיי וועגן א רעפּובליק איז ניט אופגענומען געוואָרן. מע קאָן זײַן זיכער, אז ווען ס'וואָלט דורכגעפירט געוואָרן א רעפערענדום, ווי עס פאָדערן אין זייערע בריוו א סאך לייענער, וואָלט די איבערוועגנדיקע מערהײַט אָפּגעוואָרפן די אידיי. אגעוו, לויט מײַן מיינונג, וואָלט די דאָזיקע אידיי ניט דורכגעגאן אפילע אף דער סעסיע.

אונדזער געגנט איז ניט קיין גרויסע, און אירע אָנפירער זײַנען דער באפעלקערונג גוט באקאנט. אלע געדענקען, אז ערשט ניט לאנג צוריק האָבן זיי פארטיידיקט די אָנגענומענע

בא הייַנטיקן טאָג מעלוכיש־טעריטאָריִעלע סיטואציע, ארויסגעטראָטן קעגן באליביקע סעפאראטיסטישע שטימונגען. גערופן ניט פארפלאכן אזא קאָמפּליצירטע פּראָבלעם ווי נאציִאָנאלער סוווערעניטעט.

וואָס זשע באקומט זיך? געענדערט די פּאָזיציע? דאָס איז גאנץ מעגלעך און קאָן דערקלערט ווערן מיט די האסטיקע ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין אונדזער לאנד. אויפקלערן אָבער זייער פּאָזיציע האָט קיינער ניט געוואָלט. אין סאמע אָנהייב פון דער דיסקוסיע האָבן אין „ביראָבידזשאנער שטערן" זיך באוויזן עטלעכע ארויסטרעטונגען פון אָנפירער פונעם „צווייטן ניוואָ", זייער ארגומענטאציע איז געווען געווענדט הויפּטזאכלעך צו דעם, אז „דער קאנט באאוולט אונדז". די ארויסטרעטונגען אין דער אָרטיקער טעלעוויזיע פונעם פאָרזיצער פון דעם געגנטלעכן סאָוועט ב. ל. קאָרסונסקי און פונעם שטעלפארטרעטער פון דעם פאָרזיצער פונעם געגנטלעכן אויספירקאָם וו. ס. גורעוויטש האָבן בלויז ארייַנגעטראָגן א פלאָנטער אין די מויכעס, גאָרנישט ניט אויסגעקלאָרט.

דער פּראָיעקט פון דער דעקלאראציע האָט זיך באוויזן אין „ביראָבידזשאנער שטערן" דעם 20 דעקאבער. די סעסיע איז אָנגעמערקט געוואָרן אפן 25 דעקאבער, און בלויז איבער טעכנישע סיבעס איז זי אריבערגעטראָגן געוואָרן אפן 4 יאנואר. האָט מען דען געקאָנט צוגרייטן די עפנטלעכע מיינונג פאר אזא קורצן טערמין? פארשטייט זיך, אז ניט. די אווטאָרן פונעם פּראָיעקט האָבן ניט גענומען אין אכט דעם איקער: די אלערגיִע מיצאד דער געזעלשאפטלעכקייַט אף אדמיניסטראטיוו־קאָמאנדנע מעטאָדן. מיר, זעט איר, וועלן באשליסן, און שפּעטער וועלן מיר אייַך אויפקלערן אונדזערע קלוגע באשלוסן. גראָד אף אזא אופן האָבן אָפּגעשאצט די פּאָזיציע פון די אָנפירער פון געגנט די אווטאָרן פון דער מערהייַט בריוו.

אגעוו, דער אדמיניסטראטיוו־קאָמאנדנער צוגאנג האָט אין געגעבענעם פאל אָפּגעשפּילט מיט די אווטאָרן פונעם פּראָיעקט א שלעכטן שפּאס. קעגן זיי איז אָנגעווענדט געוואָרן דאָס זעלבע געווער. באלד איז פאָרגעקומען א פלענום פונעם ביראָבידזשאנער ראייקאָם פון דער פארטיי, וועמענס באשלוס איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין „ביראָבידזשאנער שטערן". די קאָמוניסטן פונעם ראיאָן האָבן געפאָדערט אראָפּנעמען די פראגע פונעם טאָג־סיידער. די בייַוועזנדע אפן פלענום האָט קיין קאפּל ניט געבראכט אין פארלעגנהייַט, אז אויך זיי האָבן זיך ניט באראטן מיט די קאָמוניסטן און מיט דער באפעלקערונג פונעם ראיאָן (אפן פלענום זייַנען בייַגעווען בלויז עטוואָס מער פון א העלפט פון די מיטגלידער פונעם ראייקאָם: די פארטיי־אָנפירער האָט ניט ארייַנגעבראכט אין פארלעגנהייַט אפילע די מעלדונג פון צוויי איבערצייַגטע קאָמוניסטן — פונעם פארפאָלק גורשפאָן, אז אלס צייכן פון פּראָטעסט קעגן די אנטידעמאָקראטישע מעטאָדן פון לייזן די פראגע גייען זיי ארויס פון דער קפּסס; נעמט אין אכט: קעגן די מעטאָדן און ניט קעגן דער עצעם לייזונג).

און ס'האָבן זיך א שאָט געטאָן אין דער געגנטלעכער צייַטונג בריוו, וועלכע הייבן זיך אָן מיט די ווערטער: „אלס ענטפער אפן באשלוס פונעם ביראָבידזשאנער ראייקאָם פון דער פארטיי...", אָדער: „מיטן גאנצן הארצן באוויליק איך..." ס'האָט א ווייע געטאָן מיט „די אלטע, גוטע צייַטן", ווען ס'האָבן קיין טיפע ארגומענטן זיך ניט געפאָדערט, גענוג איז געווען זיך פארופן אף דעם אָדער אנדערן באשלוס פונעם ראייקאָם, געגנטקאָם, צק...

באזונדערס אליארמירנדיק איז אָבער, וואָס די כוואליע, וועלכע ס'האָט אויפגעהויבן דער פּרעזידיום פונעם געגנטלעכן סאָוועט, האָט אויפגערודערט אין אייניקע הערצער אן אָפּזאץ פון נאציִאָנאליזם און אנטיסעמיטיזם. איך בין זיך מודע, אז כ'ברענג דאָ ניט אייניקע פאסאזשן פון באזונדערע בריוו בלויז קעדיי ניט באליידיקן די געפילן פון דער מערהייַט אונדזערע לייענער (ניט נאָר יִדן). אויב אָבער עס גייט שוין א רייד, האלט איך פאר נייטיק צו ברענגען אן אויסצוג פון איינעם א בריוו:

„און וואָס איז שייַעך דער מיינונג, אז מע באליידיקט די יִדישע נאציע, איז עס ניט עמעס, זיי קאָנען אליין וועמען דו ווילסט באליידיקן. אזעלכע באווייַזן זייַנען פאראן איבערגענוג, אף אונדזער הויט פילן מיר עס..."

אין א געוויסער צאָל בריוו איז פאראן א קאָנטער־פאָרשלאָג: „ניט בלויז קיין יִדישע רעפּובליק דארפן מיר ניט, נאָר אפילע א געגנט. יִדן זייַנען פאראן בא אונדז סאכאקל פיר פּראָצענט. עס וועלן זייַן נאָך ווייניקער, ווייַל די עמיגראציע ווערט ניט געמינערט. און ביכלאל: די אויסבילדונג פון דער געגנט איז א קינסטלעכע — א „סטאלינישער עקספּערימענט". יִדן זייַנען אהער געקומען און פאָרן אוועק צוריק. שוין צייַט פאנאנדערפאָרמירן די געגנט, זיך פארייניקן צום כאבאראָווסקער קאנט אף די רעכט פון א ראיאָן — און א סאָף זאָל נעמען!"

איך וועל ריזיקירן ארויסצוזאָגן א מיינונג, אז אין די פראגן פון אדמיניסטראטיווער

טײלונג װעלן די באַשטימענדיקע זײַן ניט עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, נאָר קודעמקאָל היסטאָרישע און נאַציאָנאַלע. נאָך מער, אין באַדינגונגען פון א פולקומער עקאָנאָמישער אַנאַרכיע, אָן א נאָכאַמאָל פונקציאָנירנדיקן מאַרק װעט, ביז איך איבערצײַגט, די אײַנגעפירטע טײלונג פונעם פאַרבאַנד אַף באַזונדערע, סוּווערענע מעלוכעס צו גאָרנישט ניט ברענגען. דער פּראָצעס פון טײלונג, פאַרײניקונג און פון א נײַער צעפאַלונג קאָן דױערן אומענדלעך. ארויסקריכן פון אָט דעם כאַאָס קאָן מען בלויז צוזאַמען.

אויב אָבער (לאָמיר דערלאָזן כאָטשבי אין פאָרם פון א האַשאָרע) דאָס לאַנד װעט קאָנען ארויסקריכן, און דער מאַרק װעט רעגולירן די עקאָנאָמיק — װוּ זשע װעלן דאַן דורכגײן די גרענעצן צװישן די טעריטאָריעס? קודעמקאָל דאָרט, װוּ זײ זײַנען טאַקע דורכגעגאַן, אויב ס'איז ניט פאַראַן קײן גענוגנדיקער גרונט איבערצוקוקן זײ. מעגלעך, אַז די גרענעצן, װעלכע זײַנען דורכגעפירט געװאָרן מיט סטאַלינס פעסטער האַנט צװישן אײניקע רעפּובליקן און געגנטן, װעט אויסקומען איבערצוקוקן. אָבער װאָס פאַר א שײַכעס האָט עס צו דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט? אין מאָמענט, װען זי איז פּראָקלאַמירט געװאָרן, זײַנען ניט געװען סײַ די שטאָט ביראָבידזשאַן, סײַ איך די מערהײַט דערפער און ייִשוּװים. די 57 יאָר, װעלכע עס עקזיסטירט די געגנט, זײַנען ניט קײן גרויסער טערמין, אָבער דאָס איז אויך געשיכטע.

פונקט אַזוי איז אויך ניט פּאַשעט אָפּצונעמען בא דער געגנט דעם נאַציאָנאַלן סטאַטוס. די ערשטע איבערװאַנדערער־ייִדן זײַנען געקומען אַהער ניט אַף אַלעם גרײטן. אײניקע באַהויפּטן הײַנט, אַז דאָס אויסטײלן די טעריטאָריע פאַר ייִדן אָפּן װײַטן מיזרעך, װוּ זײ האָבן קײנמאָל ניט געלעבט, איז סטאַלינס א בײזע קאַװאָנע. קאָן זײַן... אָבער דער דאָזיקער פּלאַן האָט געהאַט אײן פּאָזיטיװן אַספּעקט, װעלכער איז באַזונדערס אָנשױלעך הײַנט: די ייִדן האָבן קײנעם ניט ארויסגעשטויסן פון דער דאָזיקער ערד, קײנער קאָן ניט פּרעטענדירן אַף „היסטאָרישע רעכט", װעלכע ס'האָבן ניט די ייִדישע אײַנװוינער.

אָן אַנדער זאַך איז דאָס, װאָס אַלײן די אידײ פון א נאַציאָנאַל־טעריטאָריעלער טײלונג טראָגט אין זיך א פּאָטענציעלע געפאַר פון צװישנאַציאָנאַלע װידערשפּרוכן. אין דעם שטעקט איר שװאַכקײַט. אגעװ, אין סאַמע אָנהײב פון דער פּערעסטרויקע, װען עס האָבן נאָך ניט געדונערט די שיסערײַען אין סומגאַיט, איז געװען א מאָמענט, װען די פּראָבלעמען פון אן אַדמיניסטראַטיװ־טעריטאָריִעלער טײלונג װאָלטן געקאָנט געלײזט װערן מיט א פרידלעכן װעג. גראָד דעמלט האָט דער קלוגשאַפטלעכער א. ד. סאַכאַראָװ פאָרגעלײגט שליסן א נײַעם פאַרבאַנדישן אָפּמאַך. דאָס װאָלט געװען א פרידלעכער און קימאַט א װײטיקלאָזער פּראָצעס. אַנדרײ דמיטריִעװיטש האָט מען אָבער, װי קעסײדער, ניט געהערט. די געשעענישן האָבן אָנגעהויבן זיך אַנטװיקלען האַסטיק, דער נאַציאָנאַלער פאַקטאָר איז ארויס אַפן ערשטן אָרט, און הײַנט איז אומעגלעך אים איגנאָרירן.

אָבער דערבײַ דאַרפן מיר, גאָט באַהיט, ניט מאַכן קײן נײַע פעלערן! און דער סאַמע שרעקלעכער פון זײ איז — א „פּראָצעדענטלעכער צוגאַנג" צו באַשטימען דעם סטאַטוס פון דער טעריטאָריע. א פאָרשטײער פון א באַליביקער נאַציאָנאַליטעט האָט דאָס רעכט צו לעבן דאָרט, װוּ ער װיל.

אויב אָבער בא יעדן פאָלק דאַרף זײַן אַן אײגענע טעריטאָריע, איז אָפּנעמען זי בא אײנעם פון א װאָסער־ניט־איז פאָלק — א פאַרברעכן. צי דען האָט גאָרנישט ניט אָנגעלערנט דער ביטערער גורל פון די בײַװאָלגער דײַטשן, קרימער טאָטערן, טערקן־מעסכעטינער? דאַרף מען צו אָט דער רעשימע צוגעבן אויך די ייִדן?

יאָ, די ניט־קאָנסעקװענטע פּאָליטיק בענוגע דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט האָט אָפּגעשפּילט איר ראָליע. דער צופלוס פון איבערװאַנדערער־ייִדן אין דער געגנט האָט קימאַט זיך אָפּגעשטעלט. יאָ, א סאַך ייִדן פאָרן הײַנט אַװעק קײן ייִסראָעל, װײַל זײ האָבן װוּהין צו אַנטלויפן פון די לײדיקע קראָמען, פון אונדזער אויסזיכטלאָזן לעבן. א סאַך, אָבער װײַט ניט אַלע. בא יענע, װעלכע בלײַבן מיט אונדז, איז אויך הײַנט אויפגעװאַכט געװאָרן דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַװוּסטזײַן — װי בא די רוסן, אוקראַיִנער, מאָלדאַװאַנער, ליטװינער. זײ װילן װיסן די געשיכטע און נוצן זיך מיט דער קולטור פון זײער אוראַלט פאָלק. זײ װילן לעבן אין ביראָבידזשאַן, לעם די קװאָרים פון זײערע טאַטעס און מאַמעס, זײדעס און באָבעס, װעלכע זײַנען אַמאָל געקומען אַף דער דאָזיקער ערד און האָבן איבערגעלאָזט א שפּור אַף איר.

צי דען איז אַזױ װיכטיק, װאָס פאַר א פּראָצענט עס באַטרעפן די ייִדן אין דער געגנט? אויב די עקאָנאָמיק װעט זיך שטעלן אַף די פיס, אויב מיר װעלן קאָנען עקזיסטירן װי מענטשן און יעדער בירגער פון א באַלי־

ביקער נאַציאָנאַליטעט וועט קאָנען באַפרידיקן זײַנע נאַציאָנאַל־קולטורעלע באַדערפענישן, ווען מיר דען שטערן איינער דעם אַנדערן?

די פראַגע וועגן דעם מעלוכע־רעכטלעכן סטאַטוס פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז אַראָפּגענומען געוואָרן פונעם טאָג־סדר אויף דער סעסיע פונעם געגנטלעכן סאָוועט. ס'האָט זיך באַוויזן א מעגלעכקייט טאַקטיש אָפּצוגיין פון באַהאַנדלען די אָנגעטראָכטע אין די אַדמיניסטראַטיווע טיפענישן אידיי צו פּראָקלאַמירן א ייִדישע אווטאָנאָמע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

אָבער פראַגן, וועלכע זײַנען אַרויסגעשוווּמען אין גאַנג פון דער דיסקוסיע, זײַנען געבליבן, און לייזן זיי וועט סײַווי אויסקומען. נאָר ניט אין אַן אומגעבונג פון פאַרביסנקייט און קעגנזײַטיקע פּרעטענזיעס.

מ. קלימענקאָוו
(„ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ")

# א שמועס מיטן נײַעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר פון דעם „ביראָבידזשאַנער שטערן"

אין יאַנואַר 1991 האָט די סעסיע פונעם געגנט־סאָוועט באַשטימט וועלוול בעלינקער פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן", וועלכע איז ניט לאַנג צוריק אַלט געוואָרן 60 יאָר. אין לעצטן טאָג פון פעברואַר איז וו. בעלינקער געווען אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", ווו עס איז פאַרשריבן געוואָרן א שמועס מיטן ביראָבידזשאַנער קאָלעגע.

„ס. ה.": צום אַלעם ערשטן וויל איך דיך באַגריסן, כאָטש איך פאַרשטיי, אַז די נײַע שטעלע האָט דיר צוגעגעבן קאָפּדרייעניש. מיר זײַנען מיט דיר פּערזענלעך באַקאַנט נאָך זינט דײַן סטאַזשירונג אין מעשעך פון א כוידעש צײַט אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד". איצט לאָמיר געבן אַזאַ מעגלעכקײַט דעם לייענער: דערצייל, ביטע, אין קורצן וועגן זיך.

וו. ב.: איך בין אין ביראָבידזשאַן געבוירן געוואָרן אין 1954. מײַנע עלטערן, אַרבעטער אויפן זאַוואָד „דאַלסעלמאַש", זײַנען געקומען קיין ביראָבידזשאַן אין די דרײַסיקער יאָרן, דער פאָטער פון אוקראַיִנע, די מוטער — פון ווײַסרוסלאַנד. אַזוי אַז אין אונדזער מישפּאָכע רעדט מען אויף צוויי ייִדישע דיאַלעקטן — דעם וואָלינער און דעם ליטווישן.

„ס. ה.": דאָס הייסט, אַז ייִדיש קענסטו פון קינדווײַז אָן.

וו. ב.: פּינקטלעכער וואָלט געווען זאָגן, אַז איך פאַרשטיי ייִדיש פון קינדווײַז אָן. רעדן און שרײַבן אויף ייִדיש האָב איך אָנגעהויבן מיט א יאָר דרײַ צוריק. ווען אין 1979 יאָר בין איך אָנגעקומען אַרבעטן אין דער רעדאַקציע פונעם „ביראָבידזשאַנער שטערן", האָב איך אפילו ניט געוווּסט קיין ייִדישע אויסיִעס. צו יענער צײַט האָב איך באַוויזן פאַרענדיקן דעם כאַבאַראָווסקער אינסטיטוט פון קולטור און אָפּדינען אין דער אַרמיי. אין דער רעדאַקציע בין איך די ערשטע יאָרן געווען א קאָרעספּאָנדענט, דערנאָך האָב איך אָנגעפירט מיטן אָפּטייל פון פּאָסטאָ־אינפאָרמאַציע, שפּעטער — מיטן אָפּטייל פון קולטור און סאָציאַלע פּראָבלעמען. א שטאַרקע האַשפּאָע האָט אויף מיר געהאַט די סטאַזשירונג אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין די זומערדיקע טעג פון 1990. דאַן בין איך געקומען קיין ביראָבידזשאַן פול מיט פאַרשיידענע אידייען און... געמוזט אַוועקגיין פון דער רעדאַקציע. א האַלב יאָר האָב איך געאַרבעט אין ראַדיאָ־קאָמיטעט, געווען רעדאַקטאָר פון ייִדישע טראַנסלירונגען. איצט האָב איך זיך אומגעקערט, ווײַל דער קאָלעקטיוו פון דער רעדאַקציע האָט מיך אויסגעקליבן פאַרן פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר.

„ס. ה.": איך האָב געהערט קלאַנגען, אַז מע האָט געוואָלט ביכלאַל פאַרמאַכן די צײַטונג.

וו. ב.: בעעמעס איז דאָס ניט מער ווי

קלאַנגען. כאָטש ס'איז געווען גענוג, אַז דער געגנט־סאָוועט זאָל זיך אָפּזאָגן צו זײַן דער גרינדער — און אַן עק. מע דאַרף זאָגן, אַז בעשאַס דער סעסיע פֿונעם געגנטלעכן סאָוועט זײַנען געווען אַזעלכע אַרויסטרעטונגען. אָבער די מערהייט דעפּוטאַטן האָט אונטערגעהאַלטן די צײַטונג.

„ס. ה.": איך האָב באַמערקט, אַז די פּאַרטיי האָט זיך פֿונדעסטוועגן אָפּגעזאָגט פֿון איר.

וו. ב.: יאָ, פֿריִער זײַנען מיר געווען אַן אָרגאַן פֿונעם געגנטקאָם פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פֿון דעם געגנט־סאָוועט. איצט איז אונדזער גרינדער בלויז דער געגנט־סאָוועט. פֿאַרבונדן איז דאָס מיט מאַטעריעלע סיבעס. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי קאָן זיך אַפּאַנעם הײַנט ניט דערלויבן אַזעלכע הוצאָעס. אינדערעמעסן האַלט אונדז אָבער אויס ניט דער געגנט־סאָוועט, נאָר די רוסלענדישע רעגירונג.

„ס. ה.": דו ביסט אַ קאָמוניסט?

וו. ב.: כ'בין אין דער פּאַרטיי זינט 1987.

„ס. ה.": אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד האָסטו באַקומען די צײַטונג?

וו. ב.: מיר דאַכט זיך, אַז אויפֿן „ביראָבידזשאַנער שטערן" האָט מען שוין פֿון לאַנג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. ס'גייט אַרויס אַ ייִדישע צײַטונג, און זאָל זי אַרויסגיין. וואָס דאָס איז פֿאַר אַן אויסגאַבע, ווער לייענט זי, פֿונוואַנען נעמען זיך ייִדישע זשורנאַליסטישע קאַדרען — דאָס אַלץ האָט קיינעם ניט געאַרט. אַזוי־אַרום האָט זיך באַקומען אַ פֿאַרנאַכלעסיקטע צײַטונג.

„ס. ה.": אָבער זי פֿאַרמאָגט סײַ־ווי לייענער אין פֿאַרשיידענע שטעט פֿונעם לאַנד. ווי האַלטסטו, צוליב וואָס נעמט אַ ייִד פֿון מאָסקווע צי פֿון בערדיטשעוו און שרײַבט אויס דעם „ביראָבידזשאַנער שטערן", וועלכער גייט נעבעך צו אים אַ פּאָר וואָכן?

וו. ב.: לאַנגע יאָרן איז דאָס געווען די איינציקע ייִדישע צײַטונג. אַפֿילו הײַנט, ווען אין פֿילצאָליקע שטעט לאָזט מען אַרויס אייגענע „ייִדישע צײַטונגען" (געוויינלעך אין רוסיש), האָבן מיר אין די זעלבע שטעט אַבאָנענטן אויפֿן „ביראָבידזשאַנער שטערן". מע דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז פֿאַר אַ געוויסער צאָל ייִדן איז ביראָבידזשאַן געווען און בלײַבט אַ טייל פֿון זייער גורל אָדער פֿון זייער טרוים וועגן אַ „ייִדישער היים אין ראַטנפֿאַרבאַנד". ניט אומזיסט געפֿינען זיך אַפֿילו הײַנט הונדערטער באַלאָנים אויף אַריבערצופֿאָרן קיין ביראָבידזשאַן, באַזונדערס, פֿאַרשטייט זיך, פֿון די „הייסע" רעגיאָנען — אין פּראַט פֿון צווישנאַציאָנאַלע קאָנפֿליקטן, אָדער פֿון עקאָלאָגיע. לעמאָשל, מע וויל איבערוואַנדערן פֿון דער טשערנאָבילער זאָנע. ס'זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וועלכע האָבן מוירע סײַ פֿאַר פּאָגראָמען, סײַ פֿאַר עמיגראַציע. ביראָבידזשאַן איז פֿאַר זיי אַ געוויסע פּשרה.

„ס. ה.": און פֿאַר ביראָבידזשאַן איז אַנטיסעמיטיזם פֿרעמד?

וו. ב.: איך האַלט, אַז ער גייט בײַ אונדז ניט אַרויס פֿון די שטייגער־ראַמען. מיט קיין שום „פּאַמיאַט" שמעקט ניט אין ביראָבידזשאַן. מיך וווּנדערט, ווען אייניקע הייבן אָן צו בויען פּאָליטיק אויף קלוימערשטן אַנטיסעמיטיזם אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

„ס. ה.": צי ווילסטו ניט זאָגן, אַז באַנאַנד מיטן עליִה־שטראָם עקזיסטירט אויך אַן אַנטקעגן־שטראָם, און די צאָל ייִדן אין דער געגנט וועט נאָך לאַנג קאָנען באַרעכטיקן איר נאָמען?

וו. ב.: ערשטנס, וויל איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דער „אַריפֿמעטיק" פֿון דער עמיגראַציע. יאָ, אין 1990 זײַנען פֿון ביראָבידזשאַן אַרויסגעפֿאָרן אַרום טויזנט מענטשן. אַ סאַך צײַטונגען האָבן שוין געשריבן וועגן דעם אויף אַזאַ אופֿן: וויבאַלד אין 1989 האָבן אין דער געגנט געלעבט אַן ערך 9 טויזנט ייִדן, הייסט עס, אַז איצט זײַנען פֿאַרבליבן 8 טויזנט. איך מיין, אַז אַזאַ כעזשבן שטימט ניט מיט דערווירקלעכקייט. מע פֿאַרגעסט וועגן די טויזנטער קינדער פֿון געמישטע כאַסענעס, וועלכע די סטאַטיסטיק פֿאַררעכנט געווייינלעך צו ניט־ייִדן. אָבער אינדערעמעסן זײַנען זיי אָפּטמאָל מענטשן מיט אַ ייִדישן זעלבסטבאַוווּסטזײַן, זיי בילדן אַ היפּשן כיילעק עמיגראַנטן, שוין אָפּגעשמועסט פֿון דער פֿאַרבליבענער ייִדישער באַפֿעלקערונג. אַזוי אַז די דאָזיקע ייִדישע אַריפֿמעטיק איז ניט אַזאַ קלאָרע און לויטערע. ווי עס זעט אויס פֿונעם ערשטן בליק.

וואָס איז שייך דער איבערוואַנדערונג קיין ביראָבידזשאַן פֿון אַנדערע סאָוועטישע רעגיאָנען, באַקומט זיך דערווײַל, אַז ס'איז אַ סאַך גרינגער אַרויספֿאָרן קיין ישׂראל. פֿאַרבונדן איז עס מיט דעם, וואָס דער באַשלוס, וועלכן די סאָוועטישע רעגירונג האָט פֿאַראַיאָרן אָנגענומען וועגן דער איבערוואַנדערונג אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, איז פֿאַרבליבן אָן דעם סאַמע וויכטיקסטן — אָן אַ נייטיקן מאַטעריעלן יעסאָד פֿאַר לייזן די

אזוי אויך שווערע פראָבלעם פון באזאָרגן די מענטשן מיט דירעס. בלײַבט דערווײַל דער באשלוס העגנגען אינדערלופטן, ווי ס'מאכט זיך בא אונדז זייער אָפט מיט די באשלוסן.

„ס. ה.": אזוי אז קיין פערספעקטיוו זעט קיינער ניט?

וו. ב.: פארוואָס! דו האָסט דאָך געהערט וועגן דער אידיי צו פארוואנדלען אונדזער געגנט אין א יידישער רעפובליק? איצט האָט מען דאָס אלץ אָפגעשאפן, ווײַל די באפעלקערונג האָט זייער קרענקלעך רעאגירט אף דעם.

„ס. ה.": איך האָב געהערט, אז אין דער געגנט האָט זיך אפילע געשאפן א געשפאנטע אטמאָספער.

וו. ב.: כ'וואָלט ניט געזאָגט, אז ס'האָט זיך געפילט עפעס א געשפאנטקײַט. יאָ, די פראָגראם האָט מען אָנגעהויבן באהאנדלען אין די קאָלעקטיוון, און די מערהײַט פון דער באפעלקערונג האָט זיך ארויסגעזאָגט קעגן. די מענטשן האָבן פּאָשעט ניט פארשטאנען, אז אין טאָך גענומען איז דאָס געווען ניט קיין נאַציאָנאלע אידיי, נאָר אן עקאָנאָמישע. די גאנצע געשיכטע איז ענג פארבונדן מיט דער פראָגראם פון פראָקלאמירן אונדזער געגנט פאר א פרײַער עקאָנאָמישער זאָנע. שוין היינט קומען צו אונדז צו פאָרן געשעפטסלײַט פון יאפאָן, כינע, אמעריקע, קאָרייע. ס'ציט זיי צו די רײַכקײַט פון רעסורסן. די צוקונפט פון דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט הענגט אָפּ אין א גרויסער מאָס פון דער עקאָנאָמיק. דערפאָלגן אין אָט דעם געביט וואָלטן אויך געגעבן א מעגלעכקײַט צו באזאָרגן די איבערוואנדערער מיט דירעס. און דערווײַל קאָלזמאן מיר בלײַבן א טייל פונעם כאבאראָווסקער קאנט, באקומט די געגנט דאָס, אין וואָס זי נייטיקט זיך, בלויז פון די קאנטישע אָרגאניזאציעס. דעריבער בלײַבט סײַווי, נאָך דער מאפאָלע פון דער „רעפובליקאנישער אידיי", די שטרעבונג צו זעלבשטענדיקײַט, דאָס הייסט צו עקאָנאָמישער אומאָפהענגיקײַט פונעם כאבאראָווסקער קאנט.

„ס. ה.": מיט דער עקאָנאָמיק האָבן מיר זיך פאנאנדערגעקליבן. לאָמיר איצט איבערגיין צו דער קולטור, ביפראט נאָך, אז לויט דער אינפאָרמאציע, וואָס דערגייט צו אונדז, מאָלט זיך אין ביראָבידזשאן א געוויסע אופלעבונג פון דער יידישער קולטור.

וו. ב.: די אופלעבונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט צוויי-דרײַ יאָר צוריק. פריער איז דאָך די גאנצע „יידישקײַט" פון ביראָבידזשאן געווען קאָנצענטרירט אין דער צײַטונג „ביראָבידזשאנער שטערן". לעצטנס האָט מען אָנגעהויבן דערלערנען יידיש אין עטלעכע שולן און קינדער-גערטנער. די דאָזיקע פאקולטאטיווע לימודים זײַנען ווײַט פון שליימעס, אָבער זיי האָבן געגעבן אן אימפולס. אלעמען איז דעמלט קלאָר געוואָרן, אז ס'זײַנען פאראן באלאָנים אף צו לערנען יידיש און אז מע דארף גרייטן לערער, ווײַל קיין פראָפעסיאָנעלע קאדרען זײַנען פראקטיש ניט פארבליבן. היינט האָבן מיר שוין אן אייגענעם פעדאגאָגישן אינסטיטוט, ווו עס איז פאראן א גרופע צוקינפטיקע לערער פון יידיש און ענגליש.

„ס. ה.": ווער זשע לערנט מיט זיי יידיש?

וו. ב.: דערווײַל לערנען זיי, דאכט זיך, ענגליש. עטלעכע לערער פונעם פעדאגאָגישן אינסטיטוט האָבן זיך סטאזשירט אין די פאראייניקטע שטאטן און אין יישׂראל. ניקאָלײַ באָראָדולין, לעאָניד רעזניטשענקאָ און אנדערע ארבעטן אינטענסיוו איבער דער שפּראך, קעדיי אינגיכן אָנהייבן די יידישע לימודים אין אינסטיטוט. צוזאמען מיט ניקאָלײַ באָראָדולינען האָבן מיר, אגעוו, אָרגאניזירט א קלוב בא דער רעדאקציע „ביראָבידזשאנער שטערן". דער קלוב הייסט „מאמע-לאָשן". ער קלײַבט זיך צונויף איין מאָל אין צוויי וואָכן. אף אונדזערע אָוונטן קומען געוויינלעך 30 — 50 ליבהאָבער פון יידיש.

„ס. ה.": אָבער אין ביראָבידזשאן עקזיסטירט דאָך דער קלוב „אייניקײַט". צוליב וואָס דארף מען נאָך א קלוב?

וו. ב.: אונדזער ציל איז פארהיטן יידיש, וואָס דעם קלוב „אייניקײַט" גייט עס ניט שטארק אָן, באזונדערס אין דער לעצטער צײַט, ווען זיי האָבן זיך פראקטיש צונויפגעגאָסן מיט דער געזעלשאפט פון פרײַנטשאפט מיט יישׂראל, מיט וועלכער עס פירט אָן דער פאָלקס-דעפוטאט לעאָניד שקאָלניק. אלנפאלס, עטלעכע מאָל האָבן מיר זיי אײַנגעלאדן, אָבער דערווײַל זײַנען זיי ניט געווען אף קיין איין זיצונג אונדזערער. עפשער האלטן זיי, אז זייער טעטיקײַט איז א מער יידישע, איידער אונדזער אקשאָנעסדיקער קאמף פאר יידיש.

א סאך טיפער זײַנען אונדזערע פארבינדונגען מיט דער יידישער זונטיק-שול. אן ערך צוויי הונדערט קינדער לערנען דאָרט יידיש, איווריט, יידישע געשיכטע, ווי אויך יידישע טענץ און מוזיקאלישע טראדיציעס. בא אָט דער שול פיר איך אָן מיט א קינדער-טעאטער. מיר אינסצענירן קורצע יידישע

מײַסעלעך, און די דאָזיקע פאַרשטעלונגען באַווײַזן מיר אין דער ייִדישער טעלעוויזיע־פּראָגראַם פאַר קינדער, וועלכע איך פיר איצט אָף אונדזער געגנטלעכער טעלעסטודיע.

„ס. ה.״: איך ווייס, אַז בא אײַך האָט מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק אָנגעהויבן אַרבעטן אַ טעלעסטודיע. צי האָט איר אַ סאַך ייִדישע פּראָגראַמען?

וו. ב.: צום באַדויערן, ווייניק. און ווידעראַמאָל איבערן מאַנגל אין פּראָפעסיאָנעל־געשולטע קאַדרען.

„ס. ה.״: און פונוואַנען זאָלן זיי זיך טאַקע נעמען?

וו. ב.: אונדזערע האָפענונגען זײַנען פאַרבונדן מיט די ביראָבידזשאַנער סטודענטן, וועלכע וועלן אין עטלעכע כאַדאָשים אַרום פאַרענדיקן די גרופּע „ייִדיש״, וועלכע ס'האָט געעפנט בא די העכערע ליטעראַרישע קורסן די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד״, און, פאַרשטייט זיך, מיט דעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. ער וועט בעלי־סאָפעק גרייטן נייטיקע פאַר אונדז ספּעציאַליסטן.

„ס. ה.״: דערווײַל אָבער, ניט געקוקט אָף אַלע באַמיִונגען, קעדיי פאַרהיטן און אופלעבן ייִדיש, האָט דער „ביראָבידזשאַנער שטערן״ אָפּגעגעבן פיר פון זײַנע אַכט זײַטלעך פאַר דעם רוסישן אָפּטייל. דו האַלטסט, אַז ס'איז ריכטיק?

וו. ב.: יאָ, איך האַלט, אַז דאָס איז אַ ריכטיקער באַשלוס. בלויז פאַרן לעצטן כוידעש איז בא אונדז אויסגעוואַקסן דער טיראַזש אָף פינף הונדערט עקזעמפּליאַרן. די צײַטונג ליגט איצט ניט אין די קיאָסקן. איך מיין, אַז דער „ביראָבידזשאַנער שטערן״ דאַרף טאַקע האָבן צוויי אָפּטיילן — דעם ייִדישן און דעם רוסישן, אָבער דער רוסישער לויט דעם שפּראַך־אָפּטייל דאַרף זײַן אויך אַ ייִדישער לויט דער טעמאַטיק. דעם לייענער אינטערעסירן איצט מאַטעריאַלן וועגן ייִסראָעל, וועגן דעם ייִדישן לעבן אין פאַרשיידענע שטעט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און אין אויסלאַנד, פּובליקאַציעס קעגן די אַנטיסעמיטישע אַנטפּלעקונגען. און מיר סטאַרען זיך באַפרידיקן די דאָזיקע באַדערפענישן. ניט אַלץ באַקומט זיך דערווײַל. דער אַרבעט העלפט אַוודע ניט אויך דער צושטאַנד פון אונדזער דרוקערײַ. ביזן הײַנטיקן טאָג קאָנען מיר ניט אַרײַנפירן די סאָף־אויסיעס... מיט דער קוואַליטעט פונעם פּאַפּיר איז בא אונדז אויך אָף צאָרעס. ס'איז פּאָשעט אַ ביזאָיען אָפּטמאָל פאַרן לייענער. אָבער אַפילע אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען האָבן מיר איצט געפונען אַ מעגלעכקײַט צו דרוקן איין מאָל אין אַ כוידעש אַ בײַלאַגע מיט קאָלירטע רעקלאַמע־פּובליקאַציעס.

איך וויל זיך ווענדן צו די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד״: די, וואָס ווילן באַקומען די צײַטונג דירעקט פון ביראָבידזשאַן, קאָנען פּאָשעט איבערשיקן דאָס אַבאָניר־געלט אָפן אַדרעס פון אונדזער רעדאַקציע.

„ס. ה.״: אָף אָט דער וויכטיקער פאַר אונדזערע לייענער אינפאָרמאַציע לאָמיר פאַרענדיקן אונדזער איצטיקן שמועס. מיר ווינטשן אײַך אַלעמען דערפאָלג — סײַ דעם „ביראָבידזשאַנער שטערן״, סײַ דיר און דײַנע קאָלעגן. הײַנט איז, אַגעוו, פּורים. בא אונדז אין דער רעדאַקציע וועט אין אַ פּאָר שאָ אַרום באַווײַזן ווערן אַ פּורים־שפּיל. ביפּראַט נאָך, אַז הײַנט איז אַזאַ פּורים, ווען ס'איז טאַקע פאָרגעקומען אַ נעס — די מילכאָמע מיט סאַדאַם כוסיינען האָט זיך פאַרענדיקט. איז לאָמיר אויסרעכענען אָף נאָך איין נעס — די צאָל ייִדיש־לייענער זאָל אופהערן פאַלן.

**אײַזיק זאַרעצקי**
(1956 — 1891)



# װעגן ייִדישער אָרטאָעפּיע

כאָטש „אָרטאָעפּיע״ באַטײַט „ריכטיקע רייד״, דאָך איז צו אָרטאָעפּיע שײַעך ניט אַלץ, װאָס איז שײַעך צו ריכטיקײַט פֿון רייד. לעקסישע, סעמאַנטישע און גראַמאַטישע ריכטיקײַט איז צו אָרטאָעפּיע (װי אויך צו אָרטאָגראַפֿיע) ניט שײַעך. אַהער געהער נאָר ריכטיקײַט פֿון אויסשפּראַך (עמעס, צװישן אָרטאָעפּיע און לעקסישער אָדער מאָרפֿאָלאָגישער ריכטיקײַט איז אין אייניקע פֿאַלן שװער אונטערצושיידן).

די „ריכטיקײַט״ פֿון אויסשפּראַך איז שײַעך נאָר, װען ס'איז דאָ אַ נאָרמע, װאָס לויט איר מעסט זיך די ריכטיקײַט. ריידן ניט ריכטיק הייסט — ריידן ניט לויט דער נאָרמע. די נאָרמירטע שפּראַך קען האָבן אין יעסאָד איין דיִאַלעקט אָדער עטלעכע; יעדנפֿאַלס, שיידט זי זיך פּרינציפּיִעל אונטער פֿונעם דיִאַלעקט, װאָס ער איז די נאַטירלעכע ניט נאָרמירטע שפּראַך.

די פֿראַגע װעגן ייִדישער אָרטאָעפּיע שטייט אַזוי:

1) אין װאָס פֿאַר אַ מאָס איז שוין פֿאַראַן אַ ייִדישע אָרטאָעפּיע, ד.ה. אַ נאָרמע פֿון אויסשפּראַך,

2) צי דאַרף מען זי,

3) אויב מע דאַרף זי, — איז לויט װעלכע פּרינציפּן זאָל מען זי בויען, און באַזונדערס — װעלכער דיִאַלעקט אָדער דיִאַלעקטן זאָלן ליגן אין איר יעסאָד.

אין װאָס פֿאַר אַ מאָס איז שוין פֿאַראַן אַן אָרטאָעפּיע?

דער ט ע אַ ט ע ר איז בײַ אַנדערע פֿעלקער דער װיכטיקסטער טרעגער און היטער פֿון דער אָרטאָעפּיע. בײַ אונדז גייט, װי עס זעט אויס, דער מאָסקװער ייִדישער טעאַטער אָפּ װעג פֿון איינהײַטלעכער אויסשפּראַך (אַף װיפֿל זי פֿאַלט צוזאַמען מיט די נאָרמעס, װאָס זײַנען געװוּנטשן פֿאַר דער ייִדישער אָרטאָעפּיע, דאַרף מען נאָך דערלערנען).

די אָרטאָעפּיע אין מאָסקװער טעאַטער אָריִענטירט זיך, ביכלאַל, אַף דער שריפֿט; אין אייניקע פֿאַלן — אַף דער אַלטער שריפֿט (שרעקליך, װוּנדערליך; אָבער: מײַלאָך, אויראָך). דערבײַ איז די „ליטעראַרישע״ אויסשפּראַך אייגנטימלעך אַפֿילע פֿאַר פּערסאָנאַזשן, װאָס דאַרפֿן, לויט דער פּיעסע, זײַן װײַט פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך. אין דראַמקרײַז איז אָפּטמאָל דאָ אַ טענדענץ צום ליטװישן דיִאַלעקט (װאָס מע האַלט, מיט אַ מיספֿאַרשטייעניש, פֿאַר דער „ליטעראַרישער אויסשפּראַך״).

די באַציִונג פֿון ש ר ײַ ב ע ר צו אָרטאָעפּיע קען זיך אַרויסװײַזן אין גראַמען, אין קלאַנגענשפּילן, אין אָפּנייגן פֿון דער אָנגענומענער אָרטאָעפּיע און בײַם פֿאַרלייענען זייערע אייגענע װערק. איך גיב דאָ מאַטעריאַלן נאָר צום ערשטן פּונקט.

**בא האָפשטיינען זײַנען פאראן גראמען:** הימל — טומל, אזוינע — ריינע; **בא מאר־קישן:** הערצער — דערהערט זיך; **בא שווארצמאנען:** פי — רו; דאך — רײַך; **בא קוויטקאָן:** רויט — פרייד; **בא פעפערן:** גורזוף — שאָף, געבן — פארשריבן; **בא כאריקן:** קונדייסים — גרויסע; **דאָס זײַנען אַלץ גראמען לויט דעם דיאַלעקט אָדער יענעם דיאַלעקט און קעגן דער אָנגענו־מענער אָרטאָגראפיע (דה. קעגן אָרטאָעפּיע, אויב די אָרטאָעפּיע זאָל זיך אָריענטירן אַף דער אָנגענומענער אינטערדיאַלעקטישער שריפט). עמעס, פאראן א פארקערטע דערשײַנונג אויך, צ. ב., בא פעפערן:** גראָז — שאָס, קאָרן — געפאָרן. **אָבער מע קען ניט וויסן, צי זײַנען דאָ „אָרטאָעפּישע“ צי „ליטווישע“ גראמען.**

**דער אויספיר:** פּאָעזיע, אַף וויפל דאָס ווײַזט זיך ארויס אין גראמען, איז קיין אָר־טאָעפּיע ניטאָ אָדער קימאט ווי ניטאָ.

אין טאָגטעגלעכע רייד, אפילע אין עפנטלעכע ארויסטרעטונגען, איז אָרטאָעפּיע מי־נימאַל פארשפרייט, קימאט ווי גאָרניט. געבילדעטע מענטשן, אפילע שפּראכלער,ריידן אַף זייער דיאַלעקט אָדער אַף א געמיש פון „ליטערארישער אויסשפּראך“ (דה. לויט דער שריפט) מיטן דיאַלעקט.

עס מערקט זיך אָבער א שטרעבונג זיך אָפּזאָגן פון שארפע פּראָווינציאַליזמען.

צווישן געוויסע קרײַזן איז פארשפרייט א מיינונג, אז „ליטוויש“ איז „ליטעראריש“. מע זאָגט, אז פּוילישע און אוקראַינער אסימילירן זיך מיט ליטוואקעס גרינגער, ווי פארקערט. ווען־ניט־ווען קומען פאָר אין רייד אזעלכע גרײַזן, ווי „בלוץ, טונט“ (מיינענדיק, אז יעדער אוקראַינישער i איז ליטוויש ej). פון דער אנדערער זײַט, ווייסן אייניקע ליטוואקעס, אז אין פּראט פון דיפטאָנג u איז „ליטוויש ניט ליטעראריש“; דערפון אזעלכע גרײַזן אין רייד, ווי: „א ו י ב י ק, אווראָם ר ו י ז י ן“.

אמאָל קען מען טרעפן א ווידערשטאנד קעגן דער „ליטערארישער אויספּראך“, אלס א פּרעמדער, אריסטאָקראטישער. איינע א פּעדקורסאנטקע אין אוקראַינע פלעגט, קומענ־דיק פון די קורסן אהיים, אויסהערן פון איר מאמע אזא פאָרוואורף: „ביסט שוין געוואָרן א דײַטשקע? קענסט ניט זאָגן: „וואָסער“, ניט „וואסער“?

אכוצן אויסקלײַבן פון דער אָדער יענער דיאַלעקטישער פאָרמע, זײַנען בא אָרטאָעפּיע שײַער נאָך אנדערע פּראגעס, צ. ב., „פערשטענדליך“ (לויט דער אלטער שריפט) צי „פאר־שטענדלעך“ (לויט הײַנטיקער אָרטאָעפּיע). „כאַראקטיער“ (לויט רוסיש) צי „כאראקטער“ (לויט דער יידישער פאָנעטיק), „גאָריזאָנט“ (לויט רוסיש) צי „האָריזאָנט“ (לויט דער מײַ־רעוו־אייראָפּעישער פאָרמע) אא. דאָ זעט זיך אויך ניט קיין איינהײַטלעכער מאָדוס: מע זאָגט סײַ: „פערשטענדליך“, סײַ „פארשטענדלעך“ (דער זעלביקער מענטש זאָגט אפילע „פערשטענדליך“ און „פארכאפּן“, ווײַל איין וואָרט האָט ער באקומען פון ליטעראטור, א צווייטן פון דער היימישער שפּראך“; מע זאָגט: „א י י ר אָ פּ ע“ און „י ע ו ר אָ פּ ע“, „פּ א־ר י ז“ און „פּ א ר י ז ש“.

לעסאָף דארף מען נעמען אין באטראכט, אז קיין קלאָלים פון אָרטאָעפּיע זײַנען נאָך דערווײַל ניט פאָרמולירט און ניט אָנגענומען אָפיציעל. ס'איז נאָך ניטאָ קיין העסקעם וועגן דעם כיילעק פון פארשיידענע דיאַלעקטן אין דער אָרטאָעפּיע.

**הייסט עס** — קיין יידישע אָרטאָעפּיע איז נאָך ניטאָ. עס זעען זיך נאָר די קאָנטורן פון דער קומענדיקער סיסטעם.

איך גיי אריבער צום צווייטן פונקט פון דער פראגע: צי דארף מען אן אָרטאָעפּיע?

מע קען גרינג מאָטיווירן די ניט־נייטיקײַט פון אן אָרטאָעפּיע: שווערער איז — אויסצוקלײַבן צווישן די אלע מאָטיוון און מאכן דעם ענדגילטיקן אויספיר.

מאָטיוון פאר אָרטאָעפּיע:

1. „וואָס איינהײַטלעכער ס'איז איר (דער שפּראכס) אויסשפּראך, אַלץ גרעסער איז איר סאָציאַלער פארקער־באטײַט. דיאַלעקטן ביכלאל זײַנען אין א גרויסער מאָס א פּראָדוקט פון אלטע, אָפּגעלעבטעווירטשאפטלעך־פּאָליטישע באציונגען — — — די אנטשטייונג פון א ליטערארישן דיאַלעקט איז היסטאָריש פּראָגרעסיוו — — — אין ראטנלאנד, ווו יידיש איז אײַנגעפלאָכטן אין דער סיסטעם פון מעלוכישן, ווירטשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן — — — איז אקטועל־צײַטיק געוואָרן די פראגע וועגן אן איינהײַטלעכער אָרטאָ־עפּישער סיסטעם“.

2. דער טעאטער פאָדערט קאטעגאָריש אן איינהײַטלעכע אויסשפּראך.

3. אויב ראדיאָ־ריידונג אַף יידיש זאָל ווערן אן אָפטערע דערשײַנונג, וועט דאָ די איינהײַטלעכע אויסשפּראך זײַן נאָך עפּשער נייטיקער ווי פארן טעאטער.

4. אין א דיִאַלעקטן־געמישטער שול (אַזעלכע זײַנען בײַ אונדז ניט ווייניק) וועט דער שפּראַך־לימעד פאַרגרינגערט ווערן, אויב ס'זאָל זײַן א נאָרמירטע אויסשפּראַך.

5. בײַ א ליטעראַרישער אויסשפּראַך וועט זיך די שריפט קענען אָריִענטירן אויף אָט דער אויסשפּראַך אָנשטאָט אויף דיִאַלעקטן, דה. אָנשטאָט דעם אינטערדיִאַלעקטישן פּרינציפּ וועט קומען דער פאָנעטישער, דאָס וועט זי מאַכן גרינגער צום אויסלערנען.

6. ס'וועט קענען זײַן אן איינהייטלעכע טראַנסקריפּציע פון יִדישע ווערטער, צ. ב., אײַגננעמען אויף אנדערע שפּראַכן. הײַנט, בײַ דער אַפּוועזנהייט פון אן אָפיציִעלער אָרטאָ־עפּיע, ווייסט מען ניט צי „אווראָם" איז אויף רוסיש Авром צי Аврум.

מאָטיוון קעגן אָרטאָעפּיע:

1. ס'איז ניטאָ יענע קראַפט (פּאָליטישע, סאָציִאַלע, קולטוּרעלע), וואָס זאָל קענען פאַרווירקלעכן די איינהייטלעכע אויסשפּראַך: מע דאַרף וואַרטן, ביז די אָרטאָעפּיע וועט געשאַפן ווערן אויף א נאַטירלעכן וועג.

2. ס'וועט זײַן שווער זיך אָפּריידן וועגן די נאָרמעס פון אן איינהייטלעכער אויס־שפּראַך, וועגן די רעכט פון פאַרשיידענע דיִאַלעקטן.

3. אין שול וועט מען מוזן ברעכן דעם קינדס נאַטירלעכן דיִאַלעקט.

4. די יִדישע דיִאַלעקטן זײַנען גענוג נאָענט צווישן זיך און נייטיקן זיך ניט אַזוי שטאַרק אין קיין פאַרמיטלער.

5. א נאָרמירטע אויסשפּראַך לייגט קייטן אויף דער פרײַער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך.

קעגן יעדערן פון די מאָטיוון, סײַ פאַר סײַ קעגן, קען מען אַרויסשטעלן אנדערע, ניט ווייניקער וואָגיקע.

מע דאַרף פאַנאַנדערקלײַבן אַלע מאָטיוון פאַר און קעגן (מיסטאָמע האָב איך נאָך פאַר־פעלט אייניקע), געבן זיי א סאָציִאַלע אָפּשאַצונג און פאַרגלײַכן זייער ווערט. דאָס איז גאָר ניט קיין גרינגע אַרבעט, און דאָ לאָז איך זי דערווײַל אָן א זײַט.

פאַקטיש שאַצט יעדערער די מאָטיוון אַנדערש, א סימען — אַז פאַר איינע איז אָר־טאָעפּיע א נייטיקע זאַך, פאַר אנדערע איז זי, ווײַזט אויס, א לעבנסווײַטע זאַך, און פאַר א דריטן טייל איז זי נייטיק, אָבער מיט געוויסע באַגרענעצונגען.

פון אייניקע לערער איז מיר אויסגעקומען הערן נאָך אן עקסטרעמערע מיינונג: ניט נאָר קיין איינהייטלעכע אויסשפּראַך — אפילו קיין איינהייטלעכע שריפט דאַרף ניט זײַן. מע דאַרף זיך אומקערן צו דיִאַלעקטישער שריפט. דאָס וועט פאַרגרינגערן דעם אונטעריכט. איינהייטלעכע שריפט איז „אימפּעריִאַליזם".

די מאַקסימאַלע אָרטאָעפּיע דאַרף האָבן אָרט אין טעאַטער, באַם זינגען אין כאָר, בײַ קינסטלערישער פאָרלייענונג, באַם דיקטירן. זי קען צוניץ קומען אין טאָגטעגלעכער רייד אין ספּעציִעלע פאַלן, צ. ב., בײַ מיספאַרשטייענישן איבער דיִאַלעקטישע האָמאָנימען. ווען א ליטוואַק זאָגט „ברייט" און דער צווייטער (ס'מעג זײַן א ליטוואַק אָדער אן אוקראַיִנער) פאַרשטייט ניט ריכטיק, וועט דער ערשטער אויסטײַטשן אָרטאָעפּיש: ברויט (אָנשטאָט אויס־צוטײַטשן אָרטאָגראַפיש: „ברייט מיט א וואָוו־יוד").

דער דריטער פּונקט אין דער פראַגע וועגן אָרטאָעפּיע איז — ווי זאָל זי געבויט ווערן (אָדער — בײַ צוויי אָרטאָעפּיעס — ווי זאָל געבויט ווערן יעדערע פון זיי).

דער וויכטיקסטער, אָבער ניט דער איינציקער, טייל פון דער אָרטאָעפּיע איז יענער, וואָס איז שײַער צו דיִאַלעקטישע אונטערשיידן.

געוויינלעך נעמט מען אָן, אַז די אָרטאָעפּיע דאַרף זײַן צוגעפּאַסט צו דער שריפט (וועלכע איז צוגעפּאַסט אין גרעסטן טייל צום ליטווישן דיִאַלעקט).

די אָרטאָעפּיע דאַרף זיך צופּאַסן צו דער מערהייט, ניט צו דער מינדערהייט, אָבער די עקזיסטענץ פון א פעסטגעשטעלטער שריפט, וואָס איז צוגעפּאַסט צו דער מינדערהייט, מאַכט די פראַגע שווערער.

אויב דער לערער איז פאַרינטערעסירט אין אן אָרטאָעפּיע, איז עס טיילווײַז (איך מיין, אַז אפילו הויפּטזאַכלעך) צוליב אָרטאָגראַפיע. ער וויל מאַכן פון דער יִדישער אינטער־דיִאַלעקטישער שריפט א „ליטעראַרישע", קעדיי עס זאָל זי זײַן גרינגער אויסלערנען. ער וויל אַזאַ שריפט, וואָס זאָל זיך מעסטן אויף דער מינדלעכער רייד. אַזוי ווי אָבער שריפט האָבן מיר שוין און קיין נאָרמע פון מינדלעכער אויסשפּראַך נאָך ניט, הייסט עס פאַקטיש, אַז מיר דאַרפן די נאָרמאַליזירטע מינדלעכע אויסשפּראַך, די אָרטאָעפּיע, וואָס מיר ווילן שאַפן, צופּאַסן צו דער שריפט.

אַט פאַרוואָס בא קיינעם פון די לערער קומט גאָר קיין ספק ניט אויף וועגן דעם, אַז די איינהייטלעכע אויסשפּראַך דאַרף זײַן לויט דער שריפט (ניט, אַשטייגער, לויטן אוקראַיִנישן אָדער פּוילישן דיִאַלעקט). אויב מע זאָל פאַרלייגן דעם לערער אַזאַ אָרטאָעפּיע: זאָגן דאַרף מען kim, tug און שרײַבן, ווי הײַנט, „קום, טאָג" — וועט ער עס געוויס אָפּוואַרפן.

טעאָרעטיש איז נאָך מעגלעך אַ ווײַטערער שריט. איבערמאַכן די שריפט גופא אַזוי, אַז זי זאָל זײַן צוגעפּאַסט מער צו דער מערהייט ייִדיש־ריידער (צ. ב., שרײַבן „קים מיט מיר", שרײַבן „טאָג" און „וואָך" מיט פאַרשיידענע וואָקאַלן אאַוו.). אָבער דאָס וואָלט געווען אַזאַ קאָלאָסאַלע הוצאָה פון געזעלשאַפטלעכער ענערגיע, אַז ס'איז ניט רעאַל צו רעדן וועגן דעם בא הײַנטיקע באַדינגען.

עס קען נאָך זײַן אַ דריטע שטעלונג: אָננעמען פאַרן יסוד פון דער אָרטאָעפּיע ניט די שריפט און ניט די פאַקטישע רייד פון דער מערהייט, נאָר די פאַקטישע רייד פון די, וואָס ריידן (אָדער סטאַרען זיך רעדן) „ליטעראַריש". אַזוי האַלט צווײַג. דערבײַ דאַרף פאַר אים זײַן אינדיפערענס, *פאַרוואָס* רעדן די ליטעראַריש־רעדנדיקע דאַפקע אַזוי, ניט אַנדערש.

אַזאַ צוגאַנג מוז מען אָנווענדן דעמלט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ שפּראַך מיט אַן אײַנגעפונדעוועטער ליטעראַרישער אויסשפּראַך — אַן אויסשפּראַך, וואָס איז שוין פאַר אַ געוויסן שיכט (אינטעליגענץ) געוואָרן פון דורעסלאַנג די נאַטירלעכע אויסשפּראַך. בא אונדז זײַנען די באַדינגען ניטאָ — מעגן מיר זיך פאַרגינען *שאַפן* די אָרטאָעפּיע, ווי אונדז *לוינט*, ניט נאָכגעבן דעם פאַקט, דה. מיר מעגן (און מוזן), זעענדיק אַ געוויסע טענדענץ אין דער רייד פון די „קולטורעלע ייִדיש־ריידער" — *אָפּשאַצן* די טענדענץ, און אָדער אָננעמען זי, אָדער אָפּוואַרפן זי.

איבעריקס, פאַקטיש וועט צווישן אַן אָרטאָעפּיע, אָריִענטירט אויף דער שריפט, און אַן אָרטאָעפּיע, אָריִענטירט אויף דער פּראַקטיק פון „קולטורעלע ייִדיש־ריידער", קיין גרויסער כילעק ניט זײַן, וואָרעם זיי אַליין ריידן, געוויינלעך, לויט דער שריפט.

ווײַזט אויס, אַז מע מוז אָננעמען אַזאַ אָרטאָעפּיע, וואָס אָריִענטירט זיך אויף דער הײַנטיקער שריפט (אין אינטערדיִאַלעקטישן סעקטאָר). און די שוועריקייט פון אַזאַ אָרטאָעפּיע פאַר דער גרעסטער מערהייט דאַרף געלינדערט ווערן דורכן אײַנפירן פון אַ מאַקסימום און אַ מינימום. בלויז די מאַקסימאַלע אָרטאָעפּיע אַנולירט *אַלע* דיִאַלעקטישע אונטערשיידן (כוץ איינצלנע ווערטער), די מינימאַלע אָבער רײַבט אָפּ נאָר די שאַרפערע פּראָווינציִאַליזמען.

קיין אויסשעפּיקן קאָנקרעטן פּראָיעקט פון דער מינימאַלער אָרטאָעפּיע בענוגע דיִאַלעקטיזמען קען איך נאָך איצט ניט געבן.

מע דאַרף אָננעמען פּרינציפּיִעל, אַז קיין פולע איינהייטלעכקייט דאַרף אַפילע אין דער מאַקסימאַלער אָרטאָעפּיע, ווי אויך אין דער אָרטאָגראַפיע, ניט זײַן. פאַראַן ווערטער, וואָס מע דאַרף דערלאָזן אין פאַרשיידענע פאָנעטישע געשטאַלטן מיט דער זעלביקער רעכט, צ. ב.:

גבאָרן — געבוירן (אַזוי: געפאָרן, פאַרלאָרן אאַ.).
געשריִען — געשריגן.
זײַנען — זענען, זײַט — זענט.
יאָ — יע.
לעבן — לעם.
ניט — נישט.
עלעף — עלף.
קאָנען — קענען.
ריידן — רעדן.

דיִאַלעקטישע אונטערשיידן זײַנען ניט די איינציקע, וואָס די אָרטאָעפּיע דאַרף רעגולירן. מע דאַרף נאָך באַטראַכטן די דאָזיקע דערשײַנונגען:

1) די פאַלן, ווען די שריפט שפּיגלט ניט אָפּ דעם אָדער יענעם דיִאַלעקט, נאָר זי גייט קעגן דער לעבעדיקער שפּראַך. אין אַזעלכע פאַלן דאַרף די אָרטאָעפּישע נאָרמע זיך ניט רעכענען מיט דער שריפט, נאָר אָנטשפּרעכן דער לעבעדיקער אויסשפּראַך.

מע דאַרף נאָך אָבער אופשטעלן אַ צעטל פון אַזעלכע פאַלן. איך בין גענייגט רעכענען אַהער דעם פּרעפיקס גע־ (וואָס ווערט אַרויסגערעדט, מײַן איך, גי־), דעם פּאַרטיקל

„זיך" נאָך א ווערב (קעמט זיך — ווערט אויסגערעדט קעמצאך, קעמצעך, ניט kemtzich), עפשער אויך דעם פּארטיקל „קיין" (ווערט ארויסגערעדט קין, קיַן, אָבער, דוכט זיך ניט kejn), עפשער איז שיַיעך אהער דער פּרעפיקס צע־.

קלאָר, אז דער אלטער אויסלייג דארף אוואדע ניט האָבן קיין אָרט אין אָרטאָעפּיע: די אויסשפּראכן ojfnemen, freilich דארף מען האלטן פאר פאלשע.

2) צווישן אסימיליאציע (און צוניפגוס) פון קלאנגען דארף מען אונטערשיידן צוויי גרופּעס: אלגעמיין־יִדישע, צ. ב., „אויזגיסן" אָנשטאָט „אויסגיסן", און פּראָווינציַאליזמען, צ. ב., „איי מינוט" אָנשטאָט „איין מינוט", אָרטאָעפּיש וועט, הייסט עס, זיַן „אויזגיסן", אָבער „איין מינוט". א צעטל פון די דערשיַנונגען, מיט זייער איַנטיילונג לויט די צוויי גרופּעס, דארף מען נאָך אויך ערשט אופשטעלן.

3) קירצינגען, ווי „איכל קומען, עסט נעמען, מירן זען, מירן געזען, מע האָטן געַכאפּט", דארף מען אויך איַנטיילן אף צוויי גרופּעס: די מער פארשפּרייטע דארפן דערלאָזט ווערן (אָפּט אפילע רעקאָמענדירט ווערן) אין דער מאקסימאלער אָרטאָעפּיע, די ווייניקער פארשפּרייטע — בלויז אין דער מינימאלער אָרטאָעפּיע אָדער גאָר ניט דערלאָזט ווערן. אין דעם פּונקט דארף זיַן א טאָלעראנטער צוגאנג, וואָרעם קירצונגען זיַנען ביכלאל א פּראָגרעסיווע שפּראך־דערשיַנונג (עקאָנאָמיע פון שפּראכלעכע מיטלען).

4) קיין רוסישע פאָנעטיק אין אינטערנאציַאָנאלע ווערטער דארף ניט דערלאָזט ווערן: ניט יעווראָפּע, יעגיפּעט, יעוואנגעליַע, אבסטראגירן, גאָריזאָנט, גאָלאנדיַע, אָרפאָגראפיע, פּאפאָס, מיף, טיעאטער, כאראקטיער מאָטיוו (ווייכער „ט"), פּאריזש, סימוואָל אאוו., — נאָר אייראָפּע, עגיפּעט, עוואנגעליַע, אבסטראהירן, האָריזאָנט, האָלאנד, אָרטאָגראפיע, פּאַטאָס, מיטוס, טעאטער, כאראקטער, מאָטיוון (דער זעלביקער „ט" ווי אין „טיכל"), פּאריז, סימבאָל.

5) די אויסשפּראך פון פרעמדשפּראכיקע קלאנגען (רעלאטיוו — רעליאטיוו, אאודיטאָריע — אודיטאָריע, אועלס — וועלס) דארף מען באהאנדלען באזונדער, אהער אויך אייגננעמען (פּעטראָווסקי — פּעטראָווסקע, מאָסקעווע, ווארשע — ווארשעוו).

6) אין אייניקע פאלן וועט מען דארפן אויסקליַבן פון צוויי פאָנעטישע געשטאלטן פון אן אינטערנאציַאָנאל וואָרט: קאָנפערענציע — קאָנפערענץ, מיליציע — מיליץ, רעדאקטירן — רעדאגירן, עקזיסטירן — עקסיסטירן אא. דאָס שטייט שוין אפן גרענעץ פון לעקסיק.

7) צו אָרטאָעפּיע איז נאָך שיַיעך די שטעלונג פון אקצענט. מע דארף פּראָקלאמירן פאר פאלשע אויסשפּראכן די רוסיש באווירקטע קלא׳סנק׳אמף (מיט צוויי אקצענטן אףביידע טיילן פונעם צוניפזאץ), בי„לדונג־קאָמיסארי׳אט (מיט צוויי אקצענטן), בערגעלסאָ׳ן, האָפּשטיי׳ן (מיטן אקצענט אפן לעצטן טייל).

וואָס דארף מען טאָן אין דער נאָענטסטער ציַיט?

ערשטנס, זאמלען מאטעריאל צו דער לייזונג פון די אָרטאָעפּישע פראגעס.

צווייטנס, דערלערנען די פּאקטישע פארשפּרייטקיַיט פון פארשידענע אָרטאָעפּישע נאָרמעס.

דריטנס, אָנהייבן איַנפירן אָרטאָעפּישע רייד אין פּעדטעכניקומען אדג. (צוויַג).

וועגן אזעלכע עקספּערימענטן האָב איך גערעדט נאָך אין 1923 (זאמלונג „יִדיש", כארקאָוו). מיר אליין איז אָבער ניט געלונגען דורכפירן עס אין טעכניקום.

פערטנס, אפן סמאך פון די אלע דריַ — ביסלעכוויַז אויסארבעטן א קאָנקרעטן פּראָיעקט פון אָרטאָעפּיע. מיטאמאָל קען עס ניט פּאָרקומען. די באהאנדלונג דארף מען ניט אָפּלייגן ביז ס׳וועט פּארטיק ווערן די פראגעס שוין באהאנדלט — אין דער פּרעסע, אף אָרטיקע קאָנפערענצן. א צוזאמענפאָר פון יִדיש־לערער (אזא צוזאַמענפאָר מוז מען אופרופן, צוליב אנדערע פראגעס אויך) וועט קענען געבן אן אווטאָריטעטפולע דירעקטיוו, לעכאָלהאפּאָכעס וועגן די פּרינציפּן פון יִדישער אָרטאָעפּיע.

מאָסקווע, יון 1929.

(זשורנאל „די יִדישע שפּראך"

נומ. 3 (16), 1929.

ארקאדי שולמאן

# מארק שאגאלס צוריקער קיין וויטעבסק

דער באוווסטער קונסט־קענער און מוזיקאנט מיכאיל סעמיאָנאָוויטש קאזיניק, וועלכער האָט אין וויטעבסק אף דער עפענונג פון מארק שאגאלס אויסשטעלונג אויסגעפילט יידישע ניגונים, האָט דערציילט פארן אוילעם אזא געשיכטע.

— ניט לאנג צוריק בין איך געווען אין שווייצאריע. איך האָב דאָרט געלייענט לעקציעס אין דער אקאדעמיע פון מוזיק. די סטודענטן האָבן מיך געפרעגט: „פונוואנען זייט איר געקומען אהער?" — „פון ווייַסרוסלאנד, פון מינסק". קוקן זיי זיך איבער און פרעגן איינער באַם אנדערן: „וווּ געפינט זיך עס?" איך האָב אָנגעהויבן אָנרופן אנדערע שטעט פון ווייַסרוסלאנד, און ווען כ'האָב דערמאָנט וויטעבסק, איז די אאודיטאָריע געוואָרן אופגעלעבט: „א, וויטעבסק! שאגאל! איצט איז אונדז פארשטענדלעך, ווו עס איז אייַער היים־אָרט..."

און טאקע, אין דער גאנצער וועלט ווייסט מען, אז די פארהעלטניסמעסיק ניט גרויסע שטאָט וויטעבסק, אפן ברעג פון דער מייַרעוודיקער דווינע, איז די געבורט־שטאָט פון מארק שאגאלן. דער גרויסער קינסטלער האָט געשאפן אן אייגענע אלוועלט, אין צענטער פון וועלכער ס'געפינט זיך וויטעבסק. אין אייניקע פאלן האָט וויטעבסק פיגורירט בא אים אלס ניט קיין גרויסע פראָווינציעלע שטאָט מיט אויסגעקרימטע פארקנס און טויבע פוסטירפלעצער, מיט שיקערע וואסערפירערס און אייביקער נויט, נאָר אָפטער אלס אויסגעדיכטעטע פאנטאסטישע שטאָט, ווו דער פידלער האָט געשוועבט איבער די דעכער, און ס'האָט זיך געדוכט, אז ער פירט מיטן סמיק ניט איבער סטרונעס, נאָר איבער די שטערן פון הימל.

אין סאָף פונעם פאָריקן יאָר האָט דער וויטעבסקער געגנטלעכער סאָוועט פון די דעפוטאטן אָנגענומען א באשלוס אוועקצושטעלן א מעמאָריאלן צייכן, געווידמעט מארק שאגאלן, עפענען א קינסטלערישן און מעמאָריאלן מוזיי. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אן אָרגקאָמיטעט, אין די בענק האָט מען געעפנט כעזשבן־קאָנטעס, און מע איז צוגעטראָטן צו דער ארבעט. איבערהויפט גיבן זיך איבער דעם איניען די ענטוזיאסטן — דער ווייַסרוסישער דיכטער דאָוויד סימאָנאָוויטש, דער דירעקטאָר פונעם אויסשטעלונגזאל ליובאָוו באזאן, דער קאנטקענער ארקאדי פאָדליפסקי.

אין יאנוואר כוידעש זייַנען אין וויטעבסק דורכגעפירט געוואָרן די ערשטע אלפארבאנדישע „שאגאל־טעג". דער גייַסט פון גרויסן מאעסטראָ האָט געשוועבט איבער דער שטאָט. זייַן נאָמען האָט געהילכט אין די גאסן, אין די הייַזער, אין די אנשטאלטן און אין די שולן. אין מעשעך פון א וואָך זייַנען וועגן שאגאלן דורך דער טעלעוויזיע דעמאָנסטרירט געוואָרן צוויי פילמען, וועלכע ס'האָבן געשאפן יאפאנישע און פראנצויזישע קינעמאטאָגראפיסטן. עס איז ארויס א ספעציעלער נומער פון דער היגער צייַטונג, געווידמעט דעם לעבן און דער שאפונג פון מארק זאכאראָוויטש שאגאלן, מאטעריאלן וועגן אים האָבן זיך באוויזן אין די רעפובליקאנישע און אלפארבאנדישע צייַטונגען. דער מינסקער טעאטער „אקט" האָט אין וויטעבסק געוויזן דעם ספעקטאקל „מארק שאגאל" (רעזשיסער וויטאלי בארקאָווסקי). דער ספעקטאקל שטעלט מיט זיך פאָר א דורכויסיקע אימפראָוויזאציע, וואָס דרינגט ארויס פון דערינערונגען. די ארטיסטן דערציילן וועגן דעם קינסטלער, קאָמענטירנדיק זייַנע געמעלן אפן „סצענישן לאָשן". די סטודענטן פונעם וויטעבסקער פעדאגאָגישן אינסטיטוט האָבן אָרגאניזירט אן אויסשטעלונג „מיר מאָלן שאגאלן".

די הויפט־געשעענישן פון די „שאגאל־טעג" זייַנען פאָרגעקומען אין שטאָטישן צענטער פון קולטור. עס זייַנען געקומען צו פאָרן פון פארשיידענע שטעט און רעגיאָנען אָנגעזעענע שרייַבער, קונסטקענער, קינסטלער, טוער פון דער קולטור, פארשטייער פון דער פרעסע, ראדיאָ און טעלעוויזיע. עס איז פאָרגעקומען א פרעסע־קאָנפערענץ. די מערהייַט פראגן, וואָס די זשורנאליסטן האָבן גע־

שטעלט, האָבן געהאט א שײַכעס צו דער עפענונג אין וויטעבסק פון מארק שאגאלס מוזיי.

דער פארטרעטער פונעם מיניסטער פון קולטור פון דער ווײַסרוסישער רעפובליק וו. פּ. רילאטקאָ האָט געזאָגט, אז צום באדויערן, זײַנען דערווײַל ניטאָ קיין מיטלען אף צונויפזאמלען שאגאלס ארבעטן פארן וויטעבסקער מוזיי. האָבנדיק אין זינען די דערפארונג פון אנדערע מוזייען אין דער וועלט, האָט ער פאָרגעלייגט, אָנשטאָט בילדער, שאפן סלײַדאָטעקן, ווידעאָטעקן און דעמאָנסטרירן דאָס אלץ פאר די צושויער.

די וויסנשאפטלעכע מיטארבעטערן פונעם מעלוכע־מוזיי פאר אָנשוילעכער קונסט אף פּושקינס נאָמען ס. א. בעסאָנאָווא האָט פאָרגעלייגט:

— קוידעמקאָל דארף מען אין הויז, ווו שאגאל האָט געלעבט, אופשטעלן דאָס מעבל, וואָס איז געשטאנען בײַס דער קינסטלער האָט דאָרט געלעבט. דאָס קאָן מען טאָן לויט שאגאלס בילדער. פארשטייט זיך, מע דארף דעראָבערן די בילדער. אָן זיי קאָן קיין מוזיי ניט זײַן. ס׳איז לעכערלעך צו האָפן, אז א וואָסער־ניט־איז ערנסטער מוזיי וועט איבערגעבן אונדז שאגאלס ווערק. נאָר ס׳זײַנען דאָך פאראן פריוואטע קאָלעקציאָנערן, בא זיי וועט מען קאָנען דעראָבערן ניט ווייניק בילדער. אויסער דעם, איז, ווי באוווסט, ביז איצט ניט פאנאנדערגעקליבן שאגאלס רוסישער ארכיוו אין סען־פּאָל דע וואנס. דארף מען זיך צוײַלן, ביזוואנען ער איז ניט צעטיילט געוואָרן צווישן די פּראָווינציעלע מוזייען פון פראנקרײַך.

דער פאָרשטייער פון דער אסאָציאציע פון יודאיק און יידישער קולטור ג. אי. קאזאָווסקי האָט אָנגעוויזן, אז פאר דער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט אין וויטעבסק פונקציאָנירט די גאלעריי פונעם פאָלקס־קינסטלער פון ווײַסרוסלאנד יעהודע פּען, וועלכער האָט געלעבט אין וויטעבסק און איז געווען שאגאלס לערער. די דאָזיקע גאלעריי האָט זיך פארהיט און געפינט זיך איצט אין מינסק אין די זאפאסניקעס פונעם ווײַסרוסישן מוזיי. ס׳איז זייער צוועקמעסיק, אז די בילדער זאָלן אומגעקערט ווערן אין וויטעבסק, און אפן יעסאָד פון דער דאָזיקער גאלעריי קאָן מען עפענען א זאל, געווידמעט מארק שאגאלס שאפונג.

דער קאנדידאט פון היסטאָרישע וויסנשאפטן וו. מ. וואָלאָדארסקי האלט, אז מע דארף אין וויטעבסק שאפן א שאגאל־צענטער. דערווײַל איז מעגלעך אקצענטירן די אופמערקזאמקײַט אף וויסנשאפטלעכע ארבעטן וועגן דעם גרויסן קינסטלער.

דער דירעקטאָר פון איינעם פון די גרעסטע מוזייען פון דײַטשלאנד — קונסטהאלע, וועלכער געפינט זיך אין פראנקפורט־אף־מײַן, קריסטאָף וויטאלי האָט מיר געזאָגט:

— ווי ווייניק שאצט איר אײַערע טאלאנטן! אף מײַרעוו וואָלט אזא שטאָט, ווי וויטעבסק, שוין



די באוווסטע ווײַסרוסישע שרײַבער וואסיל ביקאָוו (פון רעכטס) און ריגאָר באָראָלולין.



דער פידלער מיכאיל קאזאניק פילט אויס כסידישע ניגונים.

לאנג זיך צעבליט אדאנק איר גרויסן לאנדסמאַן. זי וואָלט געוואָרן א צענטער פון טוריזם. אין וויטעבסק בין איך דאָס ערשטע מאָל. פון דעם, וואָס איז פארבונדן מיט שאגאלס לעבן, איז קימאט גאָרנישט ניט רעסטאווירט... בא זיך אין קונסטהאלע פארנעם איך זיך איצט מיט דער צוגרייטונג פון אן אויסשטעלונג, געווידמעט שאגאלס פעריאָד אין רוסלאנד. דאָס איז דער סאמע אינטערעסאנטער פעריאָד פון זיַין שאפונג. איך מיין, אז מיר וועלן קאָנען מיטארבעטן אין דעם פראט און וועלן העלפן איינער דעם צווייטן...

פארשטייט זיך, אז די סאמע צענטראלע געשעעניש אין די ערשטע אלפארבאנדישע שאגאל־טעג אין וויטעבסק איז געווען די עפענונג פון דער אויסשטעלונג „דער צוריקער פונעם מאעסטראָ". עכטע פערל פון דער מאָלעריַי־קונסט האָבן צוגעשטעלט צו דער עקספּאָזיציע אי. אי. ערנבורג, וו. א. דודאקאָוו, ד. ג. עפראָס. דאָס זיַינען בילדער, איַינגעשלאָסענע אין אלע שאגאלס קאטאלאָגן: „די נאקעטע אפן האָן", „די אפטייק אין וויטעבסק", „די גרינע פארליבטע". דער גרעסטער מוזיי פון לאנד — דער מוזיי פון אָנשוילעכער קונסט אפן נאָמען פון א. ס. פושקין — האָט געגעבן אף עקספּאָזיטירן 26 אווטאָרישע ליטאָגראפיעס און האָט געהאָלפן לייזן פיל אָרגאניזאטאָרישע פראָבלעמען. דער פסקאָווער קינסטלערישער רעזערוואט־מוזיי האָט פאָרגעשטעלט צוויי שאגאלס ארבעטן, וועלכע האָבן זיך ניט לאנג צוריק אומגעקערט פון יאפּאָניע. זעלטענע דאָקומענטן און פאָטאָמאטעריאלן האָבן עקספּאָנירט ג. קאזאָווסקי, אי. פלאָטקין, וו. פושקאריאָוו און ל. אָסעני. מיט גרויס אופמערקזאמקיַיט האָבן זיך באצויגן צו דער אויסשטעלונג אי. יו. און וו. יו. קאטאניאן. אדאנק זייער אָנטייל זיַינען אף דער אויסשטעלונג באוויזן געוואָרן שאגאלס ארבעטן פון לילי בריקס קאָלעקציע, צווישן זיי אָפּאָרטן פון די דריַיסיקער יאָרן, ווי אויך שאגאלס בריוו.

אײדער ס'האָט זיך געעפנט די אויסשטעלונג, האָב איך צוזאמען מיט מארק שאגאלס פלימעניצעס אידא אראָנאָוונא גאָלדבערג און סאָפיע זאכאראָוונא גריבאָווא, וועלכע זיַינען געקומען פון ניזשני־נאָווגאָראָד, דורכגעקוקט די סטענדן, ווו ס'זיַינען פאָרגעשטעלט פאָטאָגראפיעס און דאָקומענטן.

פיל פון די פאָטאָגראפיעס זעען מיר צום ערשטן מאָל, — האָבן זיי מיר געזאָגט.

— אָט איז מיַין מוטער, — האָט אָנגעוויזן אידע אראָנאָוונא.

— און אָט איז מיַינע, — האָט אף א צווייטער פרוי אָנגעוויזן סאָפיע זאכאראָוונא.

אף אן אלטער אָפּגעבליאקעוועטער פאָטאָגראפיע איז אין איין ריי מיט איר עלטערן ברודער מארק געזעסן די קלייניקע מאריאסינקע. צום הונדערט־

יאָריקן יובילײ פון איר ברודער, װעלכער איז אָפּגעמערקט געװאָרן אין 1987, האָט זי זיך געקליבן קומען קײן װיטעבסק. זי האָט שױן אַפילו אײַנגעקױפט בילעטן. דאָס האָבן די היגע קאָנטקענער זי אײַנגעלאַדן באַזוכן איר געבורט־שטאָט און דאָרט דערצײלן װעגן איר װעלט־באַרימטן ברודער. דאָך איז די באַגעגעניש ניט פאָרגעקומען. די היגע ביוראָקראַטן האָבן איר געשטערט צו קומען קײן װיטעבסק. און איצט װאָלט מען זי גערן דאָ אױפגענומען, נאָר זי איז שױן זײער אַלט, און די רײַזע װאָלט פאַר איר געװען ניט לױט די קױכעס.

אַרױסטרעטנדיק אױף דער עפענונג פון דער אױסשטעלונג האָט דער באַװוסטער װײַסרוסישער דיכטער ריגאָר באָראָדולין געזאָגט:

— איך באַגריס אײַך מיטן צוריקקער פון דעם גרױסן זון פון דער װײַסרוסישער ערד צו זײַן הײמלאַנד. אַ לאַנגע צײַט האָט מען געשטרעבט אָפּנעמען בײַ אים דאָס בירגער־רעכט און אים פאַרשװײַגן. מיר געדענקען, װי כוצפּעדיק מע האָט אין װײַסרוסלאַנד „אָפּגעמערקט" שאַגאַלס הונדערטיאָריקן יובילײ, און איך טראַכט, אַז אין די קומענדיקע יאָרן, װען מע װעט רײדן װעגן דעם גרױסן קינסטלער, װעט מען מיט ביטל דערמאָנען די, װאָס האָבן באַשװאַרצט זײַן נאָמען און געטריבן רעכילעס.

דער שעטעך פון דעם אױסשטעלונג־זאַל איז ניט אַזאַ קלײנער — דרײַ הונדערט קװאַדראַטע מעטער. אױף דער עפענונג פון דער אױסשטעלונג האָט זיך צונױפגעזאַמלט אַ גרױסער עולעם. די זאַלן זײַנען געװען געפּאַקט מיט צושױער. פיל פון שאַגאַלס לאַנדסלײַט האָבן קײנמאָל ניט געזען זײַנע געמעלן און בילדער, איצט איז עס פאַר זײ געװען אַן אַנטדעקונג. צװישן דעם עולעם, נעענטער צו די עקספּאָנאַטן, זײַנען געװען אױך די „קאָנסטעקענער", װעלכע האָבן ניט לאַנג צוריק געשאָטן שװאַרצע מאָן אױפן װעלט־מאַעסטראָ. איצט האָבן זײ זיך געשװױרן אין ליבע צו אים. פונעם עולעם האָט מען אױף זײ געקוקט מיט כױזעק. כ׳האָב װעגן דעם אױפמערקזאַם געמאַכט דעם קינסטלערס פּלימעניצעס. אױף דעם האָב איך באַקומען אַן ענטפער:

— מע קאָן זיך פאָרשטעלן, װיאַזױ ס׳װאָלט אױף דעם רעאַגירט אַלײן שאַגאַל מיט זײַן געפיל צו הומאָר. אין 1973, װען ער איז געקומען אין ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער באַזוכט לענינגראַד. דאָרט האָבן אים די גאַנצע צײַט באַגלײט איבערזעצער — „ציװיל געקלײדטע". אַפילו װען מיר, זײַנע קרובים, האָבן מיט אים געשמועסט װעגן פּערזענלעכע ענינים, זײַנען זײ געשטאַנען בוכשטעבלעך הינטער אונדזערע פּלײצעס. אין אַ שאָ אַרום האָבן זײ אונדז אָנגעװיזן אױפן זײגער און געמאָלדן, אַז מאַרק זאַכאַראָװיטש איז מיד. נאָר אײנמאָל, אינדערפרי, האָט זיך מאַרק זאַכאַראָװיטש אײַנגעגעבן אױסמײַדן די דאָזיקע „איבערזעצער". ער האָט זיך אָפּגעך אָנגעטאָן און איז אַװעק אַ שפּאַציר טאָן איבער פּעטערבורג. װי ער האָט זיך אױסגעדריקט. נאָכדעם האָט ער אונדז דערצײלט, אַז ער איז אַרײַן אין פאַרײן פון די קינסטלער. דאָרט האָט ער דערהערט, װי אין אײנעם פון די צימערן קומען פאָר עפּעס דעבאַטן. איז ער אַרײַן אַ הער טאָן, װעגן װאָס עס פירן איצטער װיכוחים די סאָװעטישע קינסטלער. װײַזט זיך אַרױס, אַז ס׳איז געװען אַ זיצונג פון דער פאַרװאַלטונג, װוּ מע האָט געטײלט פאַר די קינסטלער דירעס. מאַרק זאַכאַראָװיטש איז אָפּגעשטאַנען עטלעכע מינוט. קײנער האָט אױף אים קײן אַכט ניט געלײגט, איז ער אַרױס פון דאָרט. אין קאָרידאָר האָט אים עמעצער דערקענט און געפרעגט: „פאַרװאָס זײַט איר אַװעק אַזױ גיך? קומט אַרײַן, מירן שמועסן". אױף דעם האָט מאַרק שאַגאַל געענטפערט: „װאָס רעדט איר! מע לײזט דאָרט אַזעלכע װיכטיקע פּראָבלעמען פאַר דער קונסט, װיל איך אײַך ניט שטערן..."

די דאָזיקע שורעס שרײַב איך, װען די אױסשטעלונג איז שױן אָפּן קימאַט אַ װאָך צײַט, און ס׳זײַנען פאַראַן די ערשטע סטאַטיסטישע ציפערס. פאַר פינף טעג פון איר טעטיקײט איז אױסגעפאַרקױפט דער כױדעשלעכער רעזערװ פון די בילעטן. קײן אײן אױסשטעלונג אין װיטעבסק האָט פאַר אַזאַ קורצער צײַט ניט צונױפגעזאַמלט אַזױפיל צושױער. הײסט עס, אַז מע קאָן הױך אױפן קאָל מעלדן: — זײַט באַגריסט, מאַרק שאַגאַל, מיטן צוריקקער קײן װיטעבסק!

באַגלײַך מיט שאַגאַלס אַרבעטן װערן אױף דער אױסשטעלונג עקספּאָנירט אױך די בילדער פון זײַן לערער יעהודע פּען, דעם טאַלאַנטפולן מײַסטער, װעלכער האָט דערצױגן אַ גאַנצע פּלעיאַדע ייִדישע קינסטלער.

פאַר די געסט און פאַר די אָנטײלנעמער פון די שאַגאַל־טעג איז פאָרגעקומען אַ קאָנצערט. ס׳איז אַרױסגעטראָטן דער קאַמער־אָרקעסטער פון ליטע אונטער דער אָנפירונג פון געדעמינאַס דאַלינקיאַװיטשוס. מע קאָן פיל רײדן װעגן די װירטואָזן פונעם אָרקעסטער. נאָר דאָ איז װיכטיק צו דערמאָנען, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אין די טעג פון דער ליטװישער טראַגעדיע, װען אינעם קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקײַט פון זײער רעפּובליק זײַנען געפאַלן קאָרבאָנעס. די מוזיקאַנטן זײַנען באַאומרויִקט געװען פאַר דער לאַגע פון זײערע מישפּאָכעס דאָרטן, אינדערהײם. נאָר, װי ס׳האָט געזאָגט דאַלינקיאַװיטשוס: „מיר האָבן נישט געקאָנט ניט קומען אַהער אױף די שאַגאַל־טעג". דער קאָנצערט איז געװען אַן אומזיסטער, אָן געצאָלטס.

די קעגנער פון שאַגאַלס קונסט, מענטשן מיט אַ פּרימיטיװן װעלט־באַנעם, האָבן געטײַנעט, אַז שאַגאַל איז „בלױז" אַ ייִדישער קינסטלער און ער האָט ניט קײן שײַכעס צו דער װײַסרוסישער און

וועלט־קונסט. דערפֿאַר האָבן זיי געסטאַרעט זיך אים איגנאָרירן. זײַענדיק באַגרענעצט, האָבן זיי ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, אַז ווי אַלע גרויסע קינסטלער, האָט מאַרק שאַגאַל איבערגעשטיגן די נאַציאָנאַלע גרענעצן און געשאַפֿן וועלט־שעדעווערס פֿון דער קונסט, אַזוי ווי רעפּין, גאָיאַ, פּיקאַסאָ, דאַלי און אַנדערע געניאַלע קינסטלער.

די „שאַגאַל־פֿאַרלעזונגען" האָבן זיך געעפֿנט מיט דער רעדע פֿונעם פֿאָלקס־שרײַבער פֿון ווײַסרוסלאַנד וואַסיל ביקאָוו:

— ס'איז בעפּיירעש אַ װוּנדער, וועלכער קומט פֿאָר ניט אין יעדן לאַנד און ניט אין יעדן יאָרהונדערט. אַ פּאָשעטער היגער יאַט, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליינער פּראָווינציעלער שטאָט, פֿון גאָט אַליין אַ פֿאַרגעסענער, און ער האָט געטעמט מיט דער לופֿט פֿון זײַן געגנט, זיך געקאָרמעט פֿון די אַרומיקע ניט געראָטענע פֿעלדער, איז מיט גאָטס ווילן, אָדער מיט זײַן אייגענעם, געוואָרן אַ בירגער פֿון דער אַלוועלט, אַ גרויסער מײַסטער פֿון דער הײַנטצײַטיקייט. דאָס רעד איך וועגן שאַגאַלן. ס'קאָן טרעפֿן, אַז פֿון אונדזער גאַנצן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין דער קונסט וועט שפּעטער באַרימט זײַן וויטעבסק און שאַגאַל. זײַן נאָמען וועט סימבאָליזירן דעם נאָמען פֿון דער דאָזיקער שטאָט. אַלעס איבעריקע וועט אַוועק אין דער פֿאַרגעסנהייט, ווי ס'איז אַוועק שוין פֿיל, מיט וואָס מע האָט זיך אַמאָל געגרויסט און עס האָט זײַנערצײַט אויסגעזען אומשטערבלעך און מעכטיק. עכטע גײַסטיקייט איז אומשטערבלעך. די שאַפֿונג פֿון מאַרק שאַגאַלן איז אַ בײַשפּיל פֿון אַזאַ גײַסטיקייט. פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿיל גייט בײַ אים פֿון דער וועלטלעכער מאַטעריעלקייט, פֿון אונדזער וויטעבסקער רעאַלקייט. אָבער דער גרונטקערן גייט פֿון זײַן גײַסט, וואָס האָט געקאָנט איבערגעשטאַלטיקן די דאָזיקעווירקלעכקייט אין מאַסשטאַבן פֿון אַ געני. די דאָזיקע איבערגעשטאַלטיקונג האָט באַרײַכערט די מענטשהייט. אַנדערש וואָלט שאַגאַלס קונסט זיך ניט פֿאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט און זײַן היימלאַנד וואָלט ניט באַלויכטן ווערן מיט אָט דער שײַן. געוויס וואָלט נאַריש געווען פֿאָדערן פֿון מאַרק שאַגאַלן מאַרקסיסטישקייט, סאָוועטישקייט. שאַגאַל איז אַ געניאַלער קינסטלער, מיט דעם איז אַ סך געזאָגט געוואָרן. לעבנדיק אין דער ווײַסרוסישער און דערנאָך אין דער פֿראַנצויזישער אַרומרינגלונג, איז ער אַ לײַכטזײַל פֿון דער ייִדישער קולטור — און דאָס איז נאַטירלעך און געזעצמעסיק. ס'וואָלט געווען ניט נאַטירלעך, ווען ער וואָלט געווען, לעמאָשל, אַ קונסט־טוער פֿונעם אײסלאַנד, כאָטש אויך אויף דעם האָט אַ קינסטלער די פֿולע רעכט. די ספּעציפֿישקייט פֿון זײַנע בילדער, דער לירישער כאַראַקטער, דער הומאַניזם פֿון זײַן שאַפֿונג — דאָס זײַנען שטריכן, וואָס דערנענטערן אים אויך צו די בעסטע טראַדיציעס פֿון דער ווײַסרוסישער קולטור. און אויך דאָס איז נאַטירלעך. יעדער קינסטלער גייט אַוועק אין דער וועלט פֿון זײַן אייגענעם נאַציאָנאַלן „הויף", וווּ ער האָט נאָך אין דער קינדהייט אײַנגעזאַפּט פֿאַרבן און גערוכן. סאָפֿאָקלעס פֿליסט אַרײַן זײַן קונסט אין אומשטערבלעכן פֿליין פֿון דער אַלוועלטלעכער קולטור, און זי געהערט שוין דער גאַנצער וועלט, און די מענטשהייט איז אים דאַנקבאַר. דאָס, וואָס אין מעשעך פֿון אַזויפֿיל יאָרן האָבן די נאָמענקלאַטורע אַפּאַראַטשיקעס זיך באַצויגן ניט טאָלעראַנט צום גרויסן מאַעסטראָ און צו זײַן אָנדענק, שאַפֿט זיי ניט קיין קאָוועד, און מיט שאַגאַלן וועלן מיר שטאָלצירן וואָס ווײַטער אַלץ מערער. אַזאַ איז דער היסטאָרישער גורל. קיין שום שוואַרצע קויכעס וועלן ניט צעשיידן שאַגאַלן מיט וויטעבסק.

אינטערעסאַנט איז געווען דער פֿאָרטראַג, מיט וועלכן ס'איז אַרויסגעטראָטן דער קאַנדידאַט פֿון קונסט־וויסנשאַפֿטן אַלעקסאַנדרע שאָסטאַק (מאָסקווע). צווישן פֿיל אַנדערס האָט זי אַרײַנגעטראָגן אַ קלאָרקייט וועגן דעם געבורטס־אָרט פֿון שאַגאַלן. ווי באַוווּסט, האָבן זײַנע קעגנער אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל ליאָזנע, וואָס געפֿינט זיך ניט ווײַט פֿון וויטעבסק. אַלעקסאַנדרע סעמיאָנאָוונאַ האָט באַטראַכט ווי ענדגילטיק פֿעסטגעשטעלט, אַז מאַרק שאַגאַל איז געבוירן געוואָרן אין וויטעבסק דעם 6 יול (24 יוני לויטן אַלטן סטיל) 1887 יאָר.

מיט גרויס אינטערעס איז אויסגעהערט געוואָרן דער פֿאָרטראָג „שאַגאַל און די ייִדישע קינסטלערישע פּראָגראַמס", וועלכן ס'האָט פֿאָרגעלייענט גריגאָרי קאַזאָווסקי. מיט מיטיילונגען וועגן דעם וויטעבסקער פּעריאָד פֿונעם לעבן און שאַפֿונג פֿון דעם גרויסן קינסטלער זײַנען אַרויסגעטראָטן די קונסטקענער, וואָס אַרבעטן אין דער שטאָט, — מיכאַיל ריוווקין, יעליזאַוועטאַ בוטשינאַ און אַרקאַדי פּאָדליפּסקי.

אינהאַלטספֿול זײַנען געווען די אַרויסטרעטונגען פֿון דער עלטערער וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטערן פֿונעם מעלוכע־מוזיי פֿון אַנשוילעכער קונסט מאַריאַ בעסאָנאָוואַ און פֿון דעם קאַנדידאַט פֿון היסטאָרישע וויסנשאַפֿטן ווסעוואָלאָד וואָלאָדאַרסקי (מאָסקווע).

— שאַגאַל האָט זיך אויסגעטיילט אַלס קינסטלער, — האָט געזאָגט מאַריאַ בעסאָנאָוואַ, — אין דער צײַט פֿון די דרייסטע עקספּערימענטן פֿונעם קוביזם. דאָס הייסט צוזאַמען מיטן געבורט פֿון דער נײַער אַנשוילעכער קולטור פֿונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. און ער איז אַרויס פֿון דאָרט אַלס מײַסטער, וואָס איז אויף קיינעם ניט ענלעך, מאַמעש אַ מעכאַשעף, וועלכער קישעפֿט מיט אַלערליי פֿאַרבן. אין שאַגאַלס שאַפֿונג האָבן די ביבלישע מאָטיוון פֿאַרנומען אַ באַזונדער אָרט. צומאָל דוכט, אַז מיט זײַנע ווערק האָט דער קינסטלער געשאַפֿן אַ נײַע ביבל...

באַ די אָרגאַניזאַטאָרן פון די שאַגאַל־פּאָרלעזונגען זײַנען אָנגעמערקט ניט ווייניק פּלענער פאַר דער צוקונפט. אַזעלכע פּײַערונגען פּלאַנירט מען דורכפירן רעגולער און טראַדיציאָנעל. אין דער נאָענטסטער צײַט וועט געשאַפן ווערן דער מוזיי.

אַלע טעקסטן פון די אַרויסטרעטונגען אויף די ערשטע שאַגאַל־פּאָרלעזונגען וועלן אַרײַן אין אַ זאַמלונג, וועלכע וועט דערשײַנען מיט דער הילף פון אַ ספּאָנסער — דעם צענטער פון קולטור אויפן נאָמען פון קאַזימיר מאַלעוויטש (מאָסקווע).

# קעשענעווער קאַניקולן

ווען כ'האָב אָפּגעגעבן די עקזאַמענעס פאַרן דריטן סעמעסטער אין דער גרופּע „ייִדיש" פונעם ליטעראַרישן אינסטיטוט און איבערגעבלאָזט אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" מײַנע נײַע לידער, בין איך מיט אַ גוטער שטימונג אָפּגעפאָרן אויף די קאַניקולן אַהיים, קיין קעשענעוו.

אַ וואָך צײַט זיך פאַרנומען מיט די טעכטערלעך, מיט פאַרשיידענע היים־אַרבעטן. דערנאָך אָבער האָט זיך פאַרוואָלט אויסהערן די קעשענעווער נײַס. פריִער איז צוליב דעם געבויג געווען צוצוגיין אויפן מאַרק. איצט איז סײַ דער מאַרק פאַראַן, סײַ נײַס זײַנען דאָ, נאָר דער ייִד איז גלײַך ווי ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן. ניט קיין ייִדן פאַרקויפער, ניט קיין ייִדן פאַבריקמאַכערס, ניט קיין ייִדן סאָכרים. און אויב איר באַגעגנט שוין יאָ אַ ייִדן אויפן מאַרק, איז ער, ווי אַלע אַנדערע, פאַרטיפט אין זײַנע כעזשבוינעס, ווײַל אַלץ איז יאַקרעס־טײַער.

וווּ זשע קאָן מען זיך דערוויסן וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אויף דער קעשענעווער ייִדישער גאַס?

אין קולטור־הויז פון דער פאַבריק „סטיאַוא ראָשיע" („רויטער שטערן").

דאָ אָרגאַניזירט אירע אונטערנעמונגען די רעפּובליקאַנישע (און אויך די שטאָטישע) ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט. יעדן זונטיק נעמען זיך צונויף ייִדן אויף לעקציעס, קאָנצערטן, באַגעגענישן מיט קולטור־טוער פונעם ראַטנפאַרבאַנד און פון אויסלאַנד. אָדער פּאַשעט צו „כאַפּן אַ ווערטל".

אין קולטור־הויז טרעף איך זיך מיט קולטור־טוער, שטאַרק פאַרנומענע מענטשן. דער שרײַבער ב. סאַנדלער פירט רעגולער אויף דער מאָלדאַווישער טעלעוויזיע אַ טראַנסליאַציע, וואָס הייסט „אויף דער ייִדישער גאַס". דער מוזיקאַלישער קריטיקער ס. בענגעלסדאָרף אַרבעט צוגאָבלעך אַלס רעדאַקטאָר פון דער רובריק „ייִדיש לעבן" אין דער מאָלדאַווישער ראַדיאָ. דער דיכטער־איבערזעצער אַ. בראָדסקי גיט אַרויס די צײַטונג „אונדזער קאָל", דער קאָמפּאָזיטאָר וו. ביטקין פירט אָן מיטן קינדערשן כאָר.

בײַס די קאַניקולן האָב איך געלייענט דורך דער מאָלדאַווישער ראַדיאָ מײַנע לידער.

ביכלאַל איז אין יאַנואַר און אין די ערשטע טעג פון פעוורואַל דאָס ייִדישע לעבן אין קעשענעוו באַזונדערס אינהאַלטסרײַך. אַ שאָד, וואָס די אַרויסגעפאָרענע קיין אויסלאַנד ייִדן האָבן ניט געקאָנט אָנטיילנעמען אין די אַלע געשעענישן. אין אָנהייב פעוורואַל האָט מען געעפנט אַ ייִדישע ביבליאָטעק אויף איציק מאַנגערס נאָמען און אַ ייִדישן מוזיי.

די מוזיי־עקספּאָנאַטן דערציילן וועגן דער געשיכטע פון די בעסאַראַבער ייִדן, אָנהייבנדיק פונעם פערצנטן יאָרהונדערט און ביז די הײַנטיקע טעג. דער געזעלשאַפטלעכער דירעקטאָר פונעם מוזיי, דער דאָצענט פונעם קעשענעווער פּעדינסטיטוט י. פּילאַט האָט קימאַט פערציק יאָר געזאַמלט די דאָזיקע עקספּאָנאַטן און סאָפּקאָלסאָף זיך דערוואַרט, מע זאָל עפענען אַ מוזיי.

טשיקאַווע, וויאַזוי עס פירט זיך הײַנטיקע צײַטן — אויף דער עפענונג איז געווען אײַנגעלאַדן דער ראָוו, וועלכער האָט געבענטשט די נײַע ביבליאָטעק!

אַ פּאָר טעג פאַר דעם האָט מען אין דער סינאַגאָגע פאָרגעשטעלט דעם נײַעם ראָוו, רעב זאַלמען־לייבן, ער איז געקומען פון ייִסראָעל ספּעציעל אויף צו „אַרבעטן" אין קעשענעוו. אין דער סינאַגאָגע איז בײַגעווען און אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע דער פּרעמיער־מיניסטער פון מאָלדאָווע, הער מירטשאַ דרוק. כאָטש מ. דרוק איז אַ מאָלדאַוואַן, איז ער געזעסן אויבנאָן אין אַ יאַרמעלקע.

דער פּרעמיער האָט דערציילט דעם עולם, אַז אין די סטודענטישע יאָרן האָט זײַן דיפּלאָם־אַרבעט געהייסן: „די געשיכטע פון די אייראָפּעישע ייִדן", ער קען די שפּראַך „לאַדינאָ", ער איז קעגן אַנטיסעמיטיזם. צווישן אַנדערס, האָט ער צוגעזאָגט עפענען אין קעשענעוו אַ ייִדישן קינדער־גאָרטן, אַ ליצײ און אין אוניווערסיטעט אַ קאַטעדרע פון די ייִדישע שפּראַכן. צום סאָף איז רעב זאַלמען־לייב מעכאַבעד געווען די געסט מיט קאָשערן בראָנפן און מיט לעקעך. לעכאַיִם.

אָפּטמאָל זינגט אַף דער מאָלדאווישער טעלע־וויזיע יידישע לידער די קעשענעווער זינגערן אניע גינזבורג. ווען כ׳בין דאָס מאָל געווען בא איר צו־גאסט, האָט זי מיר געלייענט פיל דאנקבארע בריוו, וועלכע די טעלעוויזיע האָט באקומען נאָך אירע ארויסטרעטונגען. אניע גינזבורג האָט זיך אין יענע טעג געגרייט ארויסצוטרעטן אַף דער ראַדיאָ מיט איציק מאנגערס פּורים־לידער, די טראנסלירונג וועט פאָרקומען, ווען דאָס יידישע פאָלק וועט פייערן פּורים.

דער זינגערן האָב איך געווידמעט א ליד, אין וועלכער ס׳זיינען פאראן אזעלכע שורעס:

דו ביסט מיין טפילע געווען
בא אן אומגליק,
מיין יידישע ליד,
מיין ברויט געווען,
ווען איך האָב געהונגערט,
מיין יידישע ליד.

פון דיר שעפּ איך כאָכמע,
ווי פון א ברונעם,
מיין יידישע ליד.
מיט דיר כ׳האָב מיין ביסעלע
מאזל געפונען,
מיין יידישע ליד.

עטלעכע מאָל בין איך געווען אינדערהיים בא יעכיעל שרייבמאנען. מיר האָבן א סאך גערעדט וועגן דער יידישער ליטעראטור און ארום דער לי־טעראטור. ער האָט זיך ניט אין בעסטן געפילט מיטן געזונט, און די שטימונג איז בא אים געווען ניט גאָר איבעריק. אונטערן איינדרוק פון די באַ־געגענישן מיט אים האָב איך אָנגעשריבן:

אך, ווען מע קאָן
אויסטאָן פון זיך די עלטער,
ווי אן אָפּגעטראָגן מאלבעש מע טוט אויס,
אים אופהענגען בא דער טיר אַף א הענגער,
ווען מע גייט פון דער היים ארויס.
דערנאָך אין אָוונט, אומקערנדיק זיך שפּעט,
אים ווידער אָנטאָן,
די ליכט פארלעשן,
א האלבע נאכט ניט שלאָפן,
דרייען זיך אין בעט
און ווארטן
אַף יענעם פרייקן זון־שטראל,
וואָס באשיינט פון בעריישיס די וועלט...

אין יאנוואר האָב איך געזען אין קעשענעווער קינאָ־טעאטער דעם דאָקומענטאלן פילם „נעיזוועסט־ני ייזראיל״ („דער אומבאוווּסטער יִסראָעל״) און אין רוסישן טעאטער אַף טשעכאָווס נאָמען דעם ספּעקטאקל אַף דער טעוויע־טעמע „פאָמינאלנאיא מאָליטווא״. אַף אָט דעם ספּעקטאקל זיינען געווען פארקויפט בלויז זעקס בילעטן...

פארן אוועקפאָרן האָט מיר אָנגעקלונגען דער רעדאקטאָר פונעם רוסישן זשורנאל „רוסקאָיע סלאָ־וואָ״ און מיך געבעטן אָנשרייבן אן ארטיקל וועגן דער היינטצייטיקער יידישער פּאָעזיע אין מאָל־דאָווע.

אין פעווראל בין איך נאָך איין מאָל געווען אין דער סינאגאָגע, קעדיי פארשרייבן די מאמע אין דער ריי צו קויפן מאצע. ביז פּייסעך איז דעמלט נאָך געווען צוויי כאדאָשים...

מ ו י ש ע   ל ע מ ס ט ע ר

# עזריה דאָברושקעס

(בריסל)

דעם 25טן פעברואַל 1991
צו דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש
היימלאַנד"

כּאָשעווע רעדאַקציע,

איך דאַנק אײַך פאַרן פאַרעפנטלעכן מײַן בריוו צום פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" אין לעצטן יאַנוואַר־נומער פון אײַער צײַטשריפט און פאַר דעם אָפּדרוק, וואָס מע האָט מיר צוגעשיקט. איך האָף צו קריגן אין דער היגער בוכהאַנדלונג דעם פולן נומער, אָבער דערווײַל איז ער נאָך ניט אָנגעקומען.

אין שײַכעס מיט די קאָמענטאַרן, וואָס איר האָט געמאַכט צו מײַן בריוו, וועל איך אײַך זײַן זייער דאַנקבאַר פאַרן אָפּדרוקן דעם בײַגעלייגטן ענטפער. איר מעגט באַזײַטיקן דאָס, וואָס איר האַלט פאַר איבעריק צו ברענגען פאַר דער עפנטלעכקײַט, אָבער מיט ראַכמאָנעס...

מײַן נאָמען איז ניט עזר, ווי איר דרוקט אָף די זײַטן 126 און 127, נאָר עזריה, ווי אָפן זײַט 126. זו נאָמען נאָכן צענטן מעלעך פון דאָווידס הויז. אַזוי האָט אויך געהייסן דער פאָטער פון תנא רב אלעזר. עזריה האָט אויך געהייסן איינער פון די דרײַ ייִדן (די אַנדערע צוויי האָט מען גערופן חנניה און משאל), וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פונעם קאַלך־אויוון, אין וועלכן נבוכדנצר, דער קעניג פון באַוול, האָט זיי געהייסן אַרײַנוואַרפן, ווײַל זיי האָבן זיך ניט געוואָלט בוקן צו זײַן אָפּבילד (כּ״ת, דניאל, ג׳). א געשיכטע מיט אַן אַקטועלן אינהאַלט...

מיט פרײַנדלעכע גרוסן

ע. דאָברושקעס.

באַמערקונג:

שוין 45 יאָר ווי איך גיב ליטעראַרישע רעפעראַטן, סײַ אין ראַדיאָ, סײַ עפנטלעך. אין ייִדיש. שוין עטלעכע יאָר ווי איך שטעל אויף א זאַכקאַטאַלאָג פון ייִדישע ביכער, וועלכע געהערן דער היגער קעניגלעכער ביבליאָטעק. מײַנע אַרטיקלען האָבן זיך געדרוקט אין מערערע צײַטשריפטן פון 4 קאָנטינענטן. דאָס אַלץ איז בלויז פאַר אײַער אינפאָרמאַציע און ניט לעשעם באַרימערײַ.

אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע, זײַנען מײַנע אופטוען זייער באַשיידן.

אין שײַכעס מיט אײַערע קאָמענטאַרן צו מײַן בריוו, וואָס איר האָט געדרוקט אין יאַנוואַר־נומער 1991 פון אײַער צײַטשריפט, פאַרדריסט מיר, וואָס עס איז ניט געווען פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב ניט געהאַט די קאַוואָנע צו קריטיקירן די מעכאַברים און רעדאַקטאָרן, וועלכע איך האָב דערמאָנט אין מײַן בריוו, נאָר די אָביעקטיווע פאַקטאָרן, וואָס האָבן בעשײַטע גוירעס געווען, אַז זיי זאָלן שרײַבן און האַנדלען אַזוי, ווי זיי האָבן עס געטאָן. די זעלביקע קאַוואָנע האָב איך אויך הײַנט, כאָטש איך רוף אָן פעריזאָנען. איך בין ניט געווען זיכער (הײַנט בין איך נאָך ווייניקער זיכער ווי דעמאָלט, ווען איך האָב געשריבן מײַן דערמאָנטן בריוו), אַז איך מעג, אָן באַוואָרענישן, דירעקט אָנגרײַפן די דאָזיקע פאַקטאָרן.

מיינט ניט, אַז איך האָב ניט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די ניט נאָרמאַלע באַדינגונגען, וואָס האָבן אין יענע יאָרן באַווירקט די ייִדישע פען־מענטשן.

אין שײַכעס מיט מאקס עריק, לעמאָשל, האָב איך אַליין געשריבן („אויפן שוועל", נומער 277, זײַטן 7 און 8), אַז „עס איז לײַכט צו וואַרפן שטיינער (געמיינט אַף די ייִדישע שרײַבער, וואָס האָבן זיך צוגעפּאַסט צום רעזשים), ווען מע געפינט זיך אין טעל־אָוויב".

קוידעמקאָל, דערלויבט מיר אויסצובעסערן צוויי דרוק־פּעלערן:

זײַט 125, צענטע שורע, דאַרף זײַן „טויזנטער" אַנשטאָט „טוינטער".

זײַט 126, זעקסטע שורע, איז אַרויסגעלאָזט דער זייער וויכטיקער צווייטער פראַגע־צייכן נאָך „זון".

אַצינד וועגן אײַערע קאָמענטאַרן „א. עמאָציעס" און „ב. פאַקטן".

ווי איך האָב שוין אופגעקלערט, איז מײַן קאַוואָנע ניט געווען פּוגע־בעקאָוועד צו זײַן הירש בעריאָזקינען (וועלכער האָט, דערעכאַגעוו, דערהויפּט געדרוקט אין רוסיש) און א. גאָנטאַרן, וועלכער איז פאַרטראָטן אין „לידער וועגן סטאַלינען", און מע דאַרף עס אים מויכל זײַן אָן יעדן אָפּהאַלט, פּונקט ווי די איבעריקע מעכאַברים פון דער דאָזיקער זאַמלונג.

העיויס איר ווײַזט אָן אַליין, אַז א. גאָנטאַר האָט „דורכגעלאָזט" דעם מאַלעך פון דער זײַט 38, טאָ פאַרוואָס האָט ער ניט צוריקגעשטעלט אַף זייער אָרט די מאַלאָכים פון „די שטאָט"? ער איז דאָך געווען באַקאַנט מיטן אָריגינעלן טעקסט פון דער פּאָעמע, לויט דער ווילנער אויסגאַבע (צום ערשטן מאָל געדרוקט אין „ווײַטער־בוך", ווילנע 1920), און ער האָט זיכער פאַרשטאַנען, אַז די ענדערונגען אין דער אויסגאַבע פונעם יאָר 1934 זײַנען געוואָרן אײַנגעפירט ניט לויטן ווילן פון דעם מעכאַבער.

צי האָט מען אין 1979, אַזויפיל יאָרן נאָך סטאַלינס טויט, זיך געדאַרפט שטיצן אַף דעם מינסקער וואַריאַנט פון 1934, אַנשטאָט דעם ווילנער, וואָס וועגן זײַן ריכטיקײַט איז ניט געווען קיין סאָפעק? די סטאַלינישע רעפּרעסיעס זײַנען דאָך שוין דעמלט געווען פאַרבײַ, כאָטש צו א גאַניידן איז נאָך געווען ווײַט. צום ווייניקסטן האָט מען אין אַזאַ פאַל געדאַרפט אָנווײַזן, אַז דער געדרוקטער טעקסט שטיצט זיך אַף אַן „אויסגעבעסערטן" נוסעך פון 1934, וועגן וועלכן מע ווייסט ניט, צי דער מעכאַבער האָט מיט אים אײַנגעשטימט.

וועגן דעם, אַז דער רעדאַקטאָר פון 1934 (כ. דונעץ) האָט עפשער „איבערצײַגט" מוישע קולבאַקן אין דער נייטיקײַט פון די ענדערונגען, האָט איר גלײַכער ניט באַדאַרפט שרײַבן. הײַנט קען מען דאָך די „אַרגומענטן", וואָס מע האָט דעמלט באַנוצט, קעדיי צו „איבערצײַגן" אין עפּעס־וואָס. מע קען אויך דעם טראַגישן גוירל פון כ. דונעץ.

וואָס שייעך דעם אַרטיקל פון ה. בעריאָזקין, איז אַזוי: דער טיטל לייענט זיך „וועגן מוישע קולבאַקס דיכטונג". דעריבער וואָלט איך טאַקע, פון רײַן פאָרמאַליסטי[illegible]קווינקל, ניט באַדאַרפט אופוואַרפן, וואָס בעריאָזקין דערמאָנט ניט „מאָנטאָג", „משיח בן אפרים" און „בויטרע". ניט איין קריטיקער האָט זיך אָבער אַרויסגעזאָגט, אַז סײַ „מאָנטאָג", סײַ „משיח בן אפרים" זײַנען פּאָעזיע אין פּראָזע. דערעכאַגעוו, האָב איך געהערט לייענען קולבאַקן אַליין אַן אויסצוג פון „מאָנטאָג", בייס ער האָט זיך געזעגנט מיט ווילנע. דער 1500־קעפּיקער אוילעם (הונדערטער מענטשן, וואָס האָבן ניט געקענט אַרײַן אין זאַל, האָבן זיך געזאַמלט אין דרויסן) האָט זיך געהויבן פון עמאָציע. וועגן „בויטרע" זאָגט קולבאַק אינעם טיטל, אַז דאָס איז „א דראַמאַטישע פּאָעמע אין 6 בילדער". טאָר זיך א קריטיקער ניט האַלטן בא א פאָרמאַליסטישן סימען און, העיויס ער האָט זיך פאַרמאָסטן אָפּצושאַצן קולבאַקס גאַנצע פּאָעטישע יעצירע, האָט ער ניט באַדאַרפט אַרויסלאָזן די צוויי ערשט דערמאָנטע ראָמאַנען, וואָס זײַנען ניט בלויז פּאָעטיש לויטן מעהוס, נאָר אויך א שליסל צו קולבאַקס גאַנצן שאַפן.

אײַער געדאַנק אָפּצודרוקן אין „סאָוועטיש היימלאַנד" דעם ווילנער וואַריאַנט פון „די שטאָט" (אָבער ניט קיין געקירצטן) איז אוודע א גוטער, אָבער נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" גיט אַרויס א צווייטע, אויסגעבעסערטע אויסגאַבע פון „גוט איז דער מענטש". פריִער וואָלט מען אָבער געדאַרפט בוידעק זײַן, צי מע האָט ניט געבראַכט קיין ענדערונגען אין די איבעריקע לידער און פּאָעמעס פונעם בוך.

איך גיי איבער צו אײַער קאַפּיטל „ג. פראַגעס". דאָ מוז איך זאָגן, אַז מוישע לעמסטער בייזערט זיך אַף מיר אינגאַנצן אומזיסט. ערשטנס, איז ניט ריכטיק, אַז איך דערצייל, וויאַזוי עס איז אומגעקומען מ. קולבאַק. איך שטרײַך אונטער בעפּיירעש, אַז דאָס זײַנען די רייד פון דער פרוי, וואָס איך האָב געטראָפן. איך גרענעץ זיך אָפּ פון זיי און, העיויס איך האָב אין דעם געצווייפלט, האָב איך עס געלאָזט דרוקן, קעדיי אַרויסצורופן אַנדערע גוויִעס־איידעס, וואָס זאָלן באַשטעטיקן אָדער אָפּוואַרפן איר ווערסיע. דער פראַט איז דאָך פון גרויסער וויכטיקײַט פאַר קולבאַקס ביאָגראַפיע. און, קאַכהאָווע, אידאַ מערקין (די אַלמאָנע פון מאַקס עריק) האָט זיך טאַקע אָפּגערופן, קעדיי קאַטעגאָריש אָפּצוּוואַרפן די דערמאָנטע ווערסיע. ווײַבאַלד מוישע לעמסטער לייענט „אויפן שוועל" (און ניט „אַף די שוועל"), איז מיר א גרויסער כידעש, וואָס ער האָט ניט באַמערקט מײַן אַרטיקל אין נומער 274 (אַפּרעל־יון 1989, זײַט 11), ווו עס ווערט אָפּגעפרעגט די ווערסיע פון דער אומבאַקאַנטער ווילנערן, אָפן סמאַך פון אידאַ מערקינס גוויִעס־איידעס. איך לייג בײַ אַן אָפּדרוק פון דערמאָנטן אַרטיקל.

דאָס איז ניט די איינציקע זאַך, מיט וועלכער

מ. לעמסטער האָט מיר פאַרכידעשט. דעם לעצטן אבזאַץ פאַרענדיקט ער מיט די ווערטער: „איינס איז קלאָר: מוישע קולבאַק איז אומגעקומען אין לאַגער אין 1940 יאָר״. פונוואַנען עס נעמט זיך צו אים אַזאַ קלאָרקייט, ווייס איך ניט, ווייל אין „סאָוועטיש היימלאַנד״ פון אָקטיאַבער 1990, זייט 167, איז אָפּגעדרוקט א מיטיילונג פון דער מיליטערישער קאָלעגיע פונעם אויבערגעריכט פון פּססר, לויט וועלכער מ. ס. קולבאַק איז דערשאָסן געוואָרן דעם 29־טן אָקטיאַבער 1937, אָף מאָרגן נאָכן אורטייל. די מעלדונג פאַרענדיקט זיך אַזוי: „די פריערדיקע אָנגעוויזענע יעדיעס וועגן דער צייט פון מ. ס. קולבאַקס טויט זיינען צוגעטראַכטע״. עס איז דאָך ניטאָ קיין ספק, אַז מ. לעמסטער האָט עס געלייענט. דעריבער וואָלט געווען וויכטיק צו וויסן, אויף וועלכן סמך ער לייקנט די דערמאָנטע מיטיילונג. זיינע באַווייזן, אויב ער האָט זיי, וואָלטן צוגעגעבן וואָג דער גוויִעס־איידעס פון אווראָם גרינשפּאַן, וועגן וועלכער עס רעדט זיך אין מיין אַרטיקל פון „אויפן שוועל״ נומער 274, זייט 11.

די זאַך איז נאָך וויניקער קלאָר דערמיט, וואָס מיר געפינען אין דער ביילאַגע „יונגוואַלד״ צו „סאָוועטיש היימלאַנד״ נומער 12 פון 1990, זייט 5, אַז קולבאַק האָט געפעלט אין 1938. דער נאָמען פון דעם מעכאַבער און זיין מאָקער זיינען ניט אָנגעגעבן. עס איז גענוג טרויעריק און ווייטיקדיק, וואָס קולבאַק איז אומגעקומען איין מאָל, טאָ צו וואָס באַגיין די אַוולע און פאַרדרייפאַכן זיין טויט?

עטלעכע באַמערקונגען.

1. איר ציטירט אין געגנדזנפיסלעך (זייט 127), אַז איך זאָל מיך קלוימערשט האָבן אויסגעדריקט וועגן א. גאָנטאַר, אַז ער האָט זיך אומפּאַראַנטוואָרטלעך באַצויגן צו די ווערק פון א צווייטן פּאָעט. אַזעלכע ווערטער געפינען זיך ניט אין מיין בריוו, וואָס איר האָט געדרוקט.

2. די אָפּהאַנדלונג אין „זעלמעניאַנער״ (1971) האָט געשריבן ניט בעריאָזקין, ווי אייערע לייענער וואָלטן געקענט מיינען, נאָר מ. בעלענקי. אָף דער זייט 258 שרייבט ער: „דעם 17 יול 1940 איז קולבאַק ניט געוואָרן״. מיילע, איך בין אים מויכל דעם נוסעך „ניט געוואָרן״ (ווי אין א קישעף, וואָס מע ווייזט אָף דער עסטראַדע), אָבער עס איז קעדיי צו דערציילן, פונוואַנען מ. בעלענקי האָט גענומען די געגויע דאַטע און דאַווקע אַזאַ, וואָס שטימט ניט מיט דער מעלדונג פון דער מיליטערישער קאָלעגיע.

אין פעוורואַל 1957 האָט די אַלמאָנע פון מוישע קולבאַק באַקומען א צייגעניש פון דער מאַכט, אַז איר מאַן איז געשטאָרבן (!) דעם 17 יול 1940. זי האָט אָבער געוווּסט, אַז די דאָזיקע דאַטע האָט אויסגעטראַכט אַן אַרטיקער באַאַמטער, וועלכער האָט מיט כויזעק געפרעגט בא איר: „וועלכע דאַטע ווילסטו?״ און ער האָט צוגעטראַכט דעם 1940.07.17. אַזוי־אַרום איז מער באַגלויבט דער 1937.10.29. קולבאַקס טאָכטער מיינט, אַז אַלע אַנדערע ווערסיעס זיינען טאַקע פאַלש. אָף לעהאַווע, דאַרפט איר דאָס נעמען אין באַטראַכט.

מע דאַרף פאַרגעדענקען, אַז צווישן זיין אַרעסט און דער דערשיסונג זיינען פאַרביי בלויז 48 טעג, און „ניט געוואָרן״ איז קולבאַק דעם 11 סענטיאַבער 1937, ווען מע האָט אים פאַרהאַלטן, וואָרעם זינט דעם טאָג האָט מען פון אים מער גאָרניט געהערט.

3. איך ווייס ניט, צי די רעדאַקציע פון אייער צייטשריפט האָט בעעמעס באַקומען א דירעקטע מעלדונג פון דער מיליטערישער קאָלעגיע, ווייל איר ברענגט ניט קיין אָרט, קיין דאַטע און קיין רעפערענץ. איך האָב אין מיין רעשוס דעם אָפּדרוק פון א בריוו, וואָס די מיליטערישע קאָלעגיע האָט, פון מינסק, געשיקט צו קולבאַקס טאָכטער דעם 27 יאַנוואַר 1989, רעפערענץ 019036/56 — H4, ווו עס זאָגט זיך מער, ווי איר האָט פאַרעפנטלעכט אין נומער 1990/10. רייכיס: „אין יאָר 1956 האָבן זיך די אָפּגעשטעלטע אַקטן וועגן קולבאַק מ. ס. געפונען אין דער פאַרוואַלטונג פון קגב פאַרן וויטעבסקער קאַנט״.

פאַרוואָס איז דאָס שייכעס מיט וויטעבסק, ווייס איך ניט. שייניס: „איך בעט מעקאַבל זיין מיין אופריכטיקן מיטגעפיל אין שייכעס מיט דער טראַגעדיע, וואָס האָט געטראָפן אייך און אייערע נאָענטסטע מיט דעם, וואָס קולבאַק מויסיי סאָלאָמאָנאָוויטש איז געוואָרן פאַרמישפּעט אָן א גרונט״.

איך מיין, אַז דאָס איז ווערט צו געבראַכט ווערן פאַר דער עפנטלעכקייט, ווי א מוטיקע און ערלעכע האַנדלונג.

# ביז איצט נאָך רעדן מיט אונדז אונדזערע אָוועס

אין מ. פּראָווּדינסקיס פאַרצייכענונג „מוישע ראַביינוס געבאָטן", וועלכע איז געווען אָפּגעדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומער 12 פאַרן 1990, זיַינען ניט אָנגעוויזן די געבאָטן אין אָריגינאַל — אַף העברעיִש. אפילע ווען דער מעכאַבער זאָל געווען געבן די געבאָטן נאָר אין ייִדיש, וואָלט די רעדאַקציע געדאַרפט אייַצענען, מע זאָל לייענען אויך דעם אורקוואַל. נאָך מער פאַרדריסלעך איז, אויב דער אווטאָר גיט דעם אָריגינאַל, און די רעדאַקציע לאָזט אים אַרויס.

דער אויסדרוק „אַן אויג פאַר אַן אויג, א צאָן פאַר א צאָן", לעמאָשל, איז יעדערן באַוווּסט. די דאָזיקע פּסוקים זיַינען אויך אָנגענומען בא די פּראַוואָסלאַוונע און בא די מוסולמענער. פאַרוואָס זשע זאָל מען ניט ברענגען די אויסדרוקן אין אָריגינאַל, אַזוי, ווי ס'שטייט געשריבן אין תנ"כ (טאַנאַך)?

דער גאָוניִאַלער לעוו ניקאָלייַעוויטש טאָלסטאָי האָט אין זיַינע ווערק געגעבן ניט נאָר אויסדרוקן, אפילע גאַנצע שורעס און אַבזאַצן פונעם טעקסט, אַף פראַנצויזיש אין זיַינע רוסישע ווערק.

„דור הלך ודור בא והארץ לעולם עומדת" ווערט פאָנעטיש געלייענט — „דאָר האָלעך וועדאָר בא וועהאארעץ לעאָלאַם אָמעדעט" און באַטייַט „א דאָר גייט אוועק און א דאָר קומט און די וועלט שטייט אייביק". דער דאָזיקער אויסדרוק פון קהלת — קאָהעלעט איז באַוווּסט דער גאַנצער וועלט אַף טויזנט זיבן הונדערט שפּראַכן. דער אָריגינאַל איז געשאַפן און אָפּגעהיט מיצאַד דעם ייִדישן פאָלק אַף דער שפּראַך פון אונדזערע אָוועס. אונדזער איצטיקער יונגער דאָר, וועלכער קען ניט די ייִדישע שפּראַכן — ייִדיש און העברעיִש — וויל און שטרעבט אַצינד זיי דערלערנען און ווערט אָפּט גיכער באַקאַנט מיט העברעיִשע ווערטער און אויסדרוקן, איידער מיט ייִדישע.

אַזויאַרום, ווען אין דער דערציילונג ווערן געבראַכט אויסדרוקן אין אָריגינאַל אַף העברעיִש, איז דאָ וויכטיק ניט נאָר די סיפּער־האַמיַיסע, דאָך אויך, און דעריקער, די דערקענטעניש אין טאָך.

דאָס ייִדישיזירן העברעיִשע אויסדרוקן ברענגט אָפּט צו א גריַיז. אינעם אויבן ציטירטן צוועלפטן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1990, אין מאָזי קאָבריאַנסקיס ניט דערשריבענעם ראָמאַן „אין אולפּאַן", זיַיטל 17, לייענען מיר: „ייִדן, בניי ראַכמאָנעס, א גוט הארץ איז דאָ בא איַיך". דאָ איז דאָס וואָרט „ראַכמאָנעס" א גריַיז, ריכטיק וואָלט זיַין „רחמנים", וואָס עס באַטיַיט באַרעמהאַרציקע. פאַרגליַיכט בא אווראָם גאָלדפאַדענען אין זיַין דראַמע „די קישעפמאַכערן":

אוי, איר, ייִדן, בניי ראַכמאָנים,
א גוט הארץ איז דאָ בא איַיך,
בא איַיך איז דאָ א סאַך דאַיאָנים,
פאַסקנט איר, צי דאָס איז גליַיך?

שאָלעם־אַלייכעם וואָלט, מיסטאַם, געזאָגט, אַז פון ראַכמאָנים ביז ראַכמאָנעס איז אַזא כילעק, ווי פון יאַקעקאָ ביז יאַבעבאָ.

איך בין איבערציַיגט, אַז העברעיִזמען דאַרף מען געבן אין אָריגינאַל און פאַרטיַיטשן דערביַי. מע טאָר ניט אָפּוואַרפן די דיבורים פון אונדזערע אָוועס. זיי זיַינען „עפּעס" די ווערט!

מ א ר ק   ר ו ב ט ש י נ ס ק י,
ניזשני נאָווגאָראָד

# זשעניע פּיַיערמאַן אין טשערנאָוויץ

אין גרויסן צושויער־זאַל פון דער טשערנאָוויצער געגנטלעכער פילהאַרמאָניע איז ניט לאַנג צוריק אַרויסגעטראָטן מיט א שיינעם קאָנצערט די באַוווּסטע זינגערן פון ייִסראָעל זשעניע פּיַיערמאַן.

איר מיַיסטערישע, הויך פּראָפעסיאָנעלע אויספירונג פון דער אויסדערוויילטער פּראָגראַם אַף ייִדיש און איווריט האָט געמאַכט א רוישעם אין אונדזער שטאָט.

די טשערנאָוויצער ייִדישע צושויער האָבן זייער ווארעם אופגענומען זשעניע פּײַערמאנס רײַכן רעפּערטואר, באזונדערס די פראגמענטן פונעם ספּעקטאקל „מענטשן" לויט שאָלעם־אלייכעמען, אויסגעצייכנט האָט די אקטריסע אויסגעפּילט די ראָל פונעם דינסט־מיידל פאניטשקע.

זשעניע פּײַערמאן האָט געזונגען לידער פון באַרוסטע פּאָעטן. צווישן זיי געבירטיק, שטיינבארג.

דער קאָנצערט־זאל איז געווען איבערגעפּולט. די צושויער האָבן מאמעש ניט געוואָלט זיך שיידן מיט דער באגאבטער זינגערן.

זשעניע פּײַערמאן האָט זיך געווענדט צום עולעם מיט עטלעכע הארציקע ווערטער:

— מיר איז זייער אָנגענעם צו זײַן אין אײַער שיינער שטאָט טשערנאָוויץ. איך בין אײַך העכסט דאנקבאר פאר דעם בעעמעס ווארעמען אופנאם. כ'בין גליקלעך דערמיט, וואָס איך זינג אף דער סצענע, ווו אמאָל האָט געזונגען און געשפּילט אונדזער באליבטע סידי טאל.

די אקטריסע האָט ארויסגעבראכט א יאשערקויעך דער מוזיקאלישער גרופּע „טעאָדאָר" פאר איר וווּנדערבארן אקאָמפּאנעמענט, ווי אויך דעם אימפּרעסאריאָ מיכאיל ווערניקאָוו, וועלכער האָט זי אנגאזשירט קיין טשערנאָוויץ.

זשעניע פּײַערמאן האָט באזוכט דעם אָרטיקן בעסוילעם און געלייגט אף דער מאצייווע פון סידי טאל לעבעדיקע בלומען.

כאַיִם ראָזענטאל,
טשערנאָוויץ

# לאָמיר שטיצן די ייִדישע קולטור

איך בין א ייִד מיט א ייִדישער נעשאָמע. איך קאָן ניט לעבן אָן ייִדישקײַט. איך האָב ליב רעדן מיט ייִדן אף ייִדיש, אפילע ווען זיי סטארען זיך ניט ארויסברענגען א ייִדיש וואָרט.

איך האָב ליב לייענען ייִדישע ביכער, די ייִדישע פּרעסע. איך גיי אף אלע ייִדישע קאָנצערטן און ספּעקטאקלען אין טעאטער, אף קאָלערליי לעקציעס. אָפט, שאבעס, קום איך ארײַן אין דער סינאגאָגע, כאָטש איך בין ניט קיין רעליגיעזער און קען שלעכט לאָשנקוידעש. אין די יאָמטעוודיקע טעג באזוך איך די שול אומבאדינגט.

אין מײַן קליין שטעטעלע כמעלניק, וווּהין איך קום צו פאָרן ניט נאָר אף קייווער־אָוועס, האָבן די פאשיסטישע מערדער צעשאָסן צוועלף טויזנט ייִדן, צווישן זיי מײַנע עלטערן און צוויי קליינינקע ברידערלעך.

א סאך יאָרן אבאָניר איך זיך אף דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" און אף דער צײַטונג „ביראָבידזשאנער שטערן". איך האָב זיי ליב לייענען ניט נאָר פאר זיך אליין, נאָר צווישן יונגע מענטשן, וועלכע קענען ניט ייִדיש. פיל מײַנע כאווירים האָב איך אונטערגעשריבן אפן זשורנאל און אף דער צײַטונג.

איך אגיטיר, אז באקאנטע און אומבאקאנטע ייִדן זאָלן זיך אונטערשרײַבן אף די זעלטענע ייִדישע אויסגאבעס ניט נאָר דערפאר, ווײַל זיי זײַנען די בעסטע. מיט א סאך זאכן, וואָס מע שרײַבט דאָרט, בין איך ניט צופרידן. לויט מײַן מיינונג וואָלט דאָרט געדארפט זײַן מערער פּובליציסטיק, מערער ייִדיש לעבן, היינטצײַטיקס און מאָרגנדיקס.

אין דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" האלט מען פון מיר ניט, נאָר דאָס איז ניט אזוי וויכטיק, אבי דער זשורנאל זאָל לעבן.

א סאך מײַנע כאווירים זײַנען ארויסגעפאָרן, זיי האָבן ניט געקאָנט איבערלעבן דעם אנטיסעמיטיזם אין לאנד, די פּוסטע קלייטן.

איך האָף, אז אלץ וועט זיך איבערבײַטן. אלע ייִדן קאָנען ניט עמיגרירן, און עס איז ניט קיין מוז.

מע טאָר ניט דערלאָזן, אז בא אונדז אין לאנד זאָל די ייִדישע קולטור אויסגיין. איך ווענדע זיך צו אלע ייִדן אונטערצוהאלטן די ייִדישע קולטור ביכלאל און אונטערשרײַבן זיך אף דער ייִדישער פּרעסע ביפראט.

יאָ, דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" קאָסט איצט עטוואָס טײַערער, נאָר מע טאָר ניט דערלאָזן, סע זאָל זיך פארקלענערן דער טיראזש, פארקערט, מע דארף שאפן מערער לייענער.

מײַן מיינונג, אז ווער פון די אווטאָרן פונעם זשורנאל קאָן, זאָל זיך אָפּזאָגן פונעם האָנאָראר, ווער ס'פארמאָגט, זאָל געבן צדאָקע־געלט, קעדיי אונטערצוהאלטן דעם זשורנאל. דאָס איז ווינטשנסווערט צו טאָן, ביכדיי דאָס געדרוקטע ייִדישע וואָרט זאָל בלײַבן לעבן.

אויב מײַן נאָטיץ וועט זײַן אָנגעדרוקט אין זשורנאל, שענק איך דעם האָנאָראר פאר א באַליביקן קינפטיקן לייענער, וועלכער האָט ניט קיין מעזומען אף אויסצושרײַבן „סאָוועטיש היימלאנד".

יאָסל ברענער,
מילכאָמע־אינוואליד,
קיִעוו

# ליבע ייִדישע שרײַבער

ס'איז עפּשער ניט קעדײַ צונעמען בא אײַך צײַט אף פלאַפּלערײַען פון א ייִדענע פון א גאַנץ יאָר, נאָר דאָך וועל איך שרײַבן, און איר ווי איר ווילט.

דער ערשטער ייִדישער שריפטשטעלער, מיט וועלכן עס האָט מיך באַהעפט מײַן גורל, איז געווען שנייער (אָקון) — אונדזער לערער פון ליטעראַטור אפן ארבעטער־פאַקולטעט באַם נײַ־פּאָלטאַווער לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט. צום אַלעם ערשטן האָט ער אונדז ארופגעפירט אפן געדאַנק ליב צו האָבן און שעצן ניט נאָר די ליטעראַטור, אײַך קולטיווירן אין זיך דערעכערעץ צו אירע שעפער. און דאָס איז בא מיר פארבליבן אפן גאַנץ לעבן.

דער כאַווער שנייער האָט אונדז געלייענט ליטעראַטור ניט בלויז לויט דער פּראָגראַם, „פון און ביז". ער האָט עס געטאָן א סאַך טיפער און ברייטער. איך געדענק, ווען ער האָט אונדז באַקאַנט מיט דאַוויד האָפּשטיינס שאַפונג, האָט ער קוידעמקאָל איבערגעלייענט „אין ווינטער־פארנאַכטן", גיכער אויסגעזונגען מיט זײַן אייגענעם ניגן. אָט דער ניגן וועפּט זיך ניט אויס בא מיר שוין אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן.

צו שנייערן אין קאַבינעט פלעגן אָפט קומען דער שרײַבער נאָטע לוריע מיטן דיכטער אײַזיק הובערמאַן, צומאָל אפילע צוזאַמען מיט זייערע קינדער און פרויען. שטענדיקע ארײַנגייער צו שנייערן זײַנען געווען די ליטעראַטן כאָנע ווײַנערמאַן, ארן וואָראָבייטשיק, שמועל העלמאָנד, די אַקטריסע לייע בוגאָווע. פון קיִעוו און מאָסקווע פלעגן קומען דאַוויד האָפּשטיין, פּערעץ מאַרקיש, דער פּראָפעסאָר בילאָוו, יעכעזקל דאָברושין.

אירמע דרוקערן האָב איך געזען קימאַט טאָגטעגלעך אין מעשעך פון די יאָרן 1931 — 1938, ווען ער פלעג גיין פון דער רעדאַקציע „אָדעסער ארבעטער" צו זײַן כאַווער און מיטדענקער שנייער (אָקון).

דאָס ערשטע מאָל האָב איך דרוקערן געהערט ריידן אף א ליטעראַרישן אָוונט בא דער ייִדישער אקאַדעם־ביבליאָטעק, ווען עס האָט געלייענט קאַפּיטלען פון זײַן ראָמאַן „פּאַראַקערטע מעזשעס" דער שרײַבער עלי שעכטמאַן. נאָך דער באַהאַנדלונג האָט אירמע דרוקער געמאַכט אַן אויספיר, אַז דער ראָמאַן איז א הויך קינסטלערישער, א פרײַדיקע דערשײַנונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אײַך ווען דער פּאָעט שמועל העלמאָנד האָט געלייענט זײַנע לידער, האָט דעם ליטעראַרישן אָוונט געפירט אירמע דרוקער.

נאָך אף איין אומפאַרגעסלעכער באַגעגעניש מיט די ייִדישע שרײַבער אין אָדעס איז דרוקער געווען דער פּאָרזיצער. דעמאָלט איז דער ערשטער ארויסגעטראָטן מיט זײַנע באַרימטע „יאַטן" איציק פעפער. נאָך אים האָט דער ניט הויכער, זשוואַווער, אונטערטאַנצנדיקער איזי כאַריק פאָרגעלייענט זײַן פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס". פּערעץ מאַרקיש האָט דעקלאַמירט זײַנע „ברידער". דער הויף פונעם קולטור־הויז איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן. אייניקע זײַנען געזעסן און געשטאַנען אף די דעכער פון די דערנעבנדיקע מויערן. ווען מיר זײַנען ארויס אף דער גאַס, איז זי געווען פארפלייצט מיט אַן אוילעם.

בא מיר האָט זיך פארהיט אירמע דרוקערס א בריוו, כ'וועל קיינמאָל ניט פארגעסן זײַן ווינטשעוואַניע אין אָט דעם בריוו. „זײַט נאָך יאָרנלאַנג א באַדאַרפער, — האָט ער מיר געווינטשט, כ'מיין, גיכער פאַר אַלץ, אָנגעזאָגט, — און קיינמאָל ניט פון די גאָרנישט פארלאַנגער. באַדאַרפט א סאַך! פארלאַנגט אַזויפיל, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זײַן פאַר אײַך ענג"...

מײַן ראָמאַן מיט דער ייִדישער ליטעראַטור דויערט.

דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אפן 1991 האָב איך אויסגעשריבן באַצײַטנס.

ס. ברייטמאַן,
קאַלינינגראַד, מאָסקווער געגענט

# ניט געקוקט אף דער פרײַז

מיר וווינען אין קאַזאַלינסק. אַמאָל פלעג מען זאָגן — אין אויסרײַסעניש. איין ייִדישע מישפּאָכע, ניטאָ מיט וועמען א וואָרט אויסצורעדן. בלויז איין ברייִרע — דער ייִדישער זשורנאַל. ער גייט אָבער ניט רעגוליאַרנע. מיר פארשטייען, אַז מיט פּאַפּיר האַלט בא אונדז שמאָל. אָבער מיר וואַרטן, אַז די לאַגע וועט זיך פארבעסערן.

א שאָד, וואָס א סאַך ייִדן פאָרן ארויס — אַהין...

צי קאָן די רעדאַקציע פון אונדזער זשורנאַל מיטהעלפן, אַז די טעלעוויזיע זאָל באַווײַזן וואָס מער טראַנסליאַציעס אף ייִדיש?

סיאָמע און מאַניע לאַקש,
קאַזאַלינסק,
קזיל־אָרדינער געגנט

# טוט א טויווע

עס שרייבט אייך א לייענער, מע רופט מיך יִס־ראָעל בען מייער, כ׳בין אלט 85 יאָר, אן אינוואַ־ליד. כ׳אבאָניר זיך אפן זשורנאל און לייען אים שוין קנאפע דרייסיק יאָר.

עמעס, ס׳איז שווער אָנקלייבן אלע נומערן, ניט אלע קומען אָן. יעדן יאָר דערגיס מיר ניט די פּאָטשט א פּאָר נומערן. פאַרוואָס, ווייס איך ניט. קיינער קאָן מיר אף מיין פראגע ניט ענטפערן.

ביז אהער פלעגן מיר .מיינע פריינט פון ווילנע און מאָסקווע ארויסהעלפן פון אָט דער צאָרע. בא היינטיקן טאָג איז ניטאָ, ווער עס זאָל העלפן. אלע פריינט מיינע זיינען ארויסגעפאָרן קיין יִסראָעל.

איך בעט אייך, שיקט מיר ארויס דעם ניינטן נומער פארן 1990. איך וועל קיין באלכויוו ניט בלייבן, זייט אזוי גוט און טוט מיר די טויווע.

דעם זשורנאל לייענען מיר אָפּט אין א קרייז פון א סאך יִדן אזעלכע, ווי איך. צום באדויערן, קענען נאָך פיל פון זיי ניט לייענען יִדיש. א כאר־פּע, אָבער עס איז אזוי.

און וואָס וועט זיין וויַיטער?

**אי. טאגער,**
האָמעל

# עפעס מוז מען פאָרנעמען

שוין צוויי יאָר לייענען מיר דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד". ער איז אן אָביעקטיווער און אינהאלטספולער. מיר שעפּן אין אים קערנדי־לעך פונעם פארגעסענעם יִדישן לעבן, פון דער יִדישער קולטור.

איך און מיין מאן האָבן זיך געלערנט אין א דאָרפישער יִדישער שול נאָך פאר דער מילכאָמע. פאר די יאָרן, וואָס זיינען דורכגעפלויגן פון דעמלט אָן, האָבן מיר אין דער שוויַיגעניש פארגעסן, וויַאזוי מע לייענט ריכטיק אף יִדיש און וויַאזוי מע פאר־שטייט דאָס איבערגעלייענטע.

מיר האָבן זיך שטארק דערפרייט, ווען דער זשורנאל האָט אָנגעהויבן צו אונדז אָנקומען. מיר באקומען אים אָבער מיט גרויסע פארשפּעטיקונגען.

מיר וואָלטן זיך צו אייך ניט געווענדט, נאָר בא אונדז אף דער פּאָטשט פארשטייט מען ניט, אז יעדער נומער פונעם זשורנאל איז פאר מיר און פאר מיין מאן צו גאָלד גלייך.

עפעס מוז מען טאָן, קעדיי די אבאָנענטן זאָלן דערהאלטן „סאָוועטיש היימלאנד" צו דער צייַט.

האָט ניט פאריבל אף אונדז.

**די דונאיעווקיס**
דניעפּראָדזערזשינסק,
דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט




יויסעף פלאוויוס

# די ייִדישע מילכאָמע

<u>דאָס נײַנטע קאפיטל</u>

### אריסטובול און זײַן זון אלעקסאנדער דערהארגעט. — אנטיפאטר גייט אריבער נאָך פומפּיוסעס טויט אף צעזארס צאד. — זײַנע גוווּרעס

1. נאָך דעם ווי פּומפּיוס אינײנעם מיטן סענאט זײַנען אנטלאָפן געוואָרן איבערן יאָנישן יאם און צעזאר איז געוואָרן דער מוישל איבער רוים און איבער דער גאנצער מעלוכע, האָט ער באפרײַט אריסטובולן פון טפיסע, געגעבן אים צווײ לעגיאָנען און אוועקגעשיקט אים אײַליק קײן סיריע, מאכמעס ער האָט געהאָפט דורך אים צו מאכן אונטערטעניק צו זיך די דאָזיקע פּראָווינץ אינײנעם מיט גאנץ מאלכעס-יעהודע. נאָר די קינע האָט צעשטערט אריסטובולס גוטן ראָצן און צעזארס האָפענונגען. פּומפּיוסעס אָנהענגער האָבן אריסטובולן פארסאמט. א לאנגע צײַט איז ער אפילע צו קווורע ניט געקומען אין זײַן געבוירן-לאנד; מע האָט זײַן גוף געהאלטן אין האָניק, ביז וואנען אנטאָניוס האָט אים אָפּגעשיקט צו די ייִדן, ביכדיי זיי זאָלן אים מעקאבער זײַן אין קיניגלעכן קוואָרים-הויז.

2. און זײַן זון אלעקסאנדער איז אויך אומגעקומען: אים האָט געקעפּט מיט א האק סציפּיאָ אין אנטיוכיע. אויסגעפירט איז געוואָרן אף אים די דאָזיקע טויט-שטראָף לויט פּומפּיוסעס שריפטלעכן באפעל, נאָך דעם ווי מע האָט דערוועקט קעגן אים א פאָרמעלע באשולדיקונג דעריין, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן פײַנטלעכע מײַסים בענעגייע צו די רוימער.

זײַנע ברידער האָט צוגענומען טאלמי, דער זון פון מענויס, דער מוישל פון קאלקיס, וואָס ליגט באם פוס פון ליוואנאָן — ער האָט געשיקט נאָך זיי אין אשקעלאָן זײַן זון, פיליפּיאָן. דעם לעצטן האָט זיך אײַנגעגעבן צו צעשיידן אנטיגנוסן מיט זײַנע שוועסטער פון זייער מוטער, אריסטובולס אלמאָנע, און צו ברענגען זיי צו זײַן פאָטער. פיליפּיאָן האָט זיך אײַנגעליבט אין דער ייִנגסטער שוועסטער און האָט מיט איר כאסענע געהאט. נאָר פון אירטוועגן איז ער געוואָרן דערהארגעט דורכן אייגענעם פאָטער, וואָס האָט דערנאָך אליין

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד” נום. 1, 3, 4, 1991.

כאַסענע געהאַט מיט אַלעקסאַנדרען און מאַכמעס דעם דאָזיקן שידעך האָט ער זיך פאַרהאַלטן מיט גרויס פרײַנטשאַפט צו די ברידער.

3. נאָך פּומפּיוסעס טויט האָט אַנטיפּאַטער אומגעביטן זײַן מאַסקע און האָט אָנגעהויבן צו כאַנפענען זיך צו צעזאַרן. בעשאַס מיטרידאַטעס (מתרדת) פון פּערגאַמאָן, וואָס האָט מיט זײַן כאַיל געײַלט קיין מיצראַיִם, איז געצוווּנגען געווען אָפּצושטעלן זיך נעבן אַשקעלאָן, מאַכמעס מע האָט אים פאַרצאַמט די דורכגאַנגען אין פּעלוסיום, — האָט דעמלט אַנטיפּאַטער געפויעלט בײַ זײַנע גוטע פרײַנט די אַראַבער, זיי זאָלן אים קומען צו הילף, און איז אַליין צוגעשטאַנען צו אים בעראָש פון אַ יִידישן כאַיל פון 3.000 מאַן. כוץ דעם, האָט אַנטיפּאַטער אופגעהויבן אַף די פּיס די סירישע מוישלים, און אויך טאַלמין און יאַמבליכוסן, וואָס האָבן געוווינט אַפן באַרג לעוואַנאָן און וואָס אונטער זייער אײַנפלוס זײַנען די אָרטיקע שטעט גערן צוגעשטאַנען צו דער מילכאָמע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן. אופגעמונטערט דורך דעם, וואָס זײַנע קרעפטן זײַנען אַזוי פיל אויסגעוואַקסן, פאַרוואָס ער האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען אײַנגאַנצן אַנטיפּאַטערן, האָט מיטרידאַטעס זיך געלאָזט גיין צו פּעלוסיום, און העיויס ווי דאָרט האָט מען אים ניט געלאָזט פרײַ דורכגיין, דעריבער האָט ער באַלאַגערט די דאָזיקע שטאָט. בײַם אײַנעמען די לעצטע האָט זיך מער פון אַלעמען אויסגעצייכנט אַנטיפּאַטער, וואָס האָט דורכגעבראָכן דעם טייל מויער, וואָס איז אויסגעקומען אַף זײַן כיילעק, און איז דער ערשטער מיט זײַן אָפּטיילונג אַרײַנגעדרונגען אין שטאָט.

4. האַגאַם פּעלוסיִוס איז שוין געווען אײַנגענומען, נאָר דער כאַיל האָט אין זײַן ווײַטערדיקער באַוועגונג ווידעראַמאָל באַגעגנט אַן אָפּהאַלט מיצאַד די עגיפּטישע יִידן, וואָס האָבן געהאַט פאַרנומען די געגנט, וועלכע ווערט אָנגערופן כוניִוסעס פּראָווינץ. נאָר אַנטיפּאַטער האָט בײַ זיי געפויעלט, אַז די, וואָס זיי זאָלן אופהערן אַנטקעגנצושטעלן זיך, נאָר זיי זאָלן נאָך צושטעלן פאַרן כאַיל קאַלערליי עסנוואַרג, וואָס פאַר אים איז נייטיק. אָט דערפאַר טאַקע האָבן אויך די יִידן, וואָס ווױנען אַרום מעמפיס, ניט אַרויסגעוויזן קיין שום ווידערשטאַנד און זײַנען צוגעשטאַנען מיטן גוטן ווילן צו מיטרידאַטעסן. דער לעצטער איז געגאַנגען אַרום דער דעלטאַ און האָט געגעבן אַ שלאַכט די איבעריקע עגיפּטער אין דער געגנט, וואָס ווערט אָנגערופן דער יִידישער לאַגער. דאָ איז ער מיט זײַן רעכטן פליגל געשטאַנען אין אַ גרויסער סאַקאָנע, וואָס פון איר האָט אים מאַצל געווען אַנטיפּאַטער, וועלכער איז געקומען צו לויפן צו אים פאַזע ברעג טײַך, און אין דער זעלביקער צײַט האָט דער לינקער פליגל גויווער געווען דעם סוינע. דערנאָך האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אַף די פײַנט, וואָס האָבן נאָכגעיאָגט מיטרידאַטעסן, האָט פאַרטיליקט אַ באַדײַטנדן טייל פון זיי און די איבעריקע האָט ער אַזוי ווײַט פאַרטריבן, אַז ער האָט געקאָנט פאַרכאַפּן זייער לאַגער. ער האָט אָנגעווירן פון זײַנע מענטשן בלויז 80, מיטרידאַטעס אָבער בעשאַס זײַן לויפן — 800 מאַן. מיטרידאַטעס, וואָס איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן אַזוי אומגעריכטערהייט, האָט דערציילט צעזאַרן דעם גאַנצן עמעס וועגן אַנטיפּאַטערס גוווּרעס און האָט דערבײַ ניט אַרויסגעוויזן קיין שום קינע.

5. צעזאַר האָט געכאַנפעט אַנטיפּאַטערס אייגנליבע, לויבנדיק אים, און האָט אים אופגעמונטערט צו ווײַטערדיקע גווורעס. און אינדערעמעסן האָט זיך אַנטיפּאַטער טאָמיד אַרויסגעשטעלט פאַר זייער אַ מוטיקן קעמפער. קימאַט זײַן גאַנצער קערפּער איז געווען באַדעקט מיט ווונדן, וואָס האָבן איידעס געזאָגט וועגן זײַן מוט. שפּעטער, אַז צעזאַר האָט געזיכערט דעם מאַצעוו אין מיצראַיִם און האָט זיך אומגעקערט קיין סיריע, האָט ער באַלוינט אַנטיפּאַטערן מיטן טיטל רוימישער בירגער און באַפרײַט אים פון אָפּצאָלונגען. אַרויסווײַזנדיק צו אַנטיפּאַטערן סימאָנים פון פרײַנטשאַפט און גענאָד, האָט צעזאַר אַרויסגערופן בײַ אַנדערע אַ געפיל פון קינע צו אים. אַנטיפּאַטערן צוליב האָט צעזאַר באַשטעטיקט הורקנוסן פאַר אַ קויהען-גאָדל.

(פאָרזעצונג קומט)



# רעדנסאַרטן וועגן ייִדישע מײַכאָלים

## די וואָכעדיקע מײַכאָלים אין דער שפּראַך(2)

פּוטער

„ער באָדט זיך אין פּוטער און אין האָניק", „באָדט זיך ווי א קעז אין פּוטער". ווען איינער האָט פאַרגעניגן, נאָכעס זאָגט ער: „אין פּוטער שמעלץ איך מיך". ווען א געשעפט גייט גוט, זאָגט מען: „עס גייט ווי אף פּוטער". ווען איינער נעמט צו דעם גאַנצן פאַרדינסט, פרעגט מען: „לעמײַ זאָל יענער צונעמען די גאַנצע פּוטער? פאַרשטענדלעך גענוג איז דאָס זאָגן: „ווייך ווי פּוטער". ווען איינעם געפעלט עפּעס ניט, זאָגט מען אים מיט פאַרדראָס: „טו דיר אַרײַן שמאַלץ אין דעם טאָפּ און פּוטער אפן קאָפּ"[1]. אז ס'איז ניטאָ קיין אייצע צופאַרבעסערן דעם אייסעק, זאָגט מען: „כאָטש טו דיר פּוטער אַרײַן". מע זאָגט אויך: „ס'געפעלט דיר ניט, טו דיר צו פּוטער, טו דיר צו זאַלץ".

ווען איינער האָט בא א געשעפט קיין גליקן שוין ניט געמאַכט, זאָגט מען מיט איראָניע: „ער האָט קיין פּלעצלעך מיט פּוטער ניט געגעסן". עס איז דאָ נאָך א שפּריכוואָרט: „אז מע שלאָגט, שלאָגט מען אויס פּיטער".

האָניק

מיר האָבן פון האָניק א שיין ביסל רעדנסאַרטן. „זיס ווי האָניק", „האָניק-זיסע ייִערטער". ווען איינער האָט שלעכט פון א געשעפט אָפּגעשניטן, הייסט עס: „ער האָט דאָ קיין האָניק ניט געלעקט". ווען עס האַלט מיט א געשעפט שמאָל, זאָגט מען: „קיין האָניק וועלן מיר דאָ שוין ניט לעקן". אף איינעם, וואָס זײַן וועג איז ניט געווען אויסגעשפּרייט מיט רויזן, זאָגט מען: „זײַנע יאָרן זײַנען ניט דורכגעגאַנגען אין האָניק און אין פּוטער געשמירט". מע זאָגט אויך אף ייִדיש: אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק".

שאָלעם-אַלייכעם שרײַבט אויך: „דער ערשטער כוידעש, דער האָניק-כוידעש, ווי מע רופט עס". ס'שײַנט אָבער, אז דאָס איז ניט ייִדיש, נאָר פּאַשעט איבערגעזעצט. אף ייִדיש זאָגט מען, ווי בא פּערעצן, אַנשטאָט דער „האָניק-כוידעש" די „קוש-וואָך".

בא א. בערנשטיינען געפינען זיך נאָך איינִיקע שפּריכווערטער, וואָס באַציִען זיך צו האָניק. מיר וועלן דאָ ברענגען בלויז איין רעדנסאַרט: „ווייך ווי א האָניק-טייגל". מע זאָגט אויך סטאַם: „ווייך ווי א טייג". אף צוויי גלײַכע מענטשן זאָגט מען: „פון איין טייג געקנאָטן".

הייוון

האַלטנדיק בא טייג, וועלן מיר שוין רעדן אויך וועגן הייוון:

מע זאָגט: „ער וואַקסט ווי אף הייוון". מע זאָגט אויך: פונוואַנען נעמט מען אַזעלכע פאַרשוינען, אף וועלכע הייוון ראָשטשינעט מען זיי און אף וואָסער אויוון באַקט מען זיי?"

---

ד׳ פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 1 — 4, 1991.

[1] א. בערנשטיין. דאָס האָט אָפּנעם א שײַכעס צו דעם, וואָס פאַרכעס פלעגט מען אויסשמירן מיט פּוטער. אַזוי האָבן מיר בא לינעצקין א רעדנסאַרט: „מיט אונדזער פּוטער פרעמדע פאַרכעס שמירן?"

דאָס טייגל יוירט פון הייוון. מאשקע, ווי ווײַן, יוירט אויך. אופגעקלערטע נײַ־מאָדיש געלערנטע, האלבע אפּיקאָרסים, פלעגט מען רופן: „אופגעיוירענע". פּערעץ דערציילט וועגן דער האסקאָלע־צײַט: „ס'האָט אָנגעהויבן צו יוירן בא אונדז, אח געיוירט האָבן מיר..."

זאלץ

עס איז פארשטענדלעך, אז אף א זאך אָן טאם זאָגט מען: „ס'איז אָן זאלץ און אָן שמאלץ".

אף א מענטשן, וואָס איז ניט איבעריק קלוג, זאָגט מען: „ער איז א ביסל ניט דערזאלצן". אייגנטלעך, קאָן עס הייסן פּאָשעט: „ער איז ניט אינגאנצן פארטיק". די זאך איז אָבער טיפער, ווי מע מיינט. שוין בא די אלטע גריכן האָט „זאלץ" באטײַט „כאָכמע". אזעלכע רעדנסארטן מיט „זאלץ" באגעגנט מען אויך אין טאלמוד. און זאלץ איז ניט בלויז כאָכמע, נאָר אויך געזונט. זע בא שאָלעם־אלייכעמען: „א געזונט דיר אין בויך, א זאלץ אין די ביינער". ניט קיין גוטע זאך איז אָבער „זאלץ אין די אויגן". ווען איינער זאָגט צום בײַשפּיל: „א היפּשע מישפּאָכע בא אײַך, נויעך!", זאָגט צו אים דער רעב נויעך: „זאלץ דיר אין די אויגן!"

נאָך ערגער איז מיטן „זאלץ אף די ווונדן"[2]. מע קאָן אויך „אָנזאלצן א מעקעך" (שאָלעם־אלייכעם).

„איבערציִען ס'שטריקל" הייסט אויך — „איבערזאלצן", „אָנזאלצן"; בא מענדעלע מויכער־ספאָרים — אויך „אָנלערנען" איינעם. אזוי שרײַבט ער: „רעב יאנקעוו האָט זיך דענסטמאָל געגעבן דאָס וואָרט ביניאָמינען אָנצוזאלצן, אז אייביק זאָל עס אים ליגן אין טאם".

מע זאָגט אויך בא דינעזאָנען: „דער גאָט, וואָס האָט געהאָלפן אף זאלץ, וועט העלפן אף פעפער אויך".

זאלץ עסט מען קיין סאך אף איין מאָל ניט אוף. ווילנדיק זאָגן, אז מע וועט בא איינעם זיך לאנג ניט קענען האלטן, זאָגט מען: „איר וועט בא אים קיין טון זאלץ ניט אופעסן".

מע זאָגט אויך: „מע קאָן ניט א מענטשן דערקענען, ביז מע עסט ניט מיט אים צוזאמען אוף א פעסל זאלץ".

זאלץ צעגייט זיך אין וואסער, דעריבער זאָגט מען זייער בילדלעך אף מענטשן אויך: „זיי זײַנען זיך צעגאנגען, ווי זאלץ אין וואסער", און פּערעץ שרײַבט: „ווי זאלץ אין וואסער צעגייט זיך ס'שטעטל"[3].

מע רעדט אײַן קינדער, אז מע קאָן כאפּן א פייגעלע אָדער א מײַזל, שיטנדיק זאלץ אפן שווענצל. די לייצאָנעס שטעקט דערינען, וואָס דאָס פייגעלע אָדער ס'מײַזל ווילן דאָך ניט וואַרטן ביז מ'קומט צו זיי אזוי נאָענט צו, נאָר זיי אנטלויפן פריִער. און מעגלעך, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א רעשט פון עפּעס אן אלטן אָבערגלויבן.

מע זאָגט דעריבער אף א נארישער סגולע און אייצע: „דאָס איז אזא מיטל, ווי אָנשיטן זאלץ א פייגעלע אפן ווײדעלע, קעדיי עס צו כאפּן".

בעשאס א יאריד פלעגן די פּויערים קומען אין שטאָט ארײַן קויפן הויפּטזאכלעך זאלץ, דען אלע אנדערע לעבנס־מיטלען האָבן זיי דאָך נאָך געהאט צו פארקויפן. דערפון זאָגט מען: „אז מע פאָרט אף א יאריד אָן געלט, קומט מען אהיים אָן זאלץ".

דאָס זאלץ פלעגט די רעגירונג אָפּגעבן אף ארענדע. דאָס אָרט, ווו מע פלעגט עס פארקויפן, האָט זיך גערופן אף פּויליש «Zupa».

די ארענדארן — די גרעסטע פּריצים פון לאנד, ווי די לובאָמירסקיס און וויעלאפּאָלסקיס — זײַנען דערפון רײַך געוואָרן. דעריבער זאָגט מען אף יִידיש אף איינעם, וואָס לייזט א סאך געלט: „ער זשאָבט".

---

[2] די דאָזיקע רעדנסארט האָט איר אָפּשטאמונג אין די פארצײַטיקע אינקוויזיציעס און בארבארישע שטראָפן. זע אָבער בא לינעצקין „ניט טויט ניט לעבעדיק". אויך אינעם כיידער פלעגט מען מאכן אזעלכע עקזעקוציעס איבער טאלמידים און צווישן איין שמיץ צום אנדערן פלעגט מען באשיטן מיט זאלץ די ווונד.

[3] בא שאָלעם־אלייכעמען: „איר זאָלט אײַך די מינוט צעגיין, ווי זאלץ אין וואסער".



זיכרוינעס וועגן א כאַווערס פּאָרטרעט.

Воспоминание о портрете друга.

# מאַרק פּאָליאַקאָוו

געבוירן געוואָרן אין 1948 אין טביליסי, ווו ער האָט אין 1973 פאַרענדיקט דעם פאַקולטעט פון גראַפיק אין דער אַקאַדעמיע פון קונסט. מיטגליד פונעם קינסטלער־פאַריין פון פססר. אַרבעט אין געביט פון מאָלערײַ, גראַפיק, ביכער־איליוסטראַציע און טעאַטראַלער קונסט. וווינט אין טביליסי.



א פרוי.

Женщина.



שטעמפּלען פֿון פֿרייד.

Печати радости.



אליא.

Алия.

# МАРК ПОЛЯКОВ

Родился в 1948 г. в Тбилиси, где в 1937 окончил факультет графики Академии художеств. Член Союза художников СССР. Работает в области живописи, графики, книжной иллюстрации и сценографии. Живет в Тбилиси.

— Стоят! — сказал царь и присудил, чтобы ответчик вернул земляку яйцо и сорок золотых монет в придачу.

А слово царя — закон.

Вышли оба из царского дворца; один, веселый и довольный, пошел к себе домой, а другой сел у ворот дворца и заплакал.

В это время у ворот играл Соломон, сын Давида, еще не царь, а маленький мальчик. Увидел Соломон, что какой-то старик сидит и плачет, подошел к нему и спросил:

— Отчего ты плачешь? Какая беда с тобой приключилась?

Рассказал ему старик про съеденное яйцо и про царское решение и добавил:

— Даже если я продам все свое имущество, не набрать мне сорока золотых монет...

— Не плачь, вставай, — сказал Соломон. — Завтра утром приходи под стены города с миской вареной фасоли и сделай вид, будто сеешь. А когда стражники спросят тебя, что ты делаешь, отвечай: сею вареную фасоль.

Старик так и сделал. Услышали стражники, что он сеет вареную фасоль, и принялись хохотать. А старик и на следующий день пришел сеять. И на третий тоже. И скоро весь Иерусалим знал, что какой-то чудак сеет фасоль под городской стеной. И дошел слух об этом до самого царя.

— Приведи его ко мне! — сказал царь.

Привели старика к царю.

— Что ты делаешь, безумец? — спросил Давид. — Зачем ты сеешь вареную фасоль?

— Из каждой фасолины у меня вырастут сорок новых фасолин. Когда они созреют, я соберу их и посею снова. Из каждой посеянной фасолины снова вырастут сорок фасолин...

— Глупец! — сказал Давид. — Из вареной фасоли ничего не может вырасти.

— Если из вареного яйца может вылупиться цыпленок, то и от вареной фасоли можно получить хороший урожай! — возразил старик.

Вспомнил царь свое решение и смутился. Велел привести к нему того, кому присудил он сорок золотых монет.

— О какой прибыли ты говорил? — спросил царь грозно. — Ведь из вареного яйца не может вывестись цыпленок!

— Царь! — ответил тот спокойно. — Я не скрыл от тебя, что яйцо было вареное, но все-таки ты присудил мне сорок золотых монет. А разве слово царя не закон?

— Слово царя — закон! — ответил Давид. — И ты получишь с этого человека сорок золотых монет тогда, когда он соберет урожай с той фасоли, которую теперь посеял!

*Пересказала на русском языке Ора ШИР*

И вдруг услышал над ухом жужжание:

— Ж-ж... Ж-жжу... Я тебе укаж-жу...

Смотрит, вьется над цветами малая пчелка. Покружила, покружила и села на один из букетов.

— Вот настоящие цветы! — воскликнул Соломон.

Удивилась царица, как ему удалось разгадать и эту загадку, но делать нечего — пришлось ей признать Соломона мудрейшим из людей.

## ЯЙЦО И ФАСОЛЬ

Говорят, эта история началась в те далекие времена, когда Давид, отец Соломона, не стал еще царем Израиля и даже не победил Голиафа.

Шли однажды два человека из всего селения, что в пределах колена Дан, в город Бет-Лехем. Устали они в дороге и съели все, что у них было. У одного осталось лишь два вареных яйца, а у другого вовсе ничего не осталось.

— Дай мне одно яйцо из тех двух, что у тебя есть, — попросил один другого.

— Ну что ж, держи. Только обещай, что вернешь мне одолженное со всей прибылью, какую оно могло бы принести.

«Какую такую прибыль может принести одно яйцо? » — подумал бедняга и тотчас дал обещание.

Сели оба в тени под деревом, что росло у дороги, подкрепились яйцами, а потом встали и пошли дальше. И благополучно прибыли в Бет-Лехем. И ни один не вспомнил про одолженное яйцо.

Прошло много лет. Давид стал царем, отстроил город Иерусалим и восседал на царском престоле, окруженный почетом и роскошью.

И вот явились в царский дворец два старика и попросили, чтобы царь рассудил их.

— Видишь ли ты этого человека, царь? — сказал один. — Много лет назад шли мы с ним из пределов колена Дан в город Бет -Лехем. Дорогой взял он у меня яйцо и пообещал, что вернет одолженное со всей прибылью, какую оно может принести.

— Я не отказываюсь вернуть яйцо, — сказал второй. — Но о какой прибыли он толкует?

— Из одного яйца может вывестись одна курочка, — продолжал первый. — Одна курочка может снести сорок яичек. Из сорока яичек могут вывестись сорок курочек. Сорок курочек могут снести по сорок яичек каждая. Из каждого яичка может вывестись курочка...

— Хватит, хватит! — прервал его царь. — говори толком, чего ты хочешь, да покороче.

— Хочу, чтобы он возместил мне убыток. Рассуди царь, разве мои куры и яйца не стоят сорока золотых монет?

— Прости, царь, если я снова согрешила перед тобой, — вздохнула пчелка. — Но если ты действительно так мудр, как о тебе говорят, ты должен знать, что и самое крохотное существо вроде меня может причинить великий вред...

— О, это я знаю! — воскликнул Соломон и пощупал свой распухший нос.

— Но порой также может и выручить из беды... И даже такого великого и мудрого царя, как ты.

Не удержался Соломон и рассмеялся.

— Это ты-то, пчела, можешь выручить меня из беды?..

Расхохотался царь, и весь его гнев пропал. Да и пристало ли великому владыке гневаться на малую пчелку?

— Так и быть, — сказал он пчеле, — лети себе с миром и больше не попадайся мне на глаза.

Обрадовалась пчела и полетела поскорее сообщить всем своим сестрам, что Соломон смилостивился над ними.

Много ли, мало ли времени прошло, но нос Соломона зажил и опять стал прекрасным, как роза, и душистым, как спелое яблоко.

И вот однажды прослышал царь, что за морем живет красавица-царица, царица Савская. Очень захотелось Соломону взглянуть на нее и узнать, правда ли так велика ее красота, как рассказывают люди. Послал он в землю Савскую гонцов с дорогими подарками и наказал им ни в коем случае не возвращаться обратно без царицы. Пусть приедет к нему в гости — себя показать и на него поглядеть.

Приняла царица приглашение и явилась в Иерусалим со всеми своими придворными, и министрами, и слугами, и служанками и еще захватила с собой шестьдесят мальчиков и девочек. Встретил ее Соломон с великими почестями и решил, что не лжет молва — нету на свете женщины красивее, чем царица Савская. Показал ей Соломон свой чудесный дворец и прекрасный сад, а потом принялся развлекать ее приятными беседами.

— Слышала я, — сказала царица, — что ни один смертный не может сравниться с тобой мудростью. Любопытно было бы мне самой убедиться в этом. Не согласишься ли ты разгадать мои загадки?

Согласился Соломон, и принялась царица Савская загадывать ему загадки — одну мудреней другой. Но сколько ни спрашивала, сколько ни хитрила и ни лукавила, на все находился у Соломона ответ, на каждую загадку была у него разгадка. Не осталось, наконец, у царицы ни загадок, ни вопросов. Тогда позвала она мальчиков и девочек, которых привезла с собой из земли Савской, и каждому дала в руки по букету цветов.

— Есть среди этих цветов настоящие, а есть искусственные, — сказала царица. — Если сумеешь указать, какие цветы настоящие, а какие искусственные, поверю, что ты, Соломон, и вправду мудрейший из людей.

Принялся Соломон ходить между детей. Приглядывался к цветам и принюхивался, принюхивался и приглядывался, но не мог отличить, какие из них настоящие, а какие искусственные.

# ЦАРЬ СОЛОМОН И ПЧЕЛА

Однажды в полуденный час отдыхал царь Соломон в своем прекрасном саду. Двое телохранителей стояли возле спящего повелителя — один справа, другой слева — и обмахивали его опахалами.

В это же самое время летела по прекрасному царскому саду маленькая пчелка и собирала нектар с цветов. Не заметила пчелка опахала и уселась отдохнуть царю на нос. Почувствовал Соломон, что кто-то щекочет ему нос, взмахнул во сне рукой и едва не прихлопнул пчелу. Испугалась пчела и со страху ужалила царя в нос. Мудрого Соломона, великого повелителя — и прямо в нос! Чего только не случается на свете...

Вскочил Соломон, как вскакивает всякий ужаленный человек, и глянул на своих телохранителей, как может глянуть только грозный владыка: так-то вы меня охраняете?!

Кинулись телохранители ловить пчелку, да не поймали. Хлопали-хлопали опахалами — один справа, другой слева — и все без толку!

А нос Соломона между тем раздулся и покраснел, как спелый гранат. И можно было только догадываться, как он горел и болел.

Наполнилось сердце царя гневом. Призвал он своих министров и сановников и приказал:

— Истребить всех пчел в пределах моего царства! Не надо мне ни их меда, ни их жала!

Услышали пчелы страшные слова царя и зажужжали в ужасе:

— Чего же ждать? Чего же ждать? Беж-жать, беж-жать...

— Подождите, — сказала маленькая пчелка, — я одна во всем виновата, я и предстану пред очи великого царя.

И предстала.

— О великий и мудрый Соломон! — сказала пчелка. — Я слышала, ты повелел истребить весь наш пчелиный род. Но это несправедливо. Я одна во всем виновата, меня одну и вели казнить. Но если прежде, чем произнести свой царский приговор, ты изволишь меня выслушать, я скажу, что вовсе не по злому умыслу ужалила тебя в нос. Нос твой был прекрасен, как роза, и душист, как спелое яблоко. Потому я и решила немного отдохнуть на нем. Все что случилось потом, — досадное недоразумение. Поверь, я не хотела причинить тебе никакого вреда.

— Я вижу, ты мастерица говорить, — усмехнулся Соломон. — Слова твои не менее сладки, чем твой мед. Но может ли великий и мудрый царь полагаться на речи льстеца?

Веселитесь, ликуйте, чтоб быть любимыми,
радуйтесь, радуйтесь, иудеи!
...Я был в Дамаске в древнем доме Иоффе.
На стенах —
фрески еврейской истории.
И нет на стенах Христа.
Но Голгофы!..
Голгофы были.
И много.
Здорово?
Евреи злые,
евреи знали,
что не евреи Христа распяли!
Скрывали, хитрые, все понимали,
все понимая,
миру давали
взамен Христа
других богов,
а им за тех богов —
Голгофу!
Евреи сбрили длинные пейсы.
Бороды сняли, как черное знамя.
Псалмы забыли,
еврейские песни.
Зря!
Все равно
еврея
узнали.
И научили еврея жить!
Я видел еврейское гетто в Европе.
Я вижу арабское гетто в Израиле,
арабов на улице дети пинают:
«За что вы того старика распинали?»
Я видел индийское гетто в Китае,
В Америке видел китайское гетто —
по всем континентам Христосы скитались,
впоследствии тихо распятые где-то.
Может, зря мы толчемся в этом аду?
Может, зря мы желаем
друг другу несчастий?
В душегубках глухих обывательских душ,
может, зря
нас кознят ежечасно!
Мы — Голодные, Бедные. Черные.
Есть — белее.
Мы в обложках цветных.
Есть зеленые, как салат.
Все обложки двадцатого века —
Шолом-Алейхем!
Мое имя сегодня ответом —
Алейкум Салам.

Догонит путь.
Не опускай глаза,
гляди в огонь.
Костер уже в агонии.
Гляди, любовь: лица не отвернуть.
Как тесно на земле моей великой!
Клич линча в пламени креста и крики.
Не говори, что это наш последний путь.

## МАРТ

В этой комнате — книжная полка.
Что за поэты в двадцатом столетье:
Бедный.
Голодный.
Скиталец.
Горький.
Черный. Белый.
Шолом-Алейхем.
Странное имя — Шолом-Алейхем.
Произношенье — Салам Алейкум!
«Мир и тебе, и тебе, и тебе! »
Это звучало, как — «пожалейте».
Что ж, пожалели.
Вошло в обиход
длинное, очень хорошее слово.
Оно на ингушском, чеченском, калмыцком,
на карачаевском, на балкарском,
на крымско-татарском, на месхетинском!
Трудно произносимое слово.
Тысячи лет его выговаривали.
Выговорили.
Пожалели.
Вчера Ватикан (о, великое время)
реа-били-тир-овал
еврея.
Оказывается, не евреи распяли Христа.
Значит, зря на кострах вас палили испанцы и немцы!
Зря построили, зря
Бухенвальд и Освенцим!
Зря громили тамбовские цезаря!
Все доказано,
радуйтесь,
это — зря!
Зря сегодня вы скажете:
были святыми.
Мир несчастный не любит
несчастных людей.

Олжас СУЛЕЙМЕНОВ

# ОТ ЯНВАРЯ ДО АПРЕЛЯ

*(Отрывок)*

## ЯНВАРЬ

*Песчаные карьеры Панеряй. Иди по узкой заснеженной просеке. Тебе укажут путь желтые фанерные стрелы надписей. Народы ушли по этой дороге.*

Поет на идиш девочка в Литве.
Два яблока, два кресла, рюмки две.
И кошка, впрыгнувшая на колено.
Крестом горят в камине два полена.

Пылающий веселый крест сосновый.
Мы оба тем крестом озарены,
дочь Моисея, внук Мусы.
И снова —
в лицо смолистым жаром старины.
Слов не понять, но слушаю литвинку.
Веселые, с усмешкой темпы гетто.
Армянский «двин», пронзительные вина,
сивухи, водки, вам бы горечь эту!..
Гортанный звук, настоенный в веках
в объемах уязвимых душ еврейских,
звук, разбивающий любой бокал,
звук черноглазый, как Христос на фресках,
распятый на губах девчонки, корчится.
А крест горит.
Когда все это кончится?
Под эту песню на гортанном идиш
я шел в снегу по пояс между соснами,
я шел путем, который не увидишь,
пока не станешь на него подошвами.
Ударом света лег последний путь,
Сквозь тьму костров и дымный треск расстрелов,
сквозь лес дорога привела к карьеру,
прямая, белая она, как луч.
Ни вбок бежать, ни повернуть назад —
путь, как прожектор, за тобой в погоню.

# БИРОБИЖДАН: ЕВРЕЙСКАЯ РЕСПУБЛИКА БЕЗ ЕВРЕЕВ?

Лишь одна из пяти автономных областей России еще не объявила себя республикой. Сейчас в Еврейской АО решают этот вопрос. Итак, быть ли новой республике и зачем?

Еще летом местная пресса называла эту идею смешной. Однако вскоре, по осени, не кто иной, как Борис Корсунский (бывший первый секретарь здешнего обкома КПСС, затем ставший председателем облсовета), заявил: «Несмотря на громкое название, область не может самостоятельно осуществлять свои права управления, оставаясь придатком края. Область должна быть полноправным субъектом Российской Федерации».

Идея, клеймившаяся «абсурдной», к началу нынешнего года стала реальностью. Президиум облсовета проголосовал за проект декларации государственно-правового статуса: область провозглашалась республикой. И это решение стало поводом для жесткой конфронтации с обкомом компартии. Тот, как водится, поднял волну «единогласных» рабочих собраний, в газете появились требования «всенародного референдума». Одним словом, после решений обкома президиум олбсовета дрогнул — снял вопрос с январской сессии Совета народных депутатов.

Таким образом, вопрос завис, имея, как и многие проблемы, две стороны. С одной, в области теперь делаются энергичные попытки национального возрождения евреев (по последней переписи в 1989 году их осталось 8.887 человек на 215.9 тысячи жителей). Появились детсады и еврейская воскресная школа, где изучают идиш и иврит. Для взрослых — клуб любителей еврейского языка «Мамэ-Лошн». Завоевал успех еврейский народный музыкально-драматический театр. Шумно, неоднозначно заявило о себе недавно созданное общество дружбы и культурных связей с Израилем, где председателем — журналист Леонид Школьник, народный депутат СССР и ЕАО.

С другой стороны, резко возросло число желающих выбраться в Израиль. В областном центре пришлось открыть собственный ОВИР. Свыше 900 билетов до Тель-Авива было заказано за год. 400 биробиджанцев уже нынче успели закупить бланки контрактов, чтобы уехать на работу в Соединенные Штаты. Несложно подсчитать, через сколько лет, при таких темпах выезда, область останется национальной лишь по вывеске. Но если начать спор с цифр — евреев 4.1 процента населения области, — то в облсовете возразят: «А в Горно-Алтайской автономной области и Корякском автономном округе, которые только что провозгласили себя республиками, удельный вес коренной национальности значительно меньше, чем у нас».

Аргумент ли это? Здесь, на территории 36 тысяч квадратных километров, в долинах рек Биры и Биджана, никогда не было исторических корней еврейского народа. Селили его сюда по-мичурински, наперекор природе. Во времена, когда антисемитизм фактически возводился в ранг государственной политики, вывезли в это болотистое междуречье эшелонами «добровольцев», чтобы продемонстрировать всему миру, как замечательно живется евреям в СССР. И сегодня дух сталинско-брежневских идей «советского интернационализма», «решение национального вопроса» зримо витает над столицей ЕАО — маленьким провинциальным городком, посреди которого отгроханы к какому-то очередному юбилею беломраморные дворцы филармонии и обкома, куда непременно ведут зачастивших сюда иностранцев...

У меня нет рецептов. До боли обидно, что уезжают из Биробиджана, из страны люди. Удержит ли их республика, или ее создание — это только повод для новых должностей и портфелей?

4-процентная национальная автономия — абсурд. Но многие нашли здесь чисто советское утешение: это далеко не единственная фикция, с которой мы в нашей жизни свыклись...

**Станислав ГЛУХОВ**
**(«Московские новости», № 10, 1991 г.)**

